א. ס. טורגעניעוו

# ערב מלחמה

## Накануне

ראמאן אין 35 קאפיטלען

איבערזעצט פון

צ. בודיש

מאקס נ. מייזעל

אידישער פארלאג פאר ליטעראטור און וויסענשאפט

424 גרענד סטריט, ניו יארק

1921



## .1

אין שאָטען פון א גרויסען בוים אויפ'ן ברעג פון דעם טייך
מאָסקווא, ניט ווייט פון קונצאָווא, אין איינעם פון די הייסעסטע
זומער־טעג, אין דעם יאָהר טויזענט אכט הונדערט דריי און פופציג,
זיינען געלעגען אויפ'ן גראָז צוויי יונגע מענשען. איינער פון א
יאָהר דריי און צוואנציג, הויך געוואקסען, א שוואַרץ־האָריגער מיט
א שארפען, עטוואָס אויסגעקרימטען נאָז, מיט א הויכען שטערן
און אָן איינגעהאַלטענעם שמייכעל אויף די ברייטע ליפען, איז
געלעגען אויפ'ן רוקען און פארטראכט געקוקט אין דער ווייטקייט,
לייכט אָנשטרענגענדיג דערביי זיינע קליינע גרויע אויגען; דער
צווייטער איז געלעגען אויפ'ן ברוסט. ער האָט אונטערגעשפארט
זיין געקרויזטען, העל־בלאָנדען קאָפּ מיט ביידע הענט און האָט אויך
געקוקט ערגעץ אין דער ווייט. ער איז געווען מיט דריי יאָהר
עלטער פון זיין חבר, אָבער ער האָט אויסגעזעהן פיעל אינגער;
זיינע וואָנצען האָבען זיך נאָך ניט פאָלשטענדיג פאָרמירט, א גע־
וויקס לייכט ווי פוך האָט זיך קוים באוויזען אויף זיין מאָרדע.
עס איז געווען עטוואָס קינדיש־ליעבעס, עטוואָס אָנציהענד־שעה־
נעס אין די קליינע שטריכען פון זיין פרישען רונדען פנים, און
אין זיינע זיסע אויגען און די שעהנע איינדרוקספולע ליפען און
ווייסע הענט. אַלץ אין איהם האָט געאָטעמט מיט דער גליקליכער
פרייד פון א פאָלקאָם געזונטען מענשען, אַלץ אין איהם האָט גע־
אָטעמט מיט יוגענד און זאָרגלאָזינקייט, מיט זעלבסט־גלויבען און
צולאָזענקייט; מיט איין וואָרט, ער איז געווען פול מיט יוגענד־
צויבער. ער האָט אפילו געפיהרט מיט די אויגען, געשמייכעלט
און אונטערגעשפארט דעם קאָפּ, אזוי ווי דאָס טוען אינגלאך, וואָס
ווייסען, אז אויף זיי פארקוקט מען זיך גערן. ער איז געווען אָנ־
געטאָן אין א ברייטען ווייסען מאנטעל, עהנליך צו א בלוזע; זיין
דינער האלז איז געווען ארומגעוויקעלט מיט א בלויען שארף און

זיין צוקנייטשטער שטרויענער הוט האָט זיך געוואַלגערט אַרום איהם אויפ׳ן גראָז.

אין פאַרגלייך מיט איהם האָט זיין חבר געמאַכט דעם איינ־דרוק פון אַ זקן; קיינער וואָלט ניט געגלויבט, קוקענדיג אויף זיין אומגעלומפּערטע געשטאַלט, אַז אויך ער קען הנאה האָבען פון דער נאַטור, און אַז איהם איז אויך גוט. ער איז געלעגען אַזוי מאָדנע אונבאַקוועם; זיין גרויסער, פון אויבען ברייטער און פון הינטען־פאַרשפּיצטער קאָפּ איז געוועז, ווי אַ פּרעמדער, עפּעס ווי נאַריש צוגעקלעפּט צו זיין לאַנגען האַלז; נאַריש אומבאַקוועם איז געווען דער גאַנצער געבוי סיי פון זיינע הענט סיי פון זיין גאַנצער קערפּער, וואָס איז געווען שטייף אַרומגעכאַפּט מיט אַ קורצען שוואַרצען ראָק. זיינע לאַנגע פיס מיט די אויפגעהויבענע קני האָבען דערמאָנט אָן די הינטערשטע פיסלאַך פון אַ היישעריק. און דאָך, ניט קוקענדיג אויף דעם אַלעם, האָט מען ניט געקענט ניט דערקענען, אַז דאָס איז אַ מענש מיט אַ גוטער ערציהונג; אַ שטעמפּעל פון אַנשטענדיגקייט האָט זיך געמערקט אין זיין גאַנ־צען אומגעלומפּערטען וועזען, זיין ניט שעהן, כמעט לעבערליך גע־זיכט האָט אויסגעדריקט די געוואוינהייט צו דענקען צוזאַמען מיט אַן אויסערגעוועהנליכער גוטסקייט. געהייסען האָט ער אַנדרעי פּעטראָוויטש בערסענעוו. דער נאָמען פון דעם העל־בלאָנדען יונ־גענמאַן, זיין חבר, איז געווען פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש שובין.

— וואָרום ליגסטו ניט, ווי איך, אויפ׳ן ברוסט? — האָט אָנגעהויבען שובין. — אַט אַזוי איז פיעל בעסער. באַזונדער ווען דו הויבסט אויף די אָפּצאַסען און קלאַפּסט מיט זיי איינע אין אַנ־דערען — אַט אַזוי. אַזוי האָסטו דאָס גראָז אונטער׳ן סאַמע נאָז; און ווען דיר דערעסט צו קוקען אויף דער לאַנדשאַפט — קענסטו ווענדען דיין בליק אויף אַ בייכיג פליגעלע און זעהן ווי עס קריכט אַרום איבער אַ גרעזעל, אָדער אויף אַ מוראשקע וואָס שמוגעלט אום אין איילעניש. באמת, אַזוי איז בעסער. זעה נאָר, האָסט איצט אָנגענומען כמעט אַ פּסעוודאָ־קלאַסישע פּאָזע, וואָס קוקט אויס, דיר־ניט, מיר־ניט, ווי אַ באַלעט־טענצערין וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן אַ קאַרטאָנענעם פעלז. אַט גיב נאָר אַ טראַכט. דו האָסט דאָך איצט דאָס פולע רעכט אָפּצורוהען זיך. עפּעס אַ

ווערטעלע אויסצורײדען: געענדיגט אלס דריטער קאנדידאט! רוהט זיך אויס, מײן הער; געגוג צו זײן אנגעשטרענגט. גלײכט אויס אײערע גלידער!

אט די גאנצע רעדע האט שובין געהאלטען אביסעל אין נאז, האלב־פויל, האלב אין שפאס (אזוי רעדען צולאזענע קינדער מיט די הויז־פרײנד, וואס ברענגען זײ קאנפעקטען). זיך ניט דערוואר־טענדיג אויף קײן ענטפער, האט ער פארטגעזעצט: וואס מיך וואונ־דערט אם מעהרסטען אין אט די הערען מוראשקעס און זשוקלאך, איז זײער מורא׳דיגע ערנסטקײט; מען לויפט ארום אהין און אהער, מיט אזוינע גרויסארטיג וויכטיגע פיזיאנאמיעס, פונקט ווי זײער לעבען וואלט געהאט עפעס א ווערט! שטעלט זיך נאר פאר, א מענש, דער קעניג פון אלע באשעפענישען, דאס העכערע וועזען, קוקט אויף זײ, און זײ גארנים, עס געהט זײ גאר ניט אן: אן אנדער זשוקעל וועט זיך נאך, דיר־ניט, מיר־ניט פארקלײבען און אוועקזעצען אויפ׳ן נאז דעם קעניג פון אלע באשעפענישען און וועט איהם פארוואנדלען אין א מיטאג פאר זיך. דאס איז שוין א באלײדיגונג. פון דער צווײטער זײט, מיט וואס איז זײער לעבען ערגער פון אונזערען? ווארום זאלען זײ זיך ניט גרויס מאכען, ווען מיר בלאזען זיך? אנו, פילאזאף, לײז מיר נאר אט דאס פראבלעם! וואס זשע שווײגסטו, הא?

— וואס... — האט געפרעגט בערסענעוו, ווי אויפכאפענדיג זיך פון שלאף.

— וואס, — האט ווידערהאלט שובין. — דײן פרײנד דריקט פאר דיר אויס טיפע גדאנקען, און דו הערסט איהם ניט.

— איך האב זיך פארקוקט אויף דער נאטור. זעה נאר ווי הײס עס בלישטשען די פעלדער אויף דער זון! (בערסענעוו האט זיך אביסעל פארהיקעוועט).

— יא, קוק נאר אן ווי דאס האט זיך אויסגעפוצט אין אלע קאלירען, — מיט אײן ווארט, נאטור!

בערסענעוו האט א מאך געטאן מיט׳ן קאפ.

— דו וואלסט נאך מעהר פון מיר באדארפט באגײסטערט ווערען פון אט דעם אלעמען. ווײל דאס איז דאך דײן פאך: דו ביזט דאך א מאהלער.

— ניין, דאָס איז שוין גאָר ניט מיין פאַך, — האָט אָפּגע־ענטפערט שובין, און האָט אָנגעטאָן די הוט אויף דער פּאַטיל־ניצע. — איך בין אַ קצב; מיין פאַך איז — פלייש; קנעטען, קלעפּען פלייש, קלעפּען פּלייצעס; הענט, פיס; דאָ איז אפילו קיין פאָרמע, קיין אָפּגעענדיגטקייט אויך ניטאָ. עס צופאָהרט זיך אין אַלע זייטען, און לויף כאַפּ דאָס!

— אָבער אין דעם איז אויך דאָ שעהנקייט, — האָט באַמערקט בערסענעוו. — זאָג, אַז עס איז שוין יאָ געקומען צו רייד, האָסטו שוין פאַרענדיגט דיין באַרעליעף?

— וועלכען?

— דאָס קינד מיט'ן באָק.

— צום טייפעל! צום טייפעל! צום טייפעל! — האָט זינ־גענדיג אויסגעשריען שובין. — איך האָב אַ קוק געטאָן אויף די אַלטע, אויף די אמת'ע ווערק, און כ'האָב צובראָכען מיינע נאַריש־קייטען. דו ווייזט מיר אָן אויף דער נאַטור און זאָגסט: „אַז אויך דאָ איז פאַראַן שעהנקייט". — גאַנץ געוויס, אין אַלץ איז דאָ שעהנקייט, אפילו אין דיין נאָז אויך, אָבער ניט נאָך יעדער שעהנקייט יאָגסטו זיך. די אַלטע — יענע האָבען זיך נאָך איהר אפילו ניט געיאָגט; זי איז אַליין געקומען אין זייערע שאַפונגען. פרעגסט פון וואַנען? — גאָט ווייס, פון הימעל אפשר. צו זיי האָט באַלאַנגט די גאַנצע וועלט; מיר קענען זיך אַזוי ברייט ניט פאַרשפּרייטען. קורץ זיינען די הענט. מיר פאַרוואַרפען אַ נעץ אויף איין פינטעלע און היטען. גיט דאָס אַ פּיק, איז גוט, בראַוואָ! און אויב ניט... שובין האָט ארויסגעשטעקט דעם צונג.

— וואַרט נאָר, וואַרט, — האָט אָפּגעענטפערט בערסענעוו. — דאָס איז אַ פּאַראַדאָקס. אויב דו וועסט ניט מיטפיהלען דער שעהנקייט, וועסט זי ניט ליב האָבען איבעראַל, וואו דו וועסט זי נאָר באַגעגענען, וועט זי זיך דיר אויך אין דיין קונסט ניט איינ־געבען. אויב אַ שעהנע לאַנדשאַפט און שעהנע מוזיק זאָגען גאָר־ניט דיין נשמה, איך וויל זאָגען, אויב דו פיהלסט זיי ניט...

— עך, דו מיטפיהלער מיינער, — האָט ארויסגעברומט שובין און האָט זיך אַליין צולאַכט איבער דעם ניי־ערפונדענעם וואָרט זיינעם. בערסענעוו האָט זיך פאַרטראַכט. — ניין, ברודער

לעבען, — האָט פאַרגעזעצט שובין, — דו ביזט אַ חכם, אַ פילאָזאָף, דער דריטער קאַנדידאַט פון מאָסקווער אוניווערזיטעט. מיט דיר צו דיסקוטירען איז אַ שרעק, באַזונדערס פאַר מיר, אַ סטודענט וואָס האָט זיך ניט דערלערענט; אָבער פונדעסטוועגען וועל איך דיר אָט וואָס זאָגען, אַז אויסער מיין קונסט האָב איך ליב שעהנ־קייט בלויז אין פרויען... אין מיידלעך, און דאָס האָט זיך ביי מיר אויך אַנטוויקעלט ערשט פון אַ געוויסער צייט... ער האָט זיך אויסגעקירעוועט אויפ'ן רוקען און האָט פאַרלעגט די הענט הינ־טער'ן קאָפּ. אַ קורצע ווײַלע איז פאַראיבער אין שווייגען. די שטילקייט פון דער בייטאָגיגער היץ האָט געדריקט די איינגעשלאָ־פענע שיינענדיגע ערד.

— יאָ, וועגען פרויען, — האָט ווידער אָנגעהויבען שובין. — פאַרוואָס נעמט דאָס קיינער ניט אין די הענט אריין דעם אַלטען סטאַכאָוו? האָסטו איהם געזעהן אין מאָסקווע?

— ניין.

— דער זקן איז פאָלשטענדיג פון זינען אראָפּ. גאַנצענע טעג זיצט ער ביי זיין אויגוסטינאַ כריסטיאַנאָוואַ, לאַנגווייליגט זיך שרעקליך, און דאָך זיצט ער. קוקען איינער אויפ'ן צווייטען אַזוי נאַריש... עס איז מיאוס צו קוקען. נו, זאָג אַליין! מיט וואָס פאַר אַ פאַמיליע גאָט האָט געבענשט אָט דעם מענשען; איז איהם נאָך אַלץ ווייניג, ניין, ניין, דערלאַנג איהם נאָר אויגוסטינאַ כריס־טיאַנאָוונאַ! איך קען זיך ניט פאָרשטעלען קיין מיאוס'ערע, קיין נידעריגערע זאַך פון איהר קאַטשקע געזיכט! די טעג האָב איך אויסגעקלעפּט איהר קאַריקאַטור אין „דאַנטאַן סטיל", עס איז גאָר ניט שלעכט אַרויסגעקומען. איך וועל דיר ווייזען.

— נו, און מיט יעלענאַ ניקאָלאַיעוונאַ ביזטו שוין ווייט?

— ניין, ברודער לעבען, עס געהט ניט. מען קען משוגע ווע־רען פון אָט דעם געזיכט. קוקסט און זעהסט, דאַכט זיך אַ געזיכט מיט ריינע, גלייכע און שטרענגע ליניען; אַזוי אַז עס איז גאָרניט שווער צו כאַפּען דעם אָנבליק. אָבער עס הויבט זיך אפילו ניט אָן... עס גיט זיך ניט, ווי אַן אוצר אין די הענט. דו האָסט באַ־מערקט ווי זי הערט? קיין איינציגער שטריך גיט זיך ניט קיין ריהר, בלויז דער אויסדרוק פון איהר בליק ענדערט זיך אונאויפ־

הערליך און דערפון בייט זיך די גאנצע פיגור. נו, וואס וועסטו זאגען צו א סקולפטאר און דערצו נאך א שלעכטען? א וואונדער־בארער ווענזן... יא, א מאדנער ווענזן, — האט ער צוגעגעבען נאך א קורצען שווייגען.

— זי איז א וואונדערבארע מיידעל, — האט ווידערהאלט בערסענעוו.

— און סטאכאוו'ס, ניקאלאי ארטעמיעוויטשעס א טאכטער, און דו געה, דערצעהל א מעשה וועגען בלוט און יחוס; און דאס לעכערליכסטע דערביי איז דאס, וואס זי איז דאס באמת זיין טאכ־טער, זי איז עהנליך צו איהם, און צו איהר מוטער אנא וואסי־לעוונא. אנא וואסילעוונא רעספעקטיר איך פון מיין גאנצען הער־צען. זי איז דאך מיין באשיצערין; אבער זי איז דאך פארט ניט מעהר ווי א הינדעלע; פון וואנען־זשע האט זיך גענומען צו יע־לענא'ן אזא נשמה? ווער האט אנגעצונדען אט דעם פייער? אט האסטו דיר א נייע פראבלעם, פילאזאף מיינער!

אבער דער „פילאזאף" האט ווי פריהער געשוויגען און גארניט געענטפערט. בערסענעוו האט אין אלגעמיין ניט געזינדיגט מיט צופיל רעדען, און האט ער ווען יא גערעדט, איז דאס ארויסגע־קומען ניט גלאט; ער האט זיך אימער פארהאקט, און דערביי, צי מען דארף, צי מען דארף ניט, געמאכט מיט די הענט; דאס מאל האט א באזונדער שטילקייט איינגעהילט זיין נשמה, א שטילקייט, וואס דערמאנט אן מידקייט און א טרויער צוזאמען. ער האט זיך מיט א קורצער צייט צוריק באזעצט הינטער'ן שטאדט, נאך א לאנגער און שווערער ארבייט, וועלכע האט ביי איהם צוגענומען איינינגע שטונדען א טאג. די פאלשטענדיגע רוה, די זיסע ריינ־קייט פון דער לופט, דער באוואוסטזיין פון דעם דערגרייכטען צוועק, דערצו דער פארוויקעלט ערהאבענער, ניט־געקינצעלטער געשפרעך מיט'ן חבר, צוזאמען מיט'ן פלוצלונג ארויסגערופענעם געשטאלט פון דער ליבער, — אט די אלע פארשידענארטיגע גע־פיהלען האבען זיך צוזאמענגעגאסען אין איין אלגעמיינעם געפיהל, וועלכער האט איהם אי בארוהיגט, אי גערעגט, אי אויסגעמאטערט... דאס איז געווען זעהר א נערוועזער יונגערמאן.

אונטער'ן בוים איז געווען קיהל און רוהיג; די פליגען און

בינען, וועלכע זיינען פארפלויגען אין קרייז פון זיין שאָטען, האָ־
בען געזשומעט שטילער, ווי ארום און ארום; עס האָט זיך ניט
געמינעט ווי גאָלד, און ניט געוויגט דאָס ריינע דריבנע גרינע גראָז.
באוועגלאָז, ווי פאר׳כישוף׳טע, זיינען געשטאנען די הויכע שטאַ־
מען; ווי טויטע, זיינען געהאנגען די קליינינקע בליטען אויף די
הינטערשטע צווייגען פון בוים; מיט יעדען אָטעם איז א זיסער
ריח אריינגעדרונגען טיף אין הארצען, גערן און לייכט האָט גע־
אָטעמט די ברוסט. פון דער ווייטענס, הינטער׳ן טייך ביז׳ן סאמע
האָריזאָנט, האָט אלץ געבלאנקט און געברענט אויף דער זון; פון
צייט צו צייט איז דאָרטען דורכגעלאָפען א ווינטעל, וואָס האָט צו־
ברעקעלט און פארשטארקט דעם אָפשיין אין דער לופט.

א שטראלענדיגער דאמף האָט זיך געוויגט איבער דער ערד.
קיין פויגלען האָט מען ניט געהערט: זיי זינגען ניט אין די היי־
סע שטונדען; אָבער פון איבעראל, פון יעדען ווינקעלע האָט זיך
געטראָגען דער רעש פון די פליגעלאך־שמידען, און עס איז אנגע־
נעהם געווען צו הערען אָט דעם הייסען קלאנג פון לעבען, זיצענ־
דיג אין שאָטען, אין פאָלשטענדיגער רוה: ער האָט געניינט צום
שלאָפען און געוועקט טרוימען.

— האָסטו באמערקט, — האָט מיט אמאָל אָנגעהויבען בער־
סענעוו, ארויסהעלפענדיג זיינע רייד מיט די באוועגונגען פון די
הענט, — ס׳אַר א מאָדנעם געפיהל עס וועקט אין אונז די נאטור?
און אימער איז אלץ אזוי פאָלקאָמען, אזוי קלאָר, איך וויל זאָגען
אזוי באפרידיגט מיט זיך אליין; און מיר פארשטעהען דאָס און
שפּיגלען זיך דערמיט; צו דער זעלבער צייט, וועקט זי אימער,
אין מיר אלענפאלס, עפּעס א מין אונרוהיגקייט און אפילו טרויער.
וואָס זשע מיינט דאָס? אפּשר פּנים לפּנים מיט איהר פיהלען מיר
שטארקער אונזער אונפאָלקאָמענהייט, אונזער אונקלאָרקייט; אָדער
פאר אונז איז ווייניג יענע זעלבסטבאפרידיגונג, מיט וועלכער זי
שטעלט זיך צופרידען, און קיין אנדער באפרידיגונג איז ניטאָ;
איך וויל זאָגען, אז דאָס וואָס מיר דארפען, האָט זי ניט.

— מ־מע, — האָט אָפּגעענטפערט שובין, — איך וועל דיר
זאָגען, אנדרעי פעטראָוויטש, פארוואָס אָט דאָס אלעס קומט פאָר.
דו האָסט באשריבען די געפיהלען פון אן איינזאמען מענשען,

וועלכער לעבט נימ, נאָר ער קוקט און קוועלט. וואָס איז דאָרטען צו קוקען? לעב אליין און ווערסט זיין א וואוילער יונג. וויפיל דו זאָלסט זיך נימ קלאפּען אין טיר צו דער נאַטור, וועט זי זיך דיר נימ אָפּרופען מיט קיין איינציגען פאַרשטענדליכען וואָרט. דערפאַר ווייל שטום איז די נאַטור. זי וועט דיר קלינגען און נאָגען ווי א סטרונע, אָבער קיין ליד זאָלסטו פון איהר נימ ערוואַרטען. אַנדערש איז א לעבעדיגע נשמה — א לעבעדיגע נשמה רופט זיך אָפּ, און איבערהויפּט א פרויען נשמה. דערפאַר, מיין ליבער פריינד, ראַט איך דיר צו פאַרגרייטען פאַר זיך א געליבטע, און אַלע דיינע געפיהלען פון בענקשאַפט און טרויער וועלען גלייך פאַרשווינדען. אַט וואָס מיר „דאַרפען", ווי דו זאָגסט. ווייל אַט די אונרוהיגקייט צוזאַמען מיט'ן טרויער זיינען פּשוט א מין הונגער. גיב אַוועק דעם מאָגען די אמת'ע שפּייז, און אַלץ וועט גלייך קומען אין אָרדנונג. פאַרנעם דיין פּלאַץ אין רוים, זיי א קערפּער, ברודער'ל מיינס. און טאַקע, וואָס איז אַזוינס, צו וואָס איז די „נאַטור"? דו, הער זיך נאָר גוט איין: ליבע... ס'אַר א שטאַרק און הייס וואָרט! די נאַטור... ס'אַר א קאַלטער שול־אויסדרוק! און דערפאַר (שובין האָט זיך צוזונגען): זאָל לעבען מאַריאַ פּעט־ראָוונאַ! אָדער ניין, — האָט ער צוגעגעבען, — נימ מאַריאַ פּעטראָוונאַ, נו יאָ, עס איז אַלץ איינס!

בערסענעוו האָט זיך עטוואָס אויפגעהויבען און האָט זיך אָנ־געשפּאַרט מיט'ן קין אויף די פאַרלעגטע הענט.

— נאָך וואָס אָפּלאַכען, — האָט ער אַרויסגערעדט, נימ קו־קענדיג אויף זיין חבר, — צו וואָס שפּעטען? יאָ, דו ביזט גע־רעכט: ליבע איז א גרויסער געפיהל... אָבער פון וואָס פאַר א ליבע רעדסטו?

שובין האָט זיך אויך אַביסעל אויפגעהויבען.

— פון וואָס פאַר א ליבע? פון וואָסערער דו ווילסט, אַבי זי זאָל זיין א פאַקט. איך בין דיר מודה, אז לויט מיין מיינונג זיינען אינגאַנצען ניטאָ קיין פאַרשידענע מינים ליבע. ווען דו האָסט זיך נאָר פאַרליבט...

— פון גאַנצען הארצען, — האָט אונטערגעכאַפּט בערסע־נעוו. — נו, געוויס, דאָס איז זעלבסטפאַרשטענדליך: די נשמה

איז ניט קיין עפּעל: קענסט זי ניט צוטיילען. אויב דו האָסט זיך פאַרליבט, ביזטו גערעכט. אָבער איך האָב אפילו אין זינען ניט געהאַט צו שפּעטען. מיין האַרץ איז באַהערשט פון אַן אוי־סערגעוועהנליכער ווייכקייט און צאַרטקייט... איך האָב בלויז גע־וואָלט ערקלערען, וואָרום די נאַטור ווירקט אַזוי אויף אונז, לויט דיין מיינונג. די נאַטור וועקט אין אונז די באַדערפניש צו ליבען און איז ניט אימשטאַנד צו באַפרידיגען זי. שטילינקערהייט, טרייבט זי אונז אין אַנדערע, אין לעבעדיגע אָרעמס, און מיר פאַר־שטעהען זי ניט און ערוואַרטען עפּעס פון איהר אַליין. אַך, אַנדרעי, אַנדרעי, שעהן, הערליך איז אָט די זון, צוזאַמען מיט אָט דעם הימעל, און אַלץ אַרום און אַרום אונז איז שעהן, און דאָך טרוי־ערסטו; אָבער ווען אין דעם זעלבען אויגענבליק וואָלסטו גע־האַלטען אין דיין האַנט די האַנט פון דיין געליבטער, ווען איהר האַנט, און זי אינגאַנצען, וואָלט געווען דיינע, ווען דו זאָלסט אפילו קוקען מיט איהרע אויגען, און זאָלסט פיהלען ניט מיט דיין איינ־זאַמען געפיהל, נאָר מיט איהרען, — ניט קיין אומעט, אַנדרעי; ניט קיין אונרוהיגקייט וואָלט געוועקט אין דיר די נאַטור; דו וואָלסט אפילו ניט באַמערקט איהרע שעהנקייטען; זי וואָלט זיך אַליין געפרעהט און געזונגען, זי וואָלט מיטגעזונגען דיין הימנע, ווייל דו וואָלסט אין איהר, אַ שטומער, אַריינגעלעגט אַ צונג.

שובין איז אויפגעשפּרונגען און איז זיך אַ פּאָר מאָל דורכ־געגאַנגען אַהין און צוריק. בערסענעוו האָט אַנגעבויגען דעם קאָפּ און זיין געזיכט האָט זיך באַדעקט מיט אַ לייכטע פאַרב.

— איך בין ניט אינגאַנצען איינשטימיג מיט דיר, — האָט ער אָנגעהויבען, — ניט אימער דייט אונז אָן די נאַטור אויף... ליבע. (ער האָט ניט גלייך אַרויסגערעדט דאָס וואָרט). אויך זי דראָהט אונז: זי דערמאָנט אונז אין די שרעקליכע... און אין די ניט־צוגענגליכע סודות. מוז זי דען אונז ניט איינשלינגען, און צי שלינגט זי דען אונאויפהערליך אונז ניט איין? אין איהר איז אי דאָס לעבען — אי דער טויט; און דער טויט רעדט אין איהר פּונקט אַזוי הויך ווי דאָס לעבען.

— אויך אין ליבע איז אי דאָס לעבען, אי דער טויט, — האָט איבערגעשלאָגען שובין.

— און ווען איך שטעה, צום ביישפּיל, פריהלינג צייט אין וואַלד, אין דער גרינער געדיכטעניש, און מיר דוכט זיך, אז איך הער ראָמאַנטישע קלאַנגען פון אַבעראָנאָוו'ס האָרן (בערסענעוו'ען איז געוואָרען אַביסעל אונאַנגענעהם, ווען ער האָט אַרויסגערעדט אָט די ווערטער), שוין זשע איז דאָס אויך...

— דער דורשט נאָך ליבע. דער דורשט נאָך גליק, און מעהר גאָרניט! — האָט אונטערגעכאַפּט שובין. — מיר זיינען באַקאַנט אָט די קלאַנגען, ווי אויך די אַנטציקונג און ערוואַרטונג, וואָס נעמען אַרום די נשמה סיי אין די טיפענישען פון וואַלד, סיי אין די אָפענע פעלדער, ווען די זון פאַרגעהט און דער טייך רויכערט זיך פון הינטער די קוסטעס; נאָר סיי פון וואַלד, סיי פון טייך, סיי פון הימעל, סיי פון דער ערד, ווי פון יעדען וואָלקענדעל און גרעזעל, ערוואַרט איך און פאַרלאַנג גליק, אין אַלץ פיהל איך די דערנעהענטערונג פון גליק, אין אַלעם הער איך זיין רוף. „מיין גאָט — איז אַ ליכטיגער און פרעהליכער גאָט!" אָט אַזוי האָב איך אָנגעהויבען אַ ליד. גיב צו, אַז דער ערשטער פערז איז אַ שעהנער, אָבער דעם צווייטען האָב איך בשום אופן ניט געקענט צוקלייבען. גליק, גליק, אַזוי לאַנג ווי דאָס לעבען איז נאָך ניט פאַראיבער, אַזוי לאַנג ווי עס דינען נאָך אונז אַלע אונזערע גלידער; אַזוי לאַנג ווי מיר געהען נאָך באַרג אַרויף! ניט באַרג אַראָפּ! כאַפּט עס דער טייפעל, — האָט פאַרטגעזעצט שובין מיט אַ פּלוצ־לינגען אויסברוך, — מיר זיינען נאָך יונג, ניט מיאוס און ניט נאַריש, לאָמיר אויסקעמפען פאַר זיך גליק!

ער האָט אַ טרייסעל געטאָן מיט'ן געקרויזטען קאָפּ, און האָט כמעט מיט אַן אַרויסרוף אַרויפגעקוקט אַרויף צום הימעל צו. בער־סענעוו האָט אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען.

— אָט, איז שוין באמת ניטאָ עפּעס העכערס פון גליק? — האָט ער שטיל אַרויסגערעדט.

— צום ביישפּיל? — האָט געפרעגט שובין, און האָט זיך אָפּגעשטעלט. — נו, אָט, למשל, איך מיט דיר זיינען, ווי דו זאָגסט, יונג, מיר זיינען אויך וואוילע מענשען, לאָמיר זאָגען, אַז דאָס איז אַזוי; און יעדערער פון אונז פאַרלאַנגט גליק פאַר זיך... צי איז אָבער „גליק" דאָס וואָרט וואָס זאָל אונז קענען

פאראייניגען און אזוי דערוואַרעמען אונז ביידען אז דאָס זאָל אונז צווינגען צו דערלאַנגען די האַנט איינער דעם אַנדערן? צי איז דאָס ניט קיין עגאָאיסטישער, איך וויל זאָגען, פאַנאַנדערשניידענדער, וואָרט?

— און דו ווייסט פון אַזעלכע ווערטער, וואָס פאַראייניגען?

— יאָ, עס איז דאָ אַ היבש ביסעל אַזוינע ווערטער, און דו ווייסט זיי אויך.

— נו, זאָג שוין, וואָס איז דאָס פאַר ווערטער?

— נו, נעם כאָטש די קונסט, — אַזוי ווי דו ביזט אַ קינסטלער, — דאָס היים־לאַנד, די וויסענשאַפט, די פרייהייט און גערעכטיגקייט.

— און ליבע? — האָט געפרעגט שובין.

— אויך ליבע איז אַ פאַראייניגענדעס וואָרט, אָבער ניט יענע ליבע נאָך וועלכער דו דורשט איצט: ניט די ליבע פון פרייד און גענוס, נאָר די ליבע פון אָפּפער.

שובין האָט זיך אָנגעכמורעט.

— דאָס איז גוט פאַר די דייטשען; איך, אָבער, וויל ליבען פאַר זיך; איך וויל זיין אויפ'ן ערשטען פּלאַן.

— אויפ'ן ערשטען פּלאַן, — האָט ווידערהאָלט בערסענעוו, — און מיר דוכט, אז דער באַרוף פון אונזער גאַנצען לעבען איז זיך אוועקצושטעלען אויפ'ן צווייטען פּלאַן.

— ווען אַלע זאָלען האַנדלען אַזוי ווי דו זאָגסט, וואָלט קיינער אויף דער ערד קיין אַנאַנאַסען ניט געגעבען, — האָט מיט אַ רחמנות'דיגער מינע אַרויסגערעדט שובין, — יעדער וואָלט זיי געלאָזען פאַר אַ צווייטען.

— הייסט עס, אז קיין אַנאַנאַסען דאַרף מען ניט; אָבער שרעק זיך ניט; עס וועלען זיך אימער געפינען בעלנים אפילו אַ טרוקען שטיקעל ברויט אַרויסצורייסען פון אַ פרעמדען מויל.

ביידע חברים האָבען געשוויגען אַ ווײַלע.

— איך האָב די טעג ווידער באַגעגענט אינסאַראָוו'ען, — האָט אָנגעהויבען בערסענעוו. — איך האָב איהם איינגעלאַדען צו זיך. איך וויל איהם אונבאַדינגט באַקענען מיט דיר... און מיט די סטאַכאָווס.

— ווער איז דאָס אינסאַראָוו? אַך, יאָ, דאָס איז דאָס יענער סערב אָדער בולגאַר, וועגען וועלכען דו האָסט מיר דער־צעהלט? דאָס איז דער פּאַטריאָט? דאָס האָט ער דיך אָנגע־שטעקט מיט אָט די אַלע פילאָזאָפישע געדאַנקען?

— מעגליך.

— דאָס איז אַן אויסערגעוועהנליכע פּערזענליכקייט?

— יאָ.

— אַ קלוגער? אַ באַגאַבטער?... איך וויים ניט, איך דענק ניט.

— ניין? וואָס זשע איז אין איהם אַזוי מערקווירדיג?

— אָט ועסטו שוין אַליין זעהן. און איך דענק אונז איז צייט צו געהן. אננאַ וואַסילעוונאַ וואַרט שוין געוויס אויף אונז. ווי שפּעט איז?

— עס איז שוין נאָך צוויי. קום. עס שטיקט אַזוי. אָט דער געשפּרעך האָט אין מיר אָנגעצונדען דאָס גאַנצע בלוט. ביי דיר איז געווען אַ מאָמענט... ניט אומזיסט בין איך אַ קינסטלער: איך באַמערק אַלעס. זיי זיך מודה, אַז דו ביזט פאַרכאַפּט פון אַ פרוי.

שובין האָט געוואָלט אַריינקוקען בערסענעוו'ען אין פּנים אַריין, נאָר יענער האָט זיך אָפּגעקערעוועט און איז אַרויסגעגאַנגען פון אונטער'ן בוים. שובין איז אַוועק נאָך איהם. שובין איז גע־גאַנגען מיט קליינינקע טריט, אַזוי גראַציעז איבערבויגענדיג דער־ביי דעם גאַנצען קערפּער. בערסענעוו האָט זיך באַוועגט אַזוי אונ־געלומפּערט. געהענדיג, האָט ער הויך אויפגעהויבען די פּלייצעס און ווייט אויסגעצויגען דעם האַלז; און דאָך האָט ער אויסגע־זעהן מעהר אנשטענדיג ווי שובין. מיר וואָלטען געזאָגט, אַז ער איז געווען מעהר זשענטעלמען ווען אָט דאָס וואָרט וואָלט ניט געקלונגען, לעצטענס, אַזוי וואולגאַר.

## 2

די יונגע לייט האָבען זיך אָראָפּגעלאָזען צום טייך מאָסקווע, און האָבען זיך געלאָזט שפּאַצירען אין דער לענג פון זיין ברעג.

פון וואסער האט געבלאזען א פרישער ווינטעל און דאס שטילע שלאגען פון די קליינע כוואליעס האט געצערטעלט דעם אויער.

— איך וואלט זיך ווידער אויסגעבאדען, — האט געזאגט שובין, — נאר איך האב מורא פארשפעטיגען. גיב א קוק אויפ׳ן טייך. ער ציהט אזוי, די אלטע גריכען וואלטען געזעהן אין איהם א נימפע. אבער מיר זיינען נים קיין גריכען. א נימפע! מיר זיינען דיק־הויטיגע סקיפען.

— ביי אונז זיינען דא פען, — האט באמערקט בערסענעוו.

— געה, שוין געה, מיט דיינע פען! צו וואס קענען מיר, א סקולפטאר, דינען אט די באשעפענישען פון דער דערשלאגענער אלטער פאנטאזיע, אט די געשטאלטען, וואס זיינען געבוירען גע־ווארען אין דער שטיקעניש פון שטוב, אין דער פינסטערניש פון די קאלטע ווינטער נעכט? איך דארף האבען ליכט און רוים... ווען אבער, גאט מיינער, וועל איך שוין פאהרען קיין איטאליע? ווען...

— דו ווילסט, הייסט עס, זאגען קיין אוקראינא?

— וואלסט באדארפט זיך שעמען, אנדרעי פעטראוויטש, מיר פארצואווארפען אזא נארישקייט, אויף וועלכער איך האב אליין אזוי ביטער חרטה. געוויס האב איך געהאנדעלט ווי אן אפגערי־סענער נאר: ווען די גוטע אנא וואסילעוונא האט מיר געגעבען געלט אויף צו פאהרען קיין איטאליע, און איך בין אוועק צו די אוקראינער עסען האלושקעס, און...

— ענדיג נים, איך בעט דיך, — האט איהם אונטערבראכען בערסענעוו.

— און פונדעסטוועגען וועל איך דאס זאגען, אז דאס געלט איז נים גע׳פטר׳ט געווארען אומזיסט. איך האב דארטען דער־זעהן אזוינע טיפען, באזונדערס פרויען טיפען... פארשטעהט זיך, אז אויסער איטאליע איז נימא קיין רעטונג! איך וויים דאס.

— דו וועסט זיין אין איטאליע און וועסט אלץ גארנים אויפ־טאן, — האט באמערקט בערסענעוו, זיך נים אויסקירעווענדיג צו איהם. — דו וועסט האלטען אין איין פאנאנדערשפרייטען די פליגעל, אבער אוועקפליהען וועסטו נים, מיר קענען אייך!

— איז דאך סטאוואסער אוועקגעפלויגען... און נים נאר ער

אליין. און וועל איך זיך ניט אויפהויבען, בין איך א ים פינגווין, אהן פליגלען. דא שטיקט מיך, איך וויל קיין איטאליע, — האט פארטגעזעצט שובין, — דארטען איז זוניג, דארטען איז שעהן...

א יונג מיידעל אין א ברייטער שטרויענער הוט, מיט א ראזעווען שירעם אויף די פלייצעס, האט זיך אין דעם אויגענבליק באוויזען אויף דער שטעזשקע, אויף וועלכער עס זיינען געגאנגען די צוויי חברים.

— אבער, זעה נאר, עס קומט דאך אונז אנטקעגען א שעהנהייט. מיין גרוס, פון א באשיידענעם קינסטלער, צו אייך, מיין באצויבערענדע זאיא, — האט מיט אמאל אויסגעשריען שובין טעאטראליש, פאכענדיג מיט זיין הוט.

דאס יונגע מיידעל, וועלכע שובין האט אזוי באגריסט, האט זיך אפגעשטעלט, איהם א דראה געטאן מיט'ן פינגער, און ווען ביידע יונגע לייט זיינען צוגעקומען נאהענט צו איהר, האט זי געפרעגט מיט א קלינגענדיג שטימעלע:

— ווארום געהט איהר ניט מיטאג עסען, מיינע העררען, דער טיש איז שוין געגרייט.

— וואס איך הער? — האט שובין געפאטשט מיט די הענט.— שוין זשע האט איהר, מיין וואונדערליכע זאיא, זיך אנטשלאסען אין אזא היץ צו געהן אונז זוכען? זאל איך אזוי פארשטעהן דעם זין פון אייערע רייד? זאגט: אמת? אבער, ניין, בעסער זאגט ניט ארויס דאס ווארט: ווען ניט, וועט מיך דער געפיהל פון חרטה אויגענבליקליך אוועק'הרג'ענען.

— אך, הערט שוין אויף, פאוועל יאקאוולעוויטש, — האט ניט אהן פאדרוס אפגעענטפערט דאס מיידעל. — ווארום רעדט איהר מיט מיר קיינמאל ניט ערנסט? איך וועל ברוגז ווערען, — האט זי צוגעגעבען קאקעטיש, און האט אנגעבלאזען די ליפעלאך.

— ווערט ניט בייז אויף מיר, מיין אידעאלע זאיא ניקיטישנא. איהר וועט דאך זיכער ניט וועלען מיך ארייננווארפען אין דעם פינסטערען אפגרונט פון מורא'דיגער פארצווייפלונג. ערנסט קען איך ניט רעדען, ווייל איך בין ניט קיין ערנסטער מענש.

דאָס מיידעל האָט אַ דריק געטאָן מיט די פּלייצעס און האָט זיך געווענדעט צו בערסענעוו'ען.

— אַזוי טוט ער שטענדיג. באַגעהט זיך מיט מיר ווי מיט אַ קינד; און מיר איז שוין געוואָרען 18 יאָהר, איך בין שוין אַ גרויסע.

— אָ, גאָט מייגער! — האָט אַרויסגעקרעכצט שובין און האָט אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל; און בערסענעוו האָט שווייגענדיג אַ לאַך געטאָן.

דאָס מיידעל האָט אַ טופּע געטאָן מיט'ן פיסעל.

— פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש! איך וועל ווערען בייז!

— יעלענע האָט געזאָלט געהן מיט מיר, נאָר זי האָט זיך דערשראָקען פאַר דער היץ און איז געבליבען אין גאָרטען. אָבער איך האָב קיין מורא ניט פאַר דער היץ. קוממ.

זי איז אַוועק פאָראויס איבער דער שטעזשקע, אונטערהויבענדיג איהר דינע פיגור ביי יעדען טראָט, און אַלע ווייַלע אָפּשאַרענדיג פון געזיכט מיט איהר שעהנינקען הענטעל אַ לאָקען לאַנגע, דינע האָר.

די יונגע לייט זיינען אַוועק נאָך איהר. (שובין האָט אָט געדריקט זיינע הענט צום הארצען און אָט האָט ער זיי אויפגעהויבען העכער פון זיין קאָפּ). אין אַ ווייַלע אַרום זיינען שוין אַלע דריי געשטאַנען ביי איינער פון די פילע דאַטשעס, וואָס רינגלען אַרום קונצאָווע. אַ קליינע הילצערנע שטיבעל מיט אַ מעזאַנין, געפאַרבט מיט ראָזעווער פאַרב, איז געשטאַנען אין מיטען גאָרטען און האָט נאַאיוו אַרויסגעקוקט פון אונטער די גרינע ביימער.

זאָיאַ האָט די ערשטע געעפענט די טיר, איז אַריינגעלאָפען אין גאָרטען און אויסגעשריען: איך האָב געבראַכט „די וואַנדערער!"

אַ יונגע מיידעל, מיט אַ בלאַסען און אויסדרוקספולען געזיכט, האָט זיך אויפגעהויבען פון באַנק, וואָס איז געשטאַנען ביים וועג. אויפ'ן שוועל פון הויז האָט זיך באַוויזען אַ דאַמע אין אַ זיידען קלייד, און אויפהויבענדיג דאָס באַטיסטענע טיכעלע איבער'ן קאָפּ, אַלס אַ שוץ פאַר דער זון, האָט זי אַ פוילען שמייכעל געטאָן.

## 3

אננא וואסיליעוונא סטאכאנאווא, וועמעס מיידעלשער נאָמען איז געווען שובינא, איז צו זיבען יאָהר געבליבען אַ יתומה, אָהן טאַטע־מאַמע, מיט אַ גרויסען גוט אַלס ירושה. קרובים האָט זי געהאַט אַ סך, סיי רייכע, סיי אָרימע. די משפּחה פון פאָטער׳ס צד איז געווען ארים, פון דער מוטער׳ס צד רייך. צווישען די לעצטע זיינען געווען דער סענאַטאָר וואָלגין און דער פירסט טשיקו־ראַסאָוו. דער פירסט אַרדאַליאָן טשיקוראַסאָוו, וועלכער איז באַ־שטימט געוואָרען אַלס איהר אַפּעקון, האָט זי אריינגעגעבען אין דעם בעסטען מאָסקווער פּאַנסיאָן, און נאָכדעם ווי זי איז ארויס פון פּאַנסיאָן, האָט ער זי אריינגענומען צו זיך אין הויז. ער האָט געלעבט ברייט, און ווינטער האָט ער געגעבען בעלער. ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש סטאכאָוו, אננא וואסילעוונא׳ס צוקינפטיגער מאַן, האָט געוואונען איהר הארץ אויף איינעם פון אָט די בעלער, אויף וועלכען זי איז געווען אָנגעטאָן אין אַ וואונדערליכען ראָזעווען קלייד באַפּוצט מיט אַ קראַנץ קליינע רויזען. זי האָט ער היום געהיט אָט דעם קראַנץ.

ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש סטאכאָוו איז געווען דער זוהן פון אַן אויסגעדינטען קאַפּיטאַן. דער לעצטער איז פּאַרוואונדעט גע־וואָרען אין 1812 אין דער מלחמה מיט נאַפּאָלעאָנ׳ען און האָט גע־קראָגען אַ גוטע שטעלע אין פּעטערבורג. צו 16 יאָהר איז סטאַ־כאָוו אריינגעטראָטען אין דער יונקער־שולע, פון וועלכער ער איז ארויין אין דער גוואַרדיע.

ער איז געווען אַ שעהנער, גוט געבויטער און האָט זיך גע־רעכענט פאַר איינעם פון די בעסטע קאַוואַליערען אויף די פאַר־ווייַלונגען פון דעם מיטעל־קלאַס, וועלכע ער האָט מעהרסטענס באַזוכט. צו דער העכערער געזעלשאַפט האָט ער קיין צוטריט ניט געהאַט. כמעט פון קינדווייז אָן האָט ער געהאַט צוויי טרוימען: ערשטענס, ווערען אַ פליגעל־אַדיוטאַנט, און, צווייטענס, חתונה האָבען מיט אַ רייכער כלה. מיט דעם ערשטען טרוים האָט ער זיך שנעל געמוזט זעגענען. דערפאַר האָט ער זיך נאָך שטאַרקער געהאַלטען פאַר דעם צווייטען. מיט דעם צוועק צו געפינען

א רייכע כלה, איז ער אַלע ווינטער געפאָהרען קיין מאָסקווע. ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט פליסיג גערעדט פראַנצויזיש און האָט געשמ'ט פאַר א פילאָזאָף, דערפאַר וואָס ער האָט ניט גע־שכור'ט. און זייענדיג בלויז א פראָפאָרשטשיק, האָט ער שוין שטאַרק ליב געהאַט צו דיסקוטירען, צום ביישפּיל, וועגען אַזוינע פראַגען: צי קען א מענש אין פאַרלויף פון זיין גאַנצען לעבען דורכרייזען דעם ערד־קוגעל, צי קען מען דערגעהן וואָס עס קומט פאַר אויפ'ן גרונט פון ים — און האָט זיך אימער געהאַלטען ביי דער מיינונג, אַז מען קען ניט.

ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש איז אַלט געווען 25 יאָהר, ווען ער האָט זיך באַגעגענט און חתונה געהאַט מיט אַננאַ וואַסיליעוונאַ. ער האָט רעזיגנירט פון זיין אַמט און איז אַוועק אין דאָרף באַלע־באַטעווען. דאָס דאָרפישע לעבען האָט איהם שנעל דערעסען, און ער האָט זיך באַזעצט אין מאָסקווע, אין זיין פרוי'ס הויז. אין דער יוגענד האָט ער אין קיינע שפּילען ניט געשפּילט, און דאָ האָט ער מיט אַמאָל ליידענשאַפטליך גענומען שפּילען אין לאָטאָ. ווען די שפּיל אין לאָטאָ איז פאַרבאָטען געוואָרען, האָט ער זיך פאַרליבט אין דער שפּיל ערעלאַש. אין דער היים האָט ער זיך געלאַנגווייליגט; ער האָט זיך באַקענט מיט אַן אַלמנה פון דייטשער אָפּשטאַמונג, און ביי איהר האָט ער פאַרבראַכט כמעט די גאַנצע צייט. אויפ'ן זומער פון דעם דריי און פופציגסטען יאָהר האָט ער זיך ניט איבערגעצויגען קיין קונצאָווא, נאָר ער איז פאַרבליבען אין מאָסקווע, בלומר'שט, צוליב דעם ער זאָל קענען טרינקען די מינעראַל־וואַסערען; אָבער דעם אמת געזאָגט, האָט ער ניט גע־וואָלט זיך צושיידען מיט דער אַלמנה. אויך מיט איהר האָט ער ווייניג גערעדט און מעהר דיסקוטירט די פראַגע וועגען דעם, צי קען מען פאָראויסזעהן דעם וועטער, א. ז. וו. איין מאָל האָט איהם אימיצער אָנגערופען „פראָנדיור". דער נאָמען איז איהם זעהר געפעלען געוואָרען. „יאָ, — האָט ער געטראַכט און דערביי זעלבסטצופרידען אראָפּגעלאָזען די ווינקלען פון די ליפּען, און זיך אונטערגעוויגט מיט'ן גאַנצען קערפּער. — מיך איז ניט לייכט צו באַפרידיגען; מיך קען מען ניט אָפּנאַרען". ניקאָלאַי אַרטע־מאָוויטש'ס „פראָנדערסטוואָ" איז באַשטאַנען דעריין, דאָס ווען ער

פלעגט דערהערען, למשל, דאָס וואָרט : „נערוועןˮ, פלעגט ער פרעגען : „און וואָס איז דאָס אזוינס נערווען ?ˮ, אָדער אימיצער וועט דערמאָנען אין זיין אנוועזענהייט וועגען די ערפאָלגען פון אסטראָנאָמיע, וועט ער פרעגען : „און איהר גלויבט אין אסטראָנאָמיע ?ˮ, און ווען ער פלעגט וועלען אינגאנצען פארניכטען דעם געגענער, פלעגט ער זאָגען : „דאָס אלעס איז בלויז פראזעןˮ. איך מוז מודה זיין, אז צו פילע האָט אזא אַרט אָפּענטפערען אויסגעזעהן (און זעהט נאָך ער היום אויס) אונבאשטרייטבאר ; אָבער ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט ניט געהאַט דעם מינדסטען חשד, אז אווגוסטינא כריסטיאַנאָווא אין בריף צו איהר קוזינע פעאָדאָלינדא פעטערזיליוס, רופט איהם אָן : מיין פינזעלכען.

ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש'עס פרוי, אננא וואסיליעוונא, איז געווען אַ קליינינקע און אַ מאָגערע מיט דינע געזיכטס-ציגע, גענייגט צו רעגונגען און מרה-שחורה. אין פּאנסיאָן פלעגט זי זיך אָפּגעבען מיט מוזיק און פלעגט לעזען ראָמאַנען ; שפּעטער האָט איהר דערעסען, און זי האָט זיך פארנומען מיט ערציהען איהר טאָכטער. אויך דאָ האָט זי זיך דערפיהלט שוואך און האָט זי איבערגעגעבען אין די הענט פון גואוורנאנטקעס. געענדיגט האָט זיך דערמיט, וואָס זי האָט איהר גאַנצע צייט געווידמעט צו שטילען טרויער און שוואכע אויפרעגונגען. יעלענא ניקאָלאַיעוונא'ס געבורט האָט אונטערגעריסען איהר געזונט און זי האָט שוין ניט געקענט האָבען מעהר קיין קינדער ; ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט דערמיט בארעכטיגט זיין באקאַנטשאַפט מיט אווגוסטינא כריסטיאַנאָווא ; די אונטרייהייט פון מאַן האָט אננא וואסיליעוונא'ן שטאַרק געערגערט ; באַזונדערס האָט איהר וועה געטאָן דאָס, וואָס ער האָט אמאָל דורך פארשידענע ליגענס געשענקט זיין דייטשקע צוויי גרויע פערד פון איהרע, אננא וואסיליעוונא'ס, אייגענע שטאַלען. אין די אויגען האָט זי איהם קיין זאַך ניט פאָרגעוואָרפען, אָבער שטילערהייט פלעגט זי זיך באַקלאָגען אויף איהם פאר אלעמען אין הויז, אפילו פאר דער טאָכטער. אננא וואסיליעוונא האָט ניט ליב געהאַט ארויספאָהרען, אָדער געהן צו גאַסט. איהר איז געווען אנגענעהם, אז ביי איהר זאָל זיצען אַ גאַסט און איהר וואָס ניט איז דערצעהלען ; אין איינזאַמקייט פלעגט זי גלייך קראַנק

ווערען. א הארץ האָט זי פאַרמאָגט א ווייכס און א ליבענדעס: דאָס לעבען האָט זי שנעל צובראָכען.

פּאוועל יאַקאָוולעוויטש איז געווען איהרס א פּלימעניק. זיין פאָטער האָט געדינט אין מאָסקווע. זיינע ברידער זיינען גע־גאַנגען אין דער קאַדעטישער שולע; ער איז געווען דער קלענ־סטער, דער מוטער׳ס ליבלינג, זעהר צאַרט געבויט, איז ער גע־בליבען אין דער היים. האָט מען געטרוימט איהם פאַרבאַרייטען צום אוניווערזיטעט, און מיט גרויס שוועריגקייטען קוים איינגע־האַלטען אין גימנאַזיע. זעהר פריה האָט ער אַרויסגעוויזען א נייגונג צו סקולפּטור. סענאַטאָר וואָלגין האָט אמאָל דערזעהן איינע פון זיינע סטאַטועטקעס ביי זיין מומע (פּאוועל איז דאַן אַלט געווען א יאָהר זעכצעהן) און האָט געלאָזט וויסען, אז ער איז גרייט צו ווערען דער מעצענאַט פון דעם יונגען טאַלאַנט. זיין פאָטער׳ס פּלוצלינגער טויט האָט שיער ניט אומגעביטען די גאַנצע צוקונפט פון דעם יונגען מענשען. דער סענאַטאָר, דער מעצענאַט פון יונגע טאַלאַנטען, האָט איהם געשענקט א גיפּסענעם ביוסט פון האָמער׳ען, און שוין; אָבער אננא וואַסיליעוונא האָט איהם אַרויס־געהאָלפען מיט געלט. שובין איז מיט צרות צו נײַנצעהן יאָהר אריין אין אוניווערזיטעט, אויפ׳ן מעדיצינישען פאַקולטעט. פּאוועל האָט ניט געהאַט קיין שום נייגונג צו מעדיצין, אָבער צוליב דעם עקזיסטירענדען צו יענער צייט שטאַט סטודענטען, האָט ער אויף קיין אַנדער פאַקולטעט ניט געקענט אַנקומען; דערצו האָט ער געהאָפּט צו ערלערנען די אַנאַטאָמיע. קיין אַנאַטאָמיע האָט ער ניט ערלערנט; אויפ׳ן צווייטען קורס איז ער ניט אַריבער, און ניט דערוואַרטענדיג זיך אויף די עקזאַמענעס, האָט ער געוואָרפען דעם אוניווערזיטעט, אום צו ווידמענען זיך אויסשליסליך צו זיין באַרוף. ער האָט פלייסיג געאַרבייט, נאָר צייטענווייז פלעגט ער אומוואַנדערען איבער די אומגעגענדען פון מאָסקווע, און מאָהלען פּאָרטרעטען פון פויערשע מיידלאַך, פלעגט זיך צוזאַמענקומען מיט פאַרשידענע פּערזאָנען, אַלטע און יונגע, פון הויכען און נידריגען ראַנג, מיט איטאַליענישע שניצער און רוסישע קינסטלער, און האָט אפילו הערען ניט געוואָלט וועגען דער אַקאַדעמיע, און האָט ניט געוואָלט אַנערקענען קיין איין און איינציגען פּראָפעסאָר. ער האָט

באזעסען אן אמת'ען טאלאנט; און מען האט איהם אנגעהויבען קענען אין מאסקווע. זיין מוטער, א געבוירענע אין פאריז, האט געשטאמט פון א שעהנער פאמיליע. זי איז געוועזן א גוטע און קלוגע פרוי, זי האט איהם אויסגעלערענט פראנצויזיש, האט אימער און שטענדיג, בייטאג און ביינאכט, גע'דאגה'ט וועגען איהם. זי האט שטאלצירט מיט איהם; און, שטארבענדיג נאך גאר יונג פון שווינדזוכט, האט זי געבעטען אננא וואסיליעוונא איהם נעמען אונטער איהר השגחה. דאן איז ער שוין אלט געווען דאס איין און צוואנציגסטע יאהר. אננא וואסיליעוונא האט ערפילט איהר לעצטען פארלאנג. זי האט איהם אפגעגעבען א קליינעם צימערעל אין איינע פון די הייזער פון איהר זומער וואוינונג.

## 4

— קומט זשע שוין, קומט שוין עסען, — האט ארויסגערעדט די באלעבאסטע מיט א רחמנות'דיגער שטים, און אלע זיינען אוועק אין עס־צימער. — איהר, זאיא, זעצט זיך נעבען מיר. העלען, דו פארנעהם זיך מיט'ן גאסט, און דו, פאוועל, זיי ניט קיין שגץ און רייץ ניט זאיא'ן. עס טוט מיר הייגט וועה דער קאפ.

שובין האט ווידער אמאל פארגלאצט מיט די אויגען: זאיא האט איהם געענטפערט מיט א האלבען שמייכעל. זאיא, אדער פינקטליכער גערעדט, זאיא ניקיטישנא מיולער, איז געווען א ליבינקע, עטוואס קאסאקע רוסישע דייטשקע, מיט א פארריסענעם נעזעל און קליינינקע ליפעלאך, א גראבינקע מיט העל־בלאנדע, כמעט ווייסע, האר. זי האט גאנץ גוט געזונגען רוסישע ראמאנסען, האט נישקשה אונטערגעשפילט אויף דער פיאנא פארשידענע, סיי פרעהליכע, סיי הארצרייסענדע, שטיקלאך; זי האט זיך אנגעטאן מיט געשמאק, נאר שוין אביסעל צו קינדיש און צו ריין. אננא וואסיליעוונא האט זי גענומען אלס חבר'טע פאר דער טאכטער, אבער זי האט איהר כמעט שטענדיג געהאלטען ארום זיך. יעלענא האט זיך ניט באקלאגט דערויף: ווען זי פלעגט אמאל בלייבען מיט זאיא'ן אליין, האט זי אבסאלוט ניט געוואוסט וועגען וואס צו רעדען מיט איהר.

דער מיטאָג האָט זיך געצויגען גאַנץ לאַנג; בערסענעוו האָט גערעדט מיט יעלענאַ'ן וועגען דעם לעבען אין אוניווערזיטעט, וועגען זיינע פּאַרלאַנגען און האָפנונגען; שובין האָט זיך צוגעהערט. ער האָט געשוויגען און געגעסען מיט איבערמעסיגען אַפּעטיט, וואַרפענדיג פון צייט צו צייט קאָקעטיש אומעטיגע בליקען אויף זאָיאַ'ן, וועלכע האָט אַלץ געענטפערט מיט דעם זעלבען פלעגמאַטישען שמייכעלע. נאָך מיטאָג זיינען יעלענאַ מיט בערסענעוו'ן און שובינ'ען אַוועק אין גאָרטען; זאָיאַ האָט זיי נאָכגעקוקט מיט אַ לייכטען דרוק פון די פּלייצעס און האָט זיך געזעצט צו דער פּיאַנאָ. אַננאַ וואַסיליעווּנאַ האָט זי אַ פרעג געטאָן, וואָרום זי געהט אויך ניט שפּאַצירען; אָבער זיך ניט דערוואַרטענדיג אויף קיין ענטפער, האָט זי צוגעגעבען: „שפּיל פאַר מיר עפּעס אַן אומעטיג־טרויעריגע זאַך".

— לאַ דערניער פּענסיע דע וועבער? — האָט געפרעגט זאָיאַ.

— אַך, יאָ, וועבער'ן, — האָט אַרויסגעפּליסטערט אַננאַ וואַסיליעווּנאַ, און האָט זיך אַראָפּגעלאָזען אין פאָטער־שטול. אַ טרעהר האָט זיך באַוויזען אויף איהר וויע.

דערווייל האָט יעלענאַ געבראַכט צו פיהרען ביידע חברים אין אַ ביידעל פון אַקאַציעס מיט אַ הילצערנעם טישעל אין דער מיט און ביינק אַרום און אַרום. שובין האָט זיך אַרומגעקוקט, אונטערגעשפּרונגען אייניגע מאָל און מיט אַ שטילען געמורמעל „וואַרט אַ ווייל", איז ער אַוועקגעלאָפען צו זיך און האָט געבראַכט אַ שטיק ליים און האָט אָנגעהויבען אויסצוקלעפּען זאָיאַ'ס פיגור, אונטערשאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, בורטשענדיג און אונטערלאַכענדיג.

— ווידער די אַלטע שטיק, — האָט געזאָגט יעלענאַ, וואַרפענדיג אַ בליק אויף זיין אַרבייט, און האָט זיך געווענדעט צו בערסענעוו'ען, מיט וועלכען זי האָט פאָרטגעזעצט דעם געשפּרעך, וואָס זיי האָבען אָנגעהויבען ביי מיטאָג.

— אַלטע וויצען! — האָט ווידערהאָלט שובין. — ווייל דער געגענשטאַנד איז מורא'דיג אונערשעפּליך. היינט פיהרט זי מיך באַזונדערס אַרויס פון געדולד.

— ווארום ? — האָט געפרעגט יעלענא. — מען וואָלט גע־קענט דענקען, אז איהר רעדט וועגען עפּעס אַן אונאנגענעהמער, בייזער אַלטער און ניט פון קיין שעהנינקער, יונגינקער מיידעלע...

— געוויס, — האָט אונטערבראָכען שובין, — זי איז א שעהנינקע, זעהר א שעהנינקע ; איך בין זיכער, אז יעדער דורכ־געהער א קוק טוענדיג אויף איהר, וועט אונבאדינגט מוזען א טראכט טאָן : אָט מיט ווענמען עס וואָלט גוט זיין... צו טאנצען א פּאָלקע ; איך בין אויך זיכער, אז זי ווייס עס, און דאָס איז איהר זעהר אנגענעהם... צו וואָס זשע טויג אָט די געמאכטע שעמעוודיג־קייט, אָט די באשיידענהייט ? נו, יאָ, איהר ווייסט דאָך וואָס איך וויל זאָגען, — האָט ער צוגעגעבען צווישען די צייהן, — אָבער איהר זיינט דאָך איצט פארנומען מיט עפּעס אַנדערש.

און צוברעכענדיג זאָיאַ'ס פיגור, האָט זיך שובין איילענדיג, ווי מיט פארדרוס, גענומען קלעפּען און קנעטען די ליים.

— און אזוי, וואָלט איהר וועלען זיין א פּראָפעסאָר ? — האָט יעלענא געפרעגט בערסענעוו'ען.

— יאָ, — האָט יענער אָפּגעענטפערט, צוזאמענדריקענדיג צווישען די קני זיינע רויטע הענט. — דאָס איז מיין באַליבטער טרוים. געוויס ווייס איך, וויפיל עס פעהלט מיר דערצו, אום צו ווערט זיין אזא הויבען... איך וויל זאָגען, אז איך בין צו ווייניג פאַרבאַרייטעט, נאָר איך האָף צו קריגען אַן ערלויבניש זיך דורכ־פאָהרען קיין אויסלאנד ; דאָרטען וועל איך זיין א דריי־פיער יאָהר אויב מען וועט דארפען, און דאַן...

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, האָט אַראָפּגעלאָזען די אויגען, דער־נאָך האָט ער זיי אויף שנעל אויפגעהויבען און האָט מיט א פאַר־שעמטען שמייכעל פאררייכט די האָר. ווען בערסענעוו האָט גע־רעדט מיט א פרוי, האָט ער נאָך שטארקער גערעדט אונטער'ן צונג און נאָך לאַנגזאַמער געצויגען די ווערטער.

— איהר ווילט זיין פּראָפעסאָר פון געשיכטע ? — האָט גע־פרעגט יעלענא.

— יאָ, פון געשיכטע, אָדער פילאָזאָפיע, — האָט ער צו־געגעבען, אַרונטערלאָזענדיג דאָס קול, — אויב דאָס זאָל נאָר מעגליך זיין.

— ער איז שוין איצט ווי א טייפעל שטארק אין פילאָזאָפיע, — האָט באמערקט שובין, און דערביי איינגעקריצט מיט'ן נאָגעל טיפע שטריכען אין דער ליים, — נאָך וואָס זאָל ער נאָך פאָהרען קיין אויסלאַנד?

— און דאָן וועט איהר שוין פאָלשטענדיג צופרידען זיין מיט אייער לאַגע? — האָט געפרעגט יעלענא, זיך אָנשפּארענדיג אויפ'ן עלענבויגען און קוקענדיג איהם גלייך אין פּנים אריין.

— פאָלשטענדיג, יעלענע ניקאָלאַיעוונא, פאָלשטענדיג. קען נאָך זיין א בעסערער בארוף, ווי נאָכפאָלגען טימאָפעי ניקאָלאַיעוויטש'ען?... דער איינער געדאנק בלויז פון אזא אַרט ארבייט פילט מיך אָן מיט פרייד און בושה... יאָ, בושה. מיט בושה, וואָס קומט פון באוואוסטזיין, אַז קליין זיינען מיינע כחות. דער פאַר־שטאָרבענער פאָטער מיינ'ער עליו השלום האָט מיך געבענשט אויף אזא ארבייט... איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען זיינע לעצטע ווערטער.

— אייער פאָטער איז געשטאָרבען היינטיגען ווינטער?

— יאָ, ער איז געשטאָרבען אין פעברואר.

— מען זאָגט, — האָט פאָרטגעזעצט יעלענא, — אַז ער האָט איבערגעלאָזען א מערקווירדיגעס ווערק אין מאנוסקריפּט; איז דאָס אַן אמת?

— יאָ, ער האָט איבערגעלאָזען. דאָס איז געווען א זעלטע־נער מענש. איהר וואָלט זיך זיכער צוגעבונדען צו איהם, יעלענא ניקאָלאַיעוונא.

— איך בין זיכער אין דעם. וואָס איז דער אינהאַלט פון דעם ווערק?

— דעם אינהאַלט פון אָט דעם ווערק, איבערצוגעבען אייך אין קורצען, יעלענא ניקאָלאַיעוונא, איז ניט קיין לייכטע זאַך: מיין פאָטער איז געווען א געלעהרטער מענש, שעלינג'ס א שילער. ער האָט זיך אָפט באַנוצט מיט גאַר ניט קיין קלאָרע אויסדרוקען...

— אנדרעי פּעטראָוויטש, — האָט איהם איבערגעשלאָגען יעלענא, — אנטשולדיגט מיין אונוויסענהייט, וואָס מיינט דאָס: שעלינג'ס שילער?

בערסענעוו האָט א לייכטען שמייכעל געטאָן.

— דאָס מיינט אַ נאָכפאָלגער פון דעם דייטשען פילאָזאָף שעלינג, און אין וואָס איז באַשטאַנען זיין לעהרע...

— אום גאָטעס ווילען, אַנדרעי פּעטראָוויטש! — האָט מיט אַמאָל אויסגעשריען שובין. — ווילסטו אפשר איבערלעזען פאר יעלענאַ ניקאָלאַיעוונאַ אַ לעקציע וועגען שעלינג'ען? לאָז דאָס, האָב רחמנות!

— ניט קיין לעקציע, עס הויבט זיך אפילו ניט אָן, — האָט ארויסגעמורמעלט בערסענעוו, און האָט זיך פאררויטעלט, — איך האָב בלויז געוואָלט...

— וואָרום טאָקע ניט קיין לעקציע? — האָט אונטערגעכאַפּט יעלענאַ. — איך מיט אייך, פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש, נויטיגען זיך זעהר אין לעקציעס.

שובין האָט אויסגעגלאָצט אויף איהר די אויגען און איז זיך מיט אַמאָל פאַרגאַנגען פון געלעכטער.

— וואָס־זשע לאַכט איהר? — האָט זי קאַלט געפרעגט.

שובין איז אַנטשוויגען געוואָרען.

— נו, שוין, זייט ניט בייז, — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום ארויסגעפּליסטערט.

— אַנטשולדיגט. אָבערווירקליך, וואָס איז דאָס פאַר אַן ארבייט? מען דאַרף דאָך האָבען אַן אייזערנעם יצר הרע, איצט, אין אַזאַ וועטער, אונטער אָט די בוימער, שמועסען וועגען פילאָזאָפיע. לאָמיר בעסער רעדען וועגען נאַכטיגאַלס, וועגען רויזען, אָדער גאָר וועגען יונגע אויגען און יונגענד שמייכלען.

— יאָ, און אויך וועגען פראַנצויזישע ראָמאַנען און פרויען קליידלאַך־שמאַטקעס, — האָט פאָרטגעזעצט יעלענאַ.

— יאָ, און אפילו וועגען שמאַטקעס, אויב זיי זיינען נאָר שעהן, — האָט אָפּגעענטפערט שובין. — גוט. אָבער אויב אונז ווילט זיך ניט רעדען וועגען שמאַטקעס?

— איהר, וואָס גרויסט זיך מיט דעם נאָמען פון אַ פרייען קינסטלער, ערלויבט זיך צו שטערען די פרייהייט פון אַנדערע? וואָרום זשע פאַלט איהר אָן אויף זאָיאַ'ן, ביי אַזאַ מין אָרט רעדנקען, ערלויבט מיר אייך צו פרעגען? מיט איהר איז באַזונדערס באַקוועם צו רעדען וועגען שמאַטקעס און רויזען.

שובין האָט זיך מיט אמאָל אָנגעצונדען און האָט זיך אויפ־געהויבען פון באַנק.

— אָ, גאָר אַזוי? — האָט ער אָנגעהויבען מיט א ניט זיכע־רער שטים. — איך פאַרשטעה; איהר שיקט מיך פשוט אָפּ צו איהר, יעלענע ניקאָלאַיעוונא. מיט אנדערע ווערטער, איך בין דאָ אָן איבעריגער.

— איך האָב אפילו בדעה ניט געהאַט אייך אוועקצושיקען פון דאַנען.

— איהר ווילט זאָגען, — האָט בייז און מיט פייער פאַרט־געזעצט שובין, — אַז איך בין ניט ווערטה קיין אַנדער געזעלשאַפט, אַז איך בין צו איהר א פּאָר, אַז איך בין אַזוי פּוסט, קליינליך און נאַריש, ווי אָט די זיסליכע דייטשקע? ניט אַזוי אפשר?

יעלענא האָט אָנגעכמורעט די ברעמען.

— איהר האָט ניט אַלע מאָל אַזוי גערעדט וועגען איהר, פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש, — האָט זי באַמערקט.

— אָ, א פּאַרוואורף! א פּאַרוואורף! א פּאַרוואורף! — האָט אויסגעשריען שובין.

— נו, יאָ, עס איז געווען א מינוט, בלויז איין מינוט, ווען אָט די פרישע, וואולגאַרע בעקלאַך... נאָר ווען איך זאָל אייך וועלען אָפּצאָהלען מיט א פּאַרוואורף און אייך דערמאָנען... זייט געזונט, — האָט ער מיט אמאָל צוגעגעבען, — איך קען זיך נאָך פאַררעדען.

און א קנאַק טוענדיג מיט'ן הוט איבער'ן ליים, פון וועלכער ער האָט אויסגעקלעפּט א קאָפּ, איז ער אַרויסגעלאָפען פון ביידעל און איז אוועק צו זיך אין צימער.

— א קינד, — האָט געזאָגט יעלענא, איהם נאָכקוקענדיג.

— א קינסטלער, — האָט באַמערקט מיט א שטילען שמייכעל בערסענעוו. — אַלע קינסטלער זיינען אַזוי. מען דאַרף זיי פאַר־געבען זייערע קאַפּריזען. דאָס איז זייער רעכט.

— יאָ, — האָט אָפּגעענטפערט יעלענא, — אָבער פּאַוועל האָט נאָך מיט קיין זאַך ניט פאַרדינט פאַר זיך אָט דאָס רעכט. וואָס האָט ער אויפגעטאָן ביז אַהער? גיט מיר די האַנד און לאָמיר זיך דורכגעהן איבער דער אַלעע. ער האָט אונז געשטערט. מיר האָבען גערעדט וועגען אייער פאָטער'ס ווערק.

בערסענעוו האָט גענומען יעלענאַ'ס האַנד און איז אַוועק מיט איהר שפּאַצירען איבער'ן גאָרטען, אָבער דער אָנגעהויבענער גע־שפּרעך, וועלכער איז צו פריה איבערגעריסען געוואָרען, האָט זיך שוין מעהר ניט באַנייט; בערסענעוו האָט ווידער גערעדט וועגען זיין בליק אויף דער פּראָפעסור און וועגען זיין צוקינפטיגער ארבייט, ער האָט זיך שטיל באַוועגט נעבען יעלענאַ'ן, אַזוי אונגעלומפּערט געשפּאַנט, אונגעשיקט זי אונטערגעהאַלטען אונטער'ן האַנט, און פון צייט צו צייט ניט ווילענדיג זי אונטערגעשטויסען אין פּלייצע. פאַר דער גאַנצער צייט האָט ער קיין איינציגען מאָל ניט אויפ־געהויבען אויף איהר די אויגען; אָבער זיינע רייד האָבען זיך גע־גאָסען לייכט, אויב אָפילו ניט אינגאַנצען פריי. ער האָט גערעדט פּשוט און גוט, און פון זיינע אויגען, וועלכע האָבען לאַנגזאַם גע־בלאָנדזשעט איבער די שטאַמען פון די בוימער, איבער דעם זאַמד פון דער סטעזשקע, איבער'ן גראָז, האָט אַרויסגעשטראַהלט אַ שטילע נחמה פון איידעלע געפיהלען, און אין דעם באַרוהיגטען טאָן פון זיין שטים האָט געקלונגען די פרייד פון אַ מענשען, וועלכער פיהלט, אַז עס גיט זיך איהם איין אויסרעדען דאָס הארץ פאַר אַ צווייטען מענשען, וואָס איז איהם טייער. יעלענאַ האָט איהם אויפמערק־זאַם געהערט. זי האָט זיך אויף האַלב אויסגעקירעוועט צו איהם און האָט ניט אַראָפּגענומען דעם בליק פון זיין עטוואָס בלאַס־געוואָרענעם געזיכט, פון זיינע פריינדליכע גוטע אויגען, וועלכע האָבען זיך געמיהט אויסמיידען די באַגעגעניש מיט איהרע אויגען. איהר נשמה האָט זיך געעפענט, און אַ גוטער צאַרטער געפיהל האָט זיך אַריינגעגאָסען, אויסגעוואַקסען אין איהר האַרצען.

שובין איז ניט אַרוים פון זיין צימער ביז ביינאַכט. עס איז שוין געווען אינגאַנצען פינסטער, די האַלבע לבנה איז געשטאַנען הויך אין הימעל, עס האָט זיך שוין געוויסט דער מילך־וועג, די שטערען האָבען געפינקעלט, ווען בערסענעוו האָט זיך געזעגענט מיט אננאַ וואַסיליעוונאַ'ן, מיט יעלענאַ'ן און זאָיאַ'ן, און איז צו־געגאַנגען צו דער טיר פון זיין חבר'ס צימער. ער האָט זי געפונען אַ פאַרשלאָסענע, און ער האָט אָנגעקלאַפּט.

— ווער איז דאָרט? — האָט געפרעגט שובין.

— איך, — האָט געענטפערט בערסענעוו.

— וואָס ווילסטו?

— לאָז מיך אריין, פּאוועל, גענוג שוין צו פיהרען קאַפּריזען; ווי שעהמסטו זיך ניט?

— איך פיהר ניט קיין קאַפּריזען; איך שלאָף און אין חלום זעה איך זאָיאַ'ן.

— הער אויף, איך בעט דיך. דו ביזט ניט קיין קינד. לאָז מיך אריין, איך דאַרף מיט דיר רעדען.

— דו האָסט זיך נאָך ניט גענוג אָנגערעדט מיט יעלענאַ'ן?

— נו, גענוג שוין, גענוג; לאָז מיך אריין!

שובין האָט געענטפערט מיט אַ געמאַכטען כראָפּען. בערסענעוו האָט אַ דריק געטאָן מיט די פּלייצעס און איז אַוועק אַהיים.

די נאַכט איז געווען אַ וואַרימע און עפּעס אַ באַזונדער שטילע, אַזוי ווי אַלעס ארום וואָלט זיך צוגעהערט און געהיט וואָס; בערסענעוו, באַהערשט פון דער באַוועגלאָזער פינסטערניש, האָט זיך ניט ווילענדיג אָפּגעשטעלט און זיך אויך גענומען איינהערען און היטען. אַ לייכטער שאָרך, וואָס דערמאָנט דעם שטילען רוישען פון אַ פרויען קלייד, האָט זיך פון צייט צו צייט אויפגעהויבען אין די שפּיצען פון די נאָהענטסטע ביימער און האָט געוועקט אין בערסענעוו'ען אַ געמישטען געפיהל פון גענוס און מורא; מוראש־קעס זיינען איבערגעלאָפען איבער זיינע באַקען, און די אויגען האָט דורכגענומען אַ קעלט פון אַן אויגענבליקליכער טרעהר: איהם האָט זיך געוואָלט, אַז זיינע טריט זאָלען זיך גאָר אינגאַנצען ניט הערען, אַזוי שטיל זאָל ער געהן, זיך באַהאַלטען און זיך גנב'ענען; אַ שאַרפער ווינט איז אויף איהם אָנגעפאַלען פון דער זייט; ער האָט קוים־קוים אַ ציטער געטאָן און איז פאַרשטאַרבען אויפ'ן אָרט. אַ פאַרשלאָפענער זשוקעל איז אַראָפּגעפאַלען פון אַ צווייגעל מיט אַ לייכטען קלאַפּ אין דער ערד. בערסענעו האָט שטיל אַ געשריי געטאָן, און האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

מיט אַמאָל האָט ער זיך פאַטראַכט וועגען יעלענאַ'ן; און אָט די אַלע פאַרבייגעהענדע עמפּפינדונגען זיינען גלייך פאַר־שוואונדען; עס איז בלויז פאַרבליבען דער ערפרישענדער איינ־דרוק פון אָט דער וואונדערליכער פרישער נאַכט צוזאַמען מיט דעם ביינאַכטיגען שפּאַציר. דער געשטאַלט פון דער יונגער מיידעל

האַט פאַרנומען זיין גאַנצע נשמה. ער איז געגאַנגען מיט אַן אראָפּ־געלאָזענעם קאָפּ, פאַרטיפט אין די עראינערונגען וועגען איהר.

עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, אז ער הערט שנעלע טריט הינטער זיך. ער האָט צוגעלעגט דעם אויער און זיך איינגעהערט: אימיצער איז ווירקליך געלאָפען, אימיצער האָט איהם אָנגעיאָגט; גלייך האָט זיך דערהערט אימיצענ'ס אַ האסטיגער אָפּגעריסענער אָטעם; מיט אמאָל איז ארויסגעטראָטען שובין פון אַ שוואַרצען שאָטען קרייז, וואָס איז געפאַלען פון אַ גרויסען בוים, אָהן אַ היטעל אויף די צושויבערטע האָר, און אינגאַנצען בלאַס ביים שיין פון דער לבנה.

— מיך פרעהט, וואָס דו ביזט געגאַנגען מיט דעם וועג, — האָט ער קוים ארויסגערעדט. — איך וואָלט די גאַנצע נאַכט ניט איינגעשלאָפען, ווען איך זאָל דיך ניט געווען דעריאָגען. גיב מיר די האַנט.

— דו געהסט דאָך אהיים?

— יאָ, אהיים.

— איך וועל דיך באַגלייטען.

— אָבער ווי ועסטו דאָס געהן אָהן אַ היטעל?

— נישקשה. איך האָב דעם האַלזטוך אויך אראָפּגענומען, איצט איז וואַרעם.

די גוטע פריינט האָבען געמאַכט אַ פּאָר טריט.

— אמת, איך בין היינט געווען זעהר נאַריש? — האָט פּלוצלינג אַ פרעג געטאָן שובין.

— אָפען גערעדט, יאָ. איך האָב דיך ניט געקענט פאַרשטעהן. אַזוינעם האָב איך דיך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן. פאַרוואָס ביזטו אין כעס געוואָרען? זאָג! ס'אַר אַ מינע נאַרישקייטען!

— בע... — האָט ארויסגעברומט שובין. — אָט ווי דו דריקסט זיך אויס. איך בין ווייט פון נאַרישקייטען.

— זעהסטו, — האָט ער צוגעגעבען, — איך מוז דיר באַ־מערקען, אַז איך... אַז... דענק וועגען מיר וואָס דו ווילסט... איך... נו, יאָ!... איך בין פאַרליבט אין יעלענאַ'ן.

— דו ביזט פאַרליבט אין יעלענאַ'ן? — האָט ווידערהאָלט בערסענעוו און האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— יאָ, — האָט מיט אַ געצוואונגענער נאָכלעסיגקייט פאַרט־געזעצט שובין, — דאָס וואונדערט דיך? איך וועל דיר זאָגען נאָך מעהר. ביז היינטיגען אָווענט האָב איך געקענט האָפען, אַז מיט דער צייט וועט זי מיך אויך ליב באַקומען. אָבער היינט האָב איך זיך איבערצייגט, אַז איך האָב ניט אויף וואָס צו האָפען. זי האָט זיך פאַרליבט אין אַן אַנדערען.

— אין אַן אַנדערען, אין וועמען?

— אין דיר! — האָט אויסגעשריען שובין, און האָט איהם אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן האַנט איבער'ן פּלייצע.

— אין מיר?

— אין דיר! — האָט ווידערהאָלט שובין.

בערסענעוו האָט געמאַכט אַ שפּאַן צוריק און איז געבליבען באַוועגלאָז.

— דאָס וואונדערט דיך? דו ביזט אַ באַשיידענער יונגער־מאָן. אָבער זי האָט דיך ליב. אין דער הינזיכט מעגסטו רוהיג זיין.

— וואָס פּלוידערסטו? — האָט בערסענעוו געזאָגט מיט פאַרדרוס.

— ניין, דאָס איז ניט קיין נארישקייטען. אָבער, וואָס שטעהען מיר? קום, לאָמיר געהן, אַזוי איז לייכטער. איך קען זי שוין פון לאַנג, און קען זי זעהר גוט. איך קען קיין טעות ניט מאַכען. דו ביזט איהר צום הארצען. עס איז געווען אַ צייט, ווען איך בין איהר אויך געווען געפעלען, נאָר ערשטענס, בין איך פאַר איהר צו אַ לייכטזיניגער יונגערמאַן, און דו ביזט אַן ערנסטער וועזען, דו ביזט פיזיש און מאָראַליש אַ ריינע פערזאָן, דו... וואַרט, איך האָב ניט געענדיגט, ביזט אַן ענטוזיאַסט, דו ביזט אַן אמת'ער פאַרטרעטער פון יענע דינער פון דער וויסענשאַפט, מיט וועלכען עס שטאָלצירט אַזוי דער מיטעלקלאַס פון דעם אַדעל!... דאָס איז ערשטענס; צווייטענס, האָט יעלענאַ מיך געטראָפען קושען זאַיאַ'ס האַנט.

— זאַיאַ'ס?

— יאָ, זאַיאַ'ס. ווי געפעלט דיר? זי האָט אַזוינע שעהנע פּלייצעס. יעלענאַ האָט מיך געטראָפען ביי אָט די פרייע פאַר־

ווייל'ונגען נאָך מיטאָג, ווען פאַר מיטאָג האָב איך אין איהר אנ־ וועזענהייט געזידעלט זאָיאַ'ן.

צום באַדויערען, פאַרשטעהסט ניט יעלענאַ די גאַנצע נאַטיר־ ליכקייט פון אַזוינע ווידערשפּרוכען. דו האָסט זיך אונטערגערוקט: דו גלויבסט... דו גלויבסט... דו רויטעלסט זיך, שעמסט זיך, און רעדסט וועגען שילער'ן, וועגען שעלינג'ען (זי, פאַרשטעהסטו, זוכט אַלץ אויסערגעוועהנליכע מענשען). אויף אַזאַ אופן האָסטו גע־ זיגט, און איך, אומגליקליכער, שפּאַס כלומר'שט, און... און... און דערווייל'ע...

שובין האָט זיך מיט אַמאָל צואווינט און איז אוועק אָן אַ זייט, ער איז אוועק פון וועג, האָט זיך צוגעזעצט אויף דער ערד און זיך געכאַפּט פאַר די האָר.

בערסענעוו איז צוגעגאַנגען צו איהם.

— פּאַוועל, — האָט ער אָנגעהויבען, — וואָס מאַכסטו זיך קינדיש? אום גאָטעס ווילען, וואָס איז מיט דיר היינט? גאָט ווייס וואָס פאַר אַ משוגעת עס איז דיר איינגעפאַלען און דו וויינסט, באמת מיר דוכט זיך, אַז דו מאַכסט זיך.

שובין האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ. טרערען האָבען גע־ פינקעלט אויף זיינע באַקען ביים שיין פון דער לבנה, אָבער דאָס געזיכט האָט געשמייכעלט.

— אַנדרעי פּעטראָוויטש, — האָט ער אָנגעהויבען, — דו קענסט דענקען וועגען מיר וואָס דו ווילסט. איך שטים צו, אַז איצט בין איך אין איסטעריאַ, אָבער אויף מיין וואָרט, אַז איך בין פאַרליעבט אין יעלענאַ'ן און יעלענאַ ליעבט דיך. יאַ, כ'האָב דיר צוגעזאָגט צו באַגלייטען דיך אַהיים, איך וועל האַלטען מיין וואָרט.

ער האָט זיך אויפגעהויבען.

— אָבער וואָס פאַר אַ נאַכט! אַזאַ יונגע, טונקעלע, ווי מיט זילבער דורכגעוועבט! ווי גוט איז איצט די, וועמען מען ליעבט! וואָס פאַר אַ פריידע עס איז פאַר זיי ניט צו שלאָפען! אַנדרעי פּעטראָוויטש, וועסטו שלאָפען?

בערסענאָוו האָט גאָר ניט געענטפערט, און האָט פאַרגיכערט זיינע טריט.

— וואוהין איילסטו זיך? — האָט פאַרטגעזעצט שובין. — גלויב מיר, אַז אַזאַ נאַכט וועט זיך מעהר ניט ווידערהאָלען אין דיין לעבען. אין דערהיים וואַרט אויף דיר שעלינג. אמת טאַקע, אַז שעלינג האָט דיר ערליך צוגעדינט, פונדעסטוועגען אייל זיך ניט. זינג אויב דו קענסט, זינג נאָך העכער, העכער; אויב דו קענסט ניט זינגען — נעהם אַראָפּ דאָס היטעל, פאַרוואַרף די קאָפּ און שמייכעל צו די שטערען. ווייל זיי קוקען אויף דיר, בלויז אויף דיר אליין: די שטערען טוען בלויז איין זאַך: זיי קוקען אויף פאַרליעבטע מענשען, — דערפאַר זיינען זיי אַזוי שעהן. דו ביזט דאָך פאַרליעבט, אַנדרעי פעטראָוויטש... וואַרום ענטפערסטו מיר ניט? — האָט ווידער אָנגעהויבען שובין. — אָבער אויב דו ביזט גליקליך, טאָ שוויג, שוויג! איך פּלוידער דערפאַר ווייל איך בין אַ שלים־מזל, איך בין ניט געליעבט, איך בין אַ קונצען־מאַכער, אַן אַרטיסט, אַ נאַכקרימער; אָבער וואָס פאַר אַ שטילען צויבער וואָלט איך געטרונקען אונטער אָט די בריליאַנטענע שטערען, ווען איך זאָל וויסען, אַז איך בין געליעבט?... בערסענעוו, דו ביזט גליקליך?

בערסענעוו האָט געשוויגען ווי פריער און איז שנעל געגאַנגען איבער דעם גלייכען וועג. פאַראויס צווישען די בוימער האָבען זיך געוויזען די פייערען פון יענעם דערפעל, וואו ער האָט געוואוינט; דאָס דערפעל איז אינגאַנצען באַשטאַנען פון אַ פּאָר צעהנדליג קליינע זומער וואוינונגען. אין סאַמע אָנפאַנג פון דערפעל האָט זיך געפונען אַ קליינע קלייטעל; אַלע פענסטער פון'ם געוועלבעל זיינען שוין געווען צוגעמאַכט, אָבער פון דער אָפענער טיר איז געפאַלען, ווי אַ פאָכער אויפ'ן צוטראָטענעם גראָז, אַ ברייטער פאַס ליכט און האָט אָפּגעשלאָגען אַרויף אויף די בוימער, שאַרף באַלייכטענדיג דעם ווייסליכען הינטערגרונד פון די בלעטער. אין געוועלבעל, מיט די פּלייצעס צום טיר, איז געשטאַנען אַ פרוי, לויט'ן אויסזעהן אַ דינסטמיידעל. זי האָט זיך געדונגען מיט'ן באַלעבאָס. פון אונטער'ן רויטען שאַלכעל וואָס זי האָט אַרויפגעוואָרפען אויפ'ן קאָפּ און וואָס זי האָט צוגעהאַלטען מיט'ן האַנט ביים קין, האָט זיך קוים אַרויסגעזעהן אַ קיילעכדיג בעקעל מיט אַ דין העלזעל.

די יונגע מענשען זיינען אַריין אין פאַס פון ליכט, שובין

האָט אריינגעקוקט אינווייניג אין קלייטעל. ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט און אַ רוף געטאָן: „אַנושקאַ!" דאָס מיידעל האָט זיך פלינק אויסגעדרעהט. עס האָט זיך באוויזען אַ שעהנינקער, ברייט־ליכער, אָבער פרישער געזיכט מיט פרעהליכע שווארצע אויגען און שווארצע ברעמען.

— אַנושקאַ! — האָט ווידערהאָלט שובין.

דאָס מיידעל האָט זיך איינגעקוקט אין דער פינסטער. זי האָט זיך דערשראָקען און פארשעמט, און שוין ניט פאַרענדיגענדיג איינקויפען, האָט זי זיך אראָפּגעלאָזען פון גאניק און איז געשיקט פארבייגעגאַנגען קוים־קוים זיך אומקוקענדיג, און איז אוועק אי־בער'ן וועג לינקס. דער קרעמער, — אַ דיקער און גלייכגילטיגער מענש צו אַלץ אויף דער וועלט, ווי אַלע קליינע קרעמער, — האָט אַ הירזשע געטאָן, און זיך צוגענעצט נאָכקוקענדיג איהר, און שובין האָט זיך געווענדעט צו בערסענעוו'ען מיט די ווערטער: „דאָס... דאָס... זעהסטו איך האָב דאָ אַ באַקאַנטע פאַמיליע... דאָס דיענט זי ביי זיי... דו טראַכט נאָר ניט, און ניט פאַרענדיגענדיג איז ער אוועקגעלאָפען נאָך דער מיידעל.

— ווייניגסטענס וויש כאָטש אויס דיינע טרערען, — האָט איהם נאָכגעשריען בערסענעוו, און האָט זיך ניט געקענט אָפּהאַל־טען פון לאַכען. אָבער ווען ער איז געקומען אהיים, האָט ער שוין מעהר ניט געלאַכט און אויף זיין געזיכט איז שוין מעהר ניט געווען קיין פרעהליכער אויסדרוק. ער האָט אפילו אויף קיין אויגענבליק ניט געגלויבט אין דעם, וואָס שובין האָט איהם געזאָגט, אָבער דאָס ארויסגעזאָגטע וואָרט האָט זיך איהם טיף איינגעקריצט אין האַר־צען. „פאַוועל נאַרט מיך, — האָט ער געטראַכט, — אָבער זי וועט זיך ווען ניט איז דאָך פאַרליעבען... אין וועמען וועט זי זיך פאַר־ליעבען?"

אין בערסענעוו'ס צימער איז געשטאַנען אַ פּיאַנאָ. דאָס איז געווען אַ קליינע אַלטע פּיאַנאָ, מיט אַ ווייכען אַנגענעהמען, אָבער ניט מיט קיין איבעריג ריינעם טאָן. בערסענעוו האָט זיך צוגע־זעצט צו דער פּיאַנאָ און האָט אָנגעהויבען נעהמען פארשיידענע אַקאָרדען. ווי אַלע רוסישע אדעללייט האָט ער זיך אין דער יוגענד געלערענט שפּילען, און כמעט ווי זיי אַלע, זעהר שלעכט געשפּילט;

ער האָט אָבער ליידענשאַפטליך ליעב געהאַט מוזיק. אייגענטליך האָט ער אין מוזיק ניט ליעב געהאַט די קונסט, ער האָט אויך ניט ליעב געהאַט די פאָרמען, אין וועלכע זי דריקט זיך אויס, די סימ־פאָניעס און סאָנאַטען, אפילו אָפּעראַס האָבען אָנגעוואָרפען אויף איהם אַן אומעט, ער האָט ליעב געהאַט די סטיכיע פון מוזיק; ער האָט ליעב געהאַט יענע אונקלאָרע און זיסע, זאָרגלאָזע און אַליז ארומנעהמענדיגע עמפּינדונגען, וועלכע דאָס איבערגיסען זיך פון קלאַנגען ערוועקט אין דער נשמה. מעהר ווי אַ שטונדע איז ער ניט אָפּגעטראָטען פון דער פּיאַנאָ, אַ סך מאָל איבערחזר'ענדיג איינע און די זעלבע אַקאָרדען, איינגע'עקשנ'ט זוכענדיג נייע, זיך אָפּ־שטעלענדיג, און פארשטארבעדיג אויף די פארקלענערטע קלאַנ־גען. דאָס הארץ האָט געגאָגט, און די אויגען זיינען ניט איין מאָל פול געוואָרען מיט טרערען. ער האָט זיך ניט געשעמט מיט זיי: ער האָט פארגאָסען די טרערען אין דער פינסטער. — „פּאַוועל איז גערעכט, — האָט ער געטראכט, — איך פיהל, אַז אַט דער אבענד וועט זיך מעהר ניט ווידערהאָלען".

אם ענדע איז ער אויפגעשטאַנען, האָט אָנגעצונדען די ליכט, האָט ארויפגעוואָרפען אויף זיך דעם כאַלאַט, האָט אראָפּגענומען פון פּאָליצע דעם צווייטען באַנד פון ראומער'ס „געשיכטע פון די האָהענשטאָפען" — און אָפּזיפצענדיג אַ פּאָר מאָל, האָט ער זיך מיט חשק גענומען לעזען.

.6

צו דער זעלבער צייט האָט זיך יעלענאַ אומגעקעהרט אין איהר צימער. זי האָט זיך אָוועקגעזעצט ביים אָפענעם פענסטער, אָנ־שפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף די הענט. ביי איהר איז געוואָרען אַ געוואוינהייט צו פארברענגען פאר'ן שלאָף אַ פערטעל שטונדע ביים פענסטער פון איהר צימער. אין דער צייט האָט זי גע־שמועסט מיט זיך אליין, זיך אָפּגעגעבען דין וחשבון פון דעם פאר־גאַנגענעם טאָג. ניט לאַנג צוריק איז זי געוואָרען צוואַנציג יאָהר אַלט. זי איז געווען אַ הויכע מיט אַ טונקעל בלאַס געזיכט; איהרע גרויסע גרויע אויגען אונטער די רונדע ברעמען זיינען געווען ארומ־

גערינגעלט מיט קליינינקע זומער־שפּרינקלעך. די נאָז מיט'ן שטערען זיינען געווען אבסאָלוט גלייכע, דער מויל אַ צוזאַמענגעפּרעסטער, די מאָרדע אַ שאַרפע. דער טונקעל בלאָנדער צאָפּ איז נידעריג געפאַלען אויף איהר דינעם האַלז. אין איהר גאַנצען וועזען, אין דעם אויסדרוק פון איהר געזיכט, אין דעם אויפמערקזאַמען, עטוואָס דערשראָקענעם בליק, אין איהר שמייכעל, וואָס האָט אויסגעזעהן ווי אָנגעשטרענגט, און אין דער שטילער שטימע איז געווען עטוואָס נערוועזעס, פול מיט עלעקטריע, עטוואָס אָפּגעריסענעס און איילענדיגעס, מיט איין וואָרט עטוואָס אַזוינס וואָס האָט ניט אַלעמען געקענט געפעלען, וואָס האָט אפילו אייניגע אָפּגעשטויסען.

הענט האָט זי געהאַט שמאָלע, ראָזעווע, מיט לאַנגע פינגער; געגאַנגען איז זי שנעל, כמעט האַסטיג, אַביסעל אויסגעבויגען פאָראויס. געוואַקסען איז זי זעהר מאָדנע; צוערשט האָט זי פאַרגעטערט דעם פאָטער, דערנאָך האָט זי זיך לייִדענשאַפטליך צוגעבונדען צו דער מוטער, און האָט זיך שפּעטער אויסגעליעבט פון ביידען, באַזונדערס איז זי קאַלט געוואָרען צום פאָטער. אין דער לעצטער צייט איז זי זיך באַגאַנגען מיט דער מוטער ווי מיט אַ קראַנקער באָבע; דער פאָטער, וועלכער האָט שטאָלצירט מיט איהר ביז וואַנען זי איז געווען פאַר'שם'ט פאַר אַן אויסערגעוועהנליכען קינד, האָט גענומען מורא האָבען פאַר איהר ווען זי איז אויסגעוואַקסען, און גערעדט וועגען אהר, אַז זי איז אַ באַגייסטערטע רעפּובליקאַנערין, גאָט ווייס אין וועמען זי איז געראָטען! קיין שוואַכקייט האָט זי ניט אַריבערגעטראָגען; נאַרישקייט האָט זי געערגערט און קיין ליגען האָט זי קיינמאָל ניט געקענט פאַרגעבען. איהרע פאָדערונגען האָבען זיך פאַר קיין זאַך ניט אָפּגעשטעלט, און אַפילו איהרע תפילות האָבען זיך אויסגעמישט מיט פאָרווירפע. אַ מענש האָט בלויז באַדאַרפט פאַרלירען איהר אַכטונג, אַז ער זאָל שוין אינגאַנצען פאַר איהר מעהר ניט עקזיסטירען. אַן אורטייל האָט זי ארויסגעטראָגען שנעל, אָפּט צו שנעל. יעדער איינדרוק האָט זיך שאַרף געלעגט אויף איהר נשמה: שווער האָט זיך איהר געגעבען דאָס לעבען.

די גוּאוּוערנאַנטין, וועמען אַננאַ וואַסיליעוונאַ האָט אָנפאַר־

טרויט צו דערענדיגען די ערציהונג פון איהר טאָכטער, אַן ערציהונג וואָס איז אפילו קיינמאָל ניט אָנגעהויבען געוואָרען פון איהר, איז געווען אַ רוסישע מיידעל, די טאָכטער פון אַ באַנקראָטירטען כאַבאַרניק, אַן אינסטיטוטקע. דאָס איז געווען אַ גוטער, פיהלענדער און ליגנערישער וועזען־זי האָט זיך געהאַלטען אין איין איינליעבען און האָט געענדיגט דערמיט וואָס צום פופציגסטען יאָהר, ווען יעלענאַ'ן איז געוואָרען 17 יאָהר, האָט זי חתונה געהאַט מיט עפּעס אַן אָפיצער, וועלכער האָט זי דערנאָך אַוועקגעוואָרפען. אָט די גוּוואָרנאַנטין האָט שטאַרק ליעב געהאַט ליטעראַטור, און זי האָט איינגעפּלאַנצט אין יעלענאַ'ן אַ פאַרלאַנג און ליעבע צום לעזען. אָבער לייענען אַליין האָט יעלענאַ'ן ניט געקענט צופרידען שטעלען. זי האָט פון קינדווייז אָן געדורשט נאָך טעטיגקייט, געדורשט צו טאָן גוטס. אָרימע, הונגעריגע און קראַנקע האָבען שטענדיג פאַרנומען איהרע געדאַנקען, זי באַאונרוהיט און געמאַטערט; זי פלעגט זיי זעהן אין חלום, פלעגט זיך דערפרעגען וועגען זיי ביי אַלע איהרע באַקאַנטע; אַ נדבה פלעגט זי געבען אויפמערקזאַם מיט אַן אומשולדיגער גרויסקייט, כמעט מיט אויפרעגונג. אַלע אונטערדריקטע: הויז חיות, פאַרשטויסענע הויף־הינט, פאַרורטיילטע צום טויט קעצלאַך, ארויסגעפאַלענע פון נעסט פויגעלאַך האָבען געפונען אין יעלענען זייער באַשיצערין. זי האָט זיי אַליין געהאָדעוועט און האָט זיך ניט גע'מיאוס'ט פון זיי. די מוטער האָט איהר ניט געשטערט. דערפאַר איז דער פאָטער געווען זעהר אויפגעבראַכט אויף זיין טאָכטער פאַר איהר, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, נאַרישער צערטליכקייט. ער פלעגט פאַרזיכערען, אַז מיט הינט און קעץ איז פול די הויז, אַזוי אַז מען קען זיך ניט אַ קעהר טאָן.

„לענאָטשקאַ, — פלעגט ער צו איהר שרייען, — געה גיכער, אָט זויגט אַ שפּין אַ פליג, געה באַפריי די אומגליקליכע!" און לענאָטשקאַ, איינגאַנצען אַ צוואוועהטאָגטע, איז געקומען צופליהען, האָט באַפרייט די פליג און פאַרריכט איהרע פיסלאַך. „נו, און איצט גיב איהר זאָל זי צובייסען, אויב דו ביזט שוין יאַ אַזאַ גוטע", האָט מיט אַן איראָניע באַמערקט דער פאָטער. אָבער זי האָט איהם ניט געהערט. אויפ'ן צעהנטען יאָהר האָט זי זיך באַקאַנט מיט

אן אָרימער מיידעלע קאַטיאַ. שטילינקערהייד פלעגט זי זיך טרעפען מיט איהר אין גאָרטען, פלעגט איהר ברענגען גוטע זאַכען, געשענקט נאָז־טיכלאך און צעהנקאָפּעדיגע. קיין שפּיעלצייג האָט קאַטיאַ ניט גענומען.

זי פלעגט זיך זעצען אַרום איהר אויף דער טרוקענער ערד צווישען די ווילדע גראָזען און מיט אַ פריידיג־געהאָרכזאַמען געפיהל עסען איהר פאַרדאַרטען ברויט און אויסהערען איהרע מעשיות. קאַטיאַ האָט געוואוינט ביי אַן אַלטער בייזער מומע, וועלכע פלעגט זי שטענדיג שלאָגען. זי האָט געהאַסט די מומע און האָט אַלץ גערעדט דערפון ווי זי וועט אַנטלויפען פון איהר, וועט לעבען אויף גאָט'ס באַראָט, אינגאַנצען פריי. מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער אַכטונג און מורא האָט יעלענאַ זיך צוגעהערט צו אָט די נייע אונבאַקאַנטע ווערטער. זי האָט זיך צוגעקוקט צו קאַטיען, און אַלץ אין איהר, אָנהויבענדיג פון איהרע ביסטרע שוואַרצע כמעט ווילדע אויגען, פאַרברענטע הענט און טויבער שטים, אַפילו איהר צוריסען קליידעלע האָט געמאַכט אויף איהר דעם איינדרוק פון עטוואָס אויסערגעוועהנליכעס, כמעט הייליגעס. אומקעהרענדיג זיך אַהיים פלעגט יעלענאַ פיעל טראַכטען וועגען די אָרימע, וועגען גאָט'ס פרייער וועלט; זי האָט געטראַכט דערפון ווי זי וועט אויסשניידען פאַר זיך אַ גוטען שטעקען, וועט אָנטאָן אַ טאָרבע און וועט אַנטלויפען מיט קאַטיען. יעלענאַ האָט זיך פאָרגעשטעלט ווי זי וועט אומוואַנדערען איבער די וועגען אין אַ קראַנץ פון בלויע פעלד־בלימלאך, ווייל זי האָט איינמאָל געזעהן קאַטיען אין אַזאַ קראַנץ.

ווען אין אַזאַ צייט פלעגט אימיצער פון די אייגענע אריינגעהן צו איהר אין צימער, האָט זי זיך געהאַלטען פרעמד און ווייט. איינמאָל איז זי אין אַ רעגען זיך געגאַנגען זעהן מיט קאַטיען און האָט פאַרשמירט דאָס קליידעלע; דער פאָטער האָט דאָס דערזעהן און האָט זי אָנגערופען „פאַרשמירטע פויערטע". זי איז רויט געוואָרען און צו דער זעלבער צייט איז איהר גוט געוואָרען אויפ'ן האַרצען. קאַטיאַ האָט אָפּט אונטערגעזונגען אַ האַלב־ווילד זעלנערש ליעדעל. יעלענאַ האָט אויסגעלערענט אָט דאָס ליעדעל.

ווען אננא וואסיליעוונא האט דערהערט דאס ליעדעל, איז זי אויפ־געקאכט געוואָרען.

— פון וואנען האסטו גענומען אט די מיאוסקייט ? — האט זי געפרעגט ביי איהר טאכטער.

יעלענא האט בלויז א קוק געטאן אויף איהר מוטער און האט קיין וואָרט ניט געזאָגט. זי האט געפיהלט. אז זי וואלט זיך גיכער לאָזען צורייסען אין שטיקער איידער ארויסגעבען איהר סוד, און ווידער איז איהר געוואָרען זים אויפ׳ן הארצען.

אָבער איהר באקאנטשאפט מיט קאטיען האט ניט לאנג אָנ־געהאלטען ; דאָס אָרימע מיידעלע איז קראנק געוואָרען און אין עטליכע טעג ארום געשטאָרבען. יעלענא האט זעהר געבענקט און האט לאנג ניט געקענט שלאָפען ביינאכט, ווען זי האט זיך דער־וואוסט וועגען קאטיעס טויט. די לעצטע ווערטער פון דער אָרי־מער מיידעלע האבען שטענדיג געקלונגען אין איהרע אויערען און איהר האט זיך אלץ געדוכט אז מען רופט זי...

די יאָהרען זיינען געפלויגען ; פלינק און אונבאמערקט ווי די אונטערערדישע וואסערען האט געפליסט יעלענעס יוגענד, אין אוי־סערליכען וואוילזיין און אין שטענדיען אינערליכען קאמף און אומרוה. קיין חבר׳טעס האט זי ניט געהאט : פון אלע מייד־לאך וועלכע האבען באזוכט סטאכאוו׳ס הויז, האט זי זיך אפילו מיט קיין איינער ניט דערנעהנטערט. די אויטאָריטעט פון די עלטערען האט זי קיינמאָל ניט געדריקט, און פון 16 יאָהר אָן איז זי געוואָרען כמעט אינגאנצען אונאָפהענגיג און האט אָנגעהויבען לעבען, אָבער זעהר אן איינזאמען לעבען. איהר נשמה האט זיך אט צופלאקערט און אט פלעגט זי זיך אויסלעשען אין דער פולער איינזאמקייט. זי האט זיך געצאפעלט ווי א פויגעל אין א שטיי־געל, ווען קיין שטייג איז ניט געווען. קיינער האט איהר ניט גע־שטערט, קיינער האט זי ניט אָפגעהאלטען, און זי האט זיך גע־ריסען צו עפעס און זיך געמאטערט. צומאָל פלעגט זי זיך אליין ניט פארשטעהן, און אפילו מורא האבען פאר זיך אליין. אלץ, וואָס האט זי ארומגערינגעלט, האט אויסגעזעהן אין איהרע אויגען אונ־פארשטענדליך און זינלאָז. זי האט געטראכט — ווי אזוי לעבט מען אָהן ליעבע ? און ליעבען איז ניטאָ וועמען ! פון אָט די גע־

דאנקען פלעגט איהר ווערען זעהר שווער און אומעטיג אויפ'ן האר־צען. צו 18 יאָהר איז זי שיער ניט געשטאָרבען פון א בייזער פיבער קראנקהייט. איהר אָרגאניזם, א געזונטער און שטארקער פון דער נאטור, איז אויפגעטרייסעלט געוואָרען ביז'ן פונדאמענט און האָט לאנג ניט געקענט קומען צו זיך. די לעצטע שפורען פון דער קראנקהייט זיינען אָם ענדע פארשוואונדען, אָבער יעלענא ניקאָלאיעווגא'ס פאָטער האָט נאָך אַלץ ניט אָהן גאַל גערעדט וועגען איהרע נערוועז. אָפט פלעגט איהר איינפאלען אז זי פארלאנגט און וויל עטוואָס אזוינס, צו וואָס קיינער אין גאנץ רוסלאנד האָט קיין השגה ניט.

דערנאָך איז זי שטיל געוואָרען, פלעגט אַפילו לאכען פון זיך און זארגלאָז פארברענגען א טאָג נאָך א טאָג. פלוצלונג פלעגט עטוואָס שטארקעס, וואָס האָט קיין נאָמען ניט, אויפברויזען, אויפ־שטורמען אין איהר נשמה און פלעגט זיך בעטען און רייסען פון הארצען אויף גאָט'ס ליכטיגער וועלט. דער שטורם פלעגט דורכ־געהן און די מידע פליגלען, וואָס האָבען זיך אויפגעהויבען צום פליהען, פלעגען זיך אראָפלאָזען; אָבער אָט די איבערלעבונגען פלעגען איהר ניט אָפּגעהן גלאט. ווי זי האָט זיך ניט געמיהט ניט ארויסצואווייזען דאָס, וואָס עס קומט פאָר אין איהר, האָט זיך דער נשמה־אנגסט דאָך ארויסגעוויזען אין דער אויסערליכער רוהיגקייט איהרער. איהרע אייגענע זיינען אָפט געווען בארעכטיגט צו דריקען מיט די פלייצע און ניט פארשטעהן איהרע „מאָדנע גענג".

אין דעם טאָג, פון וועלכען מיר האָבען אָנגעהויבען אונזער ערצעהלונג, איז יעלענא לענגער ווי געוועהנליך ניט אָפּגעטראָטען פון פענסטער. זי האָט א סך געטראכט וועגען בערסענעוו'ען און איהר געשפרעך מיט איהם. ער איז איהר געפעלען געוואָרען; זי האָט געגלויבט אין דער וואַרימקייט פון זיינע געפיהלען, אין דער ריינקייט פון זיינע פארלאנגען. ער האָט נאָך קיינמאָל אזוי ניט גערעדט מיט איהר, ווי אין יענעם אָוועגט. זי האָט זיך דער־מאָנט אָן דעם אויסדרוק פון זיינע ניט געוואגטע אויגען און אָן זיין שמייכעל — און האָט זיך אַליין אויך צושמייכעלט און זיך פאר־טראכט, אָבער שוין ניט וועגען איהם. זי האָט זיך גענומען צו־קוקען אין דער נאכט דורך דעם אָפענעם פענסטער. לאנג האָט

זי זיך איינגעקוקט אין דעם טונקעלען נידעריג אראפגעהאנגענעם הימעל; דערנאך איז זי אויפגעשטאנען, מיט א באוועגונג פון קאפ האט זי אפגעשארט די האר פון פנים און האט אויסגעצויגען, אליין ניט וויסענדיג נאך וואס, צו איהם, צו אט דעם הימעל, איהרע ענטבלויזטע, קאלט געווארענע הענט. דערנאך האט זי זיי אראפ־געלאזען און האט זיך אוועקגעשטעלט אויף די קני פאר איהר בעט. האט זיך צוגעדריקט מיט'ן פנים צום קישען, און ניט קוקענדיג אויף אלע איהרע אנשטרענגונגען צו באהערשען דאס געפיהל וואס האט זי ארומגענומען, האט זי זיך דאך צוואויינט, מיט מאדנע, אונ־פארשטענדליכע אבער הייסע ברענענדע טרערען.

.7

אויפ'ן צווייטען טאג, ארום 12 בייטאג, האט בערסענעוו גע־נומען א איזוואזטשיק און איז אוועק קיין מאסקווע. ער האט באדארפט קריגען געלט פון פאסט, קויפען איינינע ביכער און דערביי האט ער זיך געוואלט זעהן מיט אינסאראוו'ען און איבערריידען מיט איהם. בערסענעוו'ען איז איינגעפאלען, אין דער צייט פון זיין לעצטען געשפרעך מיט שובינען, איינצולאדען אינ־סאראוו'ען צו זיך אויף זיין זומער־וואוינונג.

עס האט בערסענעוו'ען לאנג גענומען ביז ער האט איהם אויסגעפונען. אינסאראוו האט זיך אריבערגעקליבען אין אן אנדער דירה, צו וועלכער עס איז גארניט געווען אזוי לייכט צוצוקומען: זיין וואוינונג האט זיך געפונען אויפ'ן הינטערשטען הויף פון אן אומגעלומפערטען שטיינערנעם מויער, וואס איז געווען געבויט אויפ'ן פעטערבורגער שטייגער, צווישען די ארבטע און פאווארסקי גאסען. בערסענעוו האט אומזיסט אומ־געוואנדערלט פון איין שמוציגען גאניק צום צווייטען, אומזיסט גע־רופען, זיך געבעטען דא ביי איינעם, דא ביי א צווייטען אויפ־זעהער ער זאל איהם אנווייזען אינאראוו'ס וואוינונג. פעטער־בורגער הויז־אויפזעהער מיהען זיך אויסצומיידען די בליקען פון די באזוכער; אין דעם הינזיכט שטייגען זיי אריבער די מאסקווער הויז־אויפזעהער. קיינער האט זיך ניט אפגערופען אויף בערסע־

נעוו'ס רוף; בלויז א נייגעריגער שניידער, אין א זשילעט און מיט א פאסמע גרויע פאדים אויפ'ן פלייצע, האט ארויסגעשטעלט פון פענסטער זיין שטארען, ניט געגאלטען פנים מיט אן אונטערגע־שלאגענעם אויג, און א שווארצע הערנערלאזע ציג האט זיך ארויפ־געקראפקעט אויף א קופע מיסט, האט זיך אויסגעקערעוועט, האט קלאגענדיג א מעקע געטאן און ריהרעוודיגער ווי פריהער זיך גענומען קייען איהר קייעכץ. עפעס א פרוי אין אן אלטען מאנטעל און אין פארלאטעטע שטיוועל האט זיך אם ענדע מרחם געווען אויף בערסענעוו'ען און האט איהם אנגעוויזען אינסאראוו'ס וואוינונג.

בערסענעוו האט איהם געטראפען אין דער היים. ער האט געוואוינט אין א צימער ביי דעם זעלבען שניידער, וועלכער האט אזוי גלייכגילטיג צוגעקוקט די פארלעגענהייט פון א פארבלאנ־זעטען מענשען. זיין צימער איז געווען א גרויסער מיט טונקעל־גרינע ווענט, מיט דריי פיער־עקיגע פענסטער. דער צימער איז געווען כמעט א פוסטער. אין איין ווינקעל איז געשטאנען א קליינינקע בעט, אין א צווייטען ווינקעל איז געשטאנען א קליינע סאפע געדעקט מיט פעל. ביים סאמע סטעליע איז געהאנגען א גרויס שטייגעל, אין וועלכען עס האט אמאל געלעבט א נאכטי־גאל. אינסאראוו איז אנטקעגען געגאנגען בערסענעוו'ען, ווי נאר יענער האט אריבערגעטראטען די שוועל פון זיין טיר, אבער ער האט ניט אויסגעשריען: „אה, דאס זיינט איהר?" אדער „אך, גאט מיינער! ווי קומט איהר אהער?" ער האט אפילו ניט גע־זאגט: „זייט געגריסט", נאר ער האט איהם פשוט געדריקט די האנט, האט איהם צוגעפיהרט צו דעם איין איינציגען שטול, וואס האט זיך געפונען אין צימער.

— זעצט זיך, — האט ער געזאגט, און האט זיך אליין צו־געזעצט אויפ'ן ברעג טיש.

— ווי איהר זעהט, איז נאך ביי מיר אן אונארדנונג, — האט צוגעגעבען אינסאראוו, אנווייזענדיג אויף דער קופע פאפירען און ביכער, וואס זיינען געלעגען אויף דער פאדלאגע; איך האב זיך נאך ניט איינגעשטעלט ווי געהעריג. איך האב נאך קיין צייט ניט געהאט.

אינסאראָוו האָט גערעדט רוסיש אבסאָלוט ריכטיג; ריין און גוט האָט ער ארויסגערעדט יעדעס וואָרט, אָבער זיין אנגענעהמע שטימע האָט געקלונגען ניט רוסיש. זיין אויסלענדישע אָפּשטאַ־מונג האָט זיך נאָך בולט'ער ארויסגעוויזען אין זיין אויסער־ליכען אויסזעהן. דאָס איז געווען א יונגערמאַן פון א יאָהר פינף און צוואַנציג, אַן איידעלער מיט אַן איינגעפאַלענער ברוסט; די שטריכען פון זיין געזיכט זיינען געווען שאַרפע, די נאָז א גריכישע, האָר שווארצע, וואָס זיינען אריינגעפאַלען אין בלוי, א קליינער שטערן מיט קליינע ערנסטע פארטיפטע אויגען און געדיכטע ברעמען; ווען ער האָט געשמייכעלט, האָט ער אויף א ווײַלע ארויסגעוויזען זיינע שעהנע ווייסע צייהן פון אונטער די דינע הארטע ליפּען. אָנגעטאָן איז ער געווען אין אן אַלטינקען, אָבער ריינעם ראָק, וואָס איז געווען פארקנעפּעלט ביז ארויף.

— ווארום האָט איהר זיך ארויסגעקליבען פון אייער אַלטען צימער? — האָט איהם געפרעגט בערסענעוו.

— דער קאָסט ביליגער, און איז נעהענטער צום אוניווער־זיטעט.

— אָבער איצט זיינען דאָך די וואקאציעס... און וואָס איז אייך עפּעס איינגעפאַלען צו וואוינען אין שטאָדט זומער! איהר וואָלט בעסער געדונגען א זומער־וואוינונג, ווען איהר האָט זיך שוין באשלאָסען איבערצוקלייבען.

אינסאראָוו האָט גאָרניט געענטפערט אויף דער באמערקונג, און האָט פאָרגעשלאָגען בערסענעוו'ען א ליולקע, און געזאָגט דער־ביי: „ענטשולדיגט, קיין ציגארען אָדער פּאַפּיראָסען האָב איך ניט".

בערסענעוו האָט פאררויכערט די ליולקע.

— אָט למשל איך, — האָט בערסענעוו פאָרטגעזעצט, — האָב זיך געדונגען א קליין שטיבעל ארום קונצאָווא. עס קאָסט מיך זעהר ביליג און עס איז זעהר באקוועם, אזוי אז עס איז מיר אפילו געבליבען אַן איבעריגער צימער פון אויבען.

אינסאראָוו האָט ווידער גאָרניט געענטפערט.

בערסענעוו האָט זיך פארצויגען.

— איך האָב אפילו געטראַכט, — האָט ער אָנגעהויבען אויף

דאָס ניי אַרויסלאָזענדיג דעם רויך — אַז ווען עס זאָל זיך געפינען אימיצער... איהר צום ביישפּיעל, וואָס זאָל איינשטימען זיך צו באַזעצען ביי מיר אויפ'ן אויבערשטען שטאָק. . . ווי דאָס וואָלט גוט געוועןl! ווי דענקט איהר, דמיטרי ניקאנאראָוויטש?

— איהר שלאָגט מיר פאָר צו וואוינען ביי אייך אויף דער זומער־וואוינונג? — האָט אינסאראָוו אָנגעשטעלט אויף איהם זיינע קליינע אויגען.

— יאָ, איך האָב דאָרטען פון אויבען אַן איבעריגען צימער.

— איך בין אייך זעהר דאַנקבאַר, אַנדרעי פּעטראָוויטש; אָבער איך דענק, אַז מיינע פאַרדינסטען ערלויבען מיר דאָס ניט.

— וואָס הייסט זיי ערלויבען אייך ניט?

— מיינע מיטלען ערלויבען מיר ניט צו לעבען אין אַ זומער־וואוינונג. אויסצוהאַלטען צוויי דירות איז פאַר מיר אַן אונמעג־ליכע זאַך.

— אָבער איך... — האָט אָנגעהויבען בערסענעוו און האָט זיך אָפּגעריסען. — איהר וואָלט ניט געהאַט דערפון קיינע באַזונ־דערע אויסגאַבען, — האָט ער פאָרגעזעצט. די היגע דירה, וועלען מיר זאָגען, וואָלט געבליבען פאַר אייך; דערפאַר קאָסט דאָרטען אַלעס זעהר ביליג; מיר וואָלטען זיך, צום ביישפּיל, געקענט אַזוי איינאָרדנען, אַז מיר זאָלען עסען מיטאָג צוזאַמען.

אינסאראָוו האָט געשוויגען. בערסענעווען איז אונאַנגענעהם געוואָרען.

— אַלענפאַלס באַזוכט מיך כאָטש ווען ניט איז, — האָט ער אָנגעהויבען אַביסעל שפּעטער. — צוויי טירען פון מיר וואוינט אַ פאַמיליע, מיט וועלכער איך וואָלט אייך זעהר וועלען באַקענען. ווען איהר זאָלט וויסען, אינסאראָוו, וואָס פאַר אַ וואונדערליכע מיידעל דאָרטען איז דאָ! דאָרטען וואוינט אויך מיינער אַ נאָ־הענטער חבר, אַ מענש מיט אַ גרויסען טאַלאַנט. איך בין זיכער, אַז מיט איהם וועט איהר זיך באַפריינדען. (אַ רוס האָט ליב צו מכבד זיין, און ווען ער האָט ניט מיט וואָס, איז כאָטש מיט זיינע באַקאַנטע). באמת, קומט צו פאָהרען, אָדער בעסער גע־זאָגט — קלייבט זיך איבער צו אונז. איך מיין דאָס. מיר וואָל־טען געקענט צוזאַמען ארבייטען, לעזען... איך, ווי איהר ווייסט,

פארנעהם זיך מיט געשיכטע, מיט פילאָזאָפיע. דאָס אַלעס אינ־
טערעסירט אייך. ביכער האָב איך אַ סך.

אינסאראָוו איז אויפגעשטאַנען און איז זיך דורכגעגאַנגען
איבער׳ן צימער.

— ערלויבט מיר צו פרעגן וויפיל צאָהלט איהר פאַר אייער
זומער־וואוינונג? — האָט ער אַם ענדע געזאָגט.

— הונדערט רובעל מזומן.

— פאַר וויפיל צימערען?

— פאַר פינף.

— אויף אַזאַ אופן קומט אויס אַז אַ צימער קאָסט 20 רובעל.

— על פי חשבון... אָבער איך דאַרף דעם צימער אינגאַנצען
ניט, ער שטעהט ליידיג.

— מעגליך. אָבער הערט זיך איין, — האָט צוגעגעבען אינ־
סאראָוו מיט אַ גוטמוטיגען אָבער ענטשלאָסענעם שאָקעל פון קאָפּ.
— בלויז אין דעם פאַל וועט איהר נעהמען ביי מיר געלט
לויט דעם חשבון קען איך נאָכנעהמען אייער פאָרשלאָג. 20 רובעל
בין איך זיכער אימשטאַנד צו צאָהלען. בפרט אַז מען קען נאָך
דאָרטען שפּאָרען אויף אַלעם איבעריגען, איז דאָך אודאי גוט.

— פארשטעהט זיך. אָבער מיר איז באמת ניט אַנגענעהם.

— אַנדערש קען מען ניט, אַנדרעי פּעטראָוויטש.

— נו, זאָל זיין ווי איהר ווילט. אָבער ס׳אַרא עקשן איהר
זיינט.

אינסאראָוו האָט ווידער גאָר ניט געענטפערט.

די יונגע מענשען האָבען צווישען זיך באַשטימט דעם טאָג,
אין וועלכען אינסאַראָוו האָט זיך בעדאַרפט אַריבערקלייבען. מען
האָט געשיקט רופען דעם באַלעבאָס. דער לעצטער האָט פריהער
געשיקט זיין טאָכטערעל, אַ מיידעלע פון אַ יאָהר זיבען מיט אַ
גרויסער, פּיל־קאָלירטער שאַל אויפ׳ן קאָפּ. זי האָט אויפמערק־
זאַם, כמעט מיט גרויל אויסגעהערט דאָס, וואָס איהר האָט געזאָגט
אינסאַראָוו און איז שווייגענדיג אַוועקגעגאַנגען. נאָך איהר איז
געקומען די מוטער, אַ טראָגענדיגע פרוי, וואָס איז שוין געווען
אויף דער צייט, אויך מיט אַ שאַלכעל אויפ׳ן קאָפּ, נאָר מיט אַ
זעהר קליינינקען.

אינסאראָוו האָט איהר אויך ערקלעהרט, אז ער קלייבט זיך אריבער אויף א זומער־וואוינונג ארום קונצאָווא, אָבער ער לאָזט איבער דעם צימער פאר זיך און טרויט איהר אָן אלע זיינע זאכען. די שניידערקע האָט זיך אויך אזוי ווי איבערגעשראָקען און איז אוועק. אם ענדע איז געקומען דער באלעבאָס אליין. צוערשט האָט ער כמעט ווי ניט אלעם פארשטאנען און בלויז פארטראכט ארויסגערעדט: „ארום קונצאָווא?" דערנאָך האָט ער אָפּגעשלאָסען די טיר און א געשריי געטאָן: „פאר אייך הייסט עס בלייבט דער צימער. וואָס?" אינסאראָוו האָט איהם בארוהיגט. „ווייל מען דארף וויסען", האָט הארט ארויסגעזאָגט דער שניידער און איז פארשוואונדען.

בערסענעוו איז אויך אוועק זיין וועג. ער איז געוועזען שטארק צופרידען וואָס זיין פאָרשלאָג איז אָנגענומען געוואָרען. אינסאראָוו האָט איהם באגלייט ביז'ן טיר מיט אזא העפליכקייט, וועלכע ווערט זעלטען באנוצט אין רוסלאנד.

ווען ער איז געבליבען אליין, האָט ער פאָרזיכטיג אראָפּגענומען פון זיך דעם ראָק און האָט זיך פארנומען מיט פאנאנדערלייגען זיינע פאפירען.

## 8.

דעם זעלבען אָוונט איז אננא וואסיליעוונא געזעסען ביי זיך אין גאסט־צימער און האָט זיך געקליבען וויינען. אין צימער זיינען אויסער איהר נאָך געוועזען איהר מאָן און א געוויסער אוּאוואר איוואנאָוויטש סטאכאָוו, ניקאלאי ארטעמאָוויטשעס א גליד־פעטער. אוּאוואר איוואנאָוויטש, אַן אויסגעדינטער קאָרנעט, איז געוועזען דיק ביז צו אונבאוועגלאָזיגקייט, מיט קליינע פארשלאָפענע געלע אויגען און דיקע קאלירלאָזע ליפען. זינט ער איז ארויס פון דינסט האָט ער שטענדיג געוואוינט אין מאָסקווע און האָט געלעבט אויף די פראָצענטען פון דעם קליינעם קאפיטאל, וואָס זיין ווייב, א סוחר'ס א טאָכטער, האָט איהם איבערגעלאָזען. ער האָט גאָר ניט געטאָן און אפילו ניט געטראכט, אָדער אויב ער האָט יאָ געטראכט האָט ער געהאלטען זיינע געדאנקען פאר זיך.

בלויז איין מאָל אין זיין לעבען האָט ער זיך אויפגערעגט און איז געוואָרען טעטיג. ער האָט נעמליך אַמאָל איבערגעלעזען אין די צייטונגען אַ שטיקעל נייעס וועגען אַ נייעם אינסטרומענט „קאָנ־טראבאס בארדאָן“ אויף דער אַלוועלטליכער לאַנדאַנער אויסשטע־לונג, און איהם האָט זיך פארגלוסט אויסשרייבען אַט דעם אינ־סטרומענט פאר זיך. ער האָט זיך אפילו אָנגעפרעגט וואוהין און דורך וואָס פאר אַ קאנטאָר מען דארף איבערשיקען די געלט. אוואוואר איוואַנאָוויטש האָט געטראָגען אַ ברייטען סורדוט פון טאבאק־קאָליר מיט אַ ווייסען טיכעל אויפ'ן האלז. געגעסען האָט ער אָפט און אַ סך, און בלויז ביי פארשידענע פארלעגענהייטען, דאָס מיינט דאַן, ווען מען האָט בעדארפט ארויסזאָגען אַ וואָסערע ניט איז מיינונג, האָט ער נערוועז געדרעהט מיט די פינגער פון דער רעכטער האנט אין דער לופטען, צוערשט פון גראָבען פינגער צום קליינעם, דערנאָך פארקעהרט, און דערביי געברומט: „מען וואָלט בעדארפט . . . ווי ניט איז אָט. . . “

אוואוואר איוואנאָוויטש איז געזעסען ביים פענסטער אין אַ פאָטער שטול און האָט שווער געאָטעמט. ניקאָלאי ארטעמאָוויטש האָט מיט גרויסע שפאַן אומגעשפרייזט איבער'ן צימער, פארלייגט די הענט אין די קעשענעס; זיין געזיכט האָט אויסגעדריקט אונ־צופרידענהייט.

אָם ענדע האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און האָט אַ שאָקעל גע־טאָן מיט'ן קאָפּ.

— יאָ, — האָט ער אָנגעהויבען, — אין אונזער צייט זיינען יונגע מענשען אנדערש געווען ערצויגען. יונגע לייט האָבען זיך ניט ערלויבט צו מאנקירען מיט עלטערע: (דעם אָנפאנג וואָרט „מאנ“ פון מאנקירען האָט ער ארויסגערעדט דורכ'ן נאָז, אויף פראנצויזיש.) איצט קוק איך בלויז און וואונדער זיך. אפשר בין אַ י ך אומגערעכט, און זיי זיינען גערעכט, אפשר. פונ־דעסטוועגען האָב איך מיין בליק אויף זאכען: איך בין דאָך ניט געבוירען געוואָרען קיין אידיאָט. ווי דענקט איהר, אוואוואר אי־וואנאָוויטש?

אוואוואר איוואנאָוויטש האָט בלויז אַ קוק געטאָן אויף איהם, און האָט זיך אַ שפיל געטאָן מיט די פינגער.

— יעלענא ניקאָלאיעוונא, צום ביישפּיל, — האָט ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש פאָרטגעזעצט, — קען איך געווי ניט פארשטעהן. פאר איהר בין איך ניט גענוג ערהאבען. איהר הארץ איז אזוי גרויס, אז עס נעהמט אריין די גאנצע נאטור ביז דעם לעצטען וואנץ אָדער זשאבע, מיט איין וואָרט, אַלץ, אויסער איהר אייגע־נעם טאטען. נו, גוט; איך וויים דאָס און שטופּ זיך ניט, ווייל דאָ זיינען אי נערוועז, אי געלערנטקייט, אי פליהען אין די הימ־לען; דאָס זיינען אַלץ זאכען ניט פאר אונז. אָבער הער שובין... גוט, זאָל זיין, אז ער איז א גרויסער, אויסערגעוועהנליכער אר־טיסט. איך אמפּער זיך ניט וועגען דעם און לייקען דאָס ניט; פונדעסטוועגען מאנקירען מיט אן עלטערען מענשען, וועמען ער האָט נאָך אַלעמען אזוי פיל צו פארדאנקען, דאָס איז שוין אבי־סעל צופיל. איך בין באשיידען פון דער נאטור, און פאָדער פון קיינעם ניט צופיל, אָבער אַלץ האָט א מאָס.

אננא וואסילעוונא האָט אויפגערעגט אנגעקלונגען. עס איז אריינגעקומען א קאָזאטשאָק.

— וואָרום קומט ניט פּאוועל יאקאָוולעוויטש, — וואָס קען איך זיך איהם ניט דעררופען?

— צו וואָס, איך בעט אייך, ווילט איהר איהם רופען? איך פאָדער דאָס ניט און וויל דאָס אפילו ניט.

— ווי הייסט נאָך וואָס, ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש? ער האָט אייך באאונרוהיגט, אפשר געשטערט דעם גאנצען היילונגס פּראָ־צעס, וויל איך זיך דורכריידען מיט איהם. איך וויל וויסען מיט וואָס ער האָט געקענט ארויסרופען אייער כעס.

— איך זאָג אייך נאָך אמאָל, אז איך פאָדער דאָס ניט. וואָס איז אייך איינגעפאלען . . . אין דער אנוועזענהייט פון די הויז־דינער...

אננא וואסילעוונא איז לייכט רויט געווארען.

— אומזיסט זאָגט איהר דאָס, ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש . . . איך האָב קיינמאָל ניט גערעדט אין דער אנוועזענהייט פון די הויז־דינער. געה, פעדיושא, און זעה נאָר, ברענג גלייך אהער פּאוועל יאקאָוולעוויטשען.

דער דינער איז ארויסגעגאנגען.

— דאָס איז אַבסאָלוט איבעריג, — האָט צווישען די צייהן אַרויסגעברומט ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש, און האָט זיך ווידער גע־נומען אומשפּרייזען איבער'ן צימער. — ניט דאָס האָב איך גע־מיינט.

— וואָס רעדט איהר, פּאַול מוז זיך ענטשולדיגען פאַר אייך.

— גו, זאָגט אַליין, צו וואָס דאַרף איך זיין ענטשולדיגונג? און וואָס איז אינגאַנצען אַן ענטשולדיגונג? דאָס איז בלויז פּראַזען און שוין.

— ווי הייסט, נאָך וואָס? מען דאַרף איהם געבען צו פאַר־שטעהן.

— לערענט איהם אַליין אָן, אייך וועט ער גיכער פאָלגען. איך האָב צו איהם גאָרניט.

— ניין, ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש, איהר זענט היינט געקו־מען צופאָהרען ניט גוט געשטימט. אין מיינע אויגען זענט איהר אַפילו זעהר אַרונטער פאַר דער לעצטער צייט. איך האָב מורא, אַז אָט דער אַרט קורירען זיך העלפט אייך ניט.

—איך מוז זיך קורירען, — האָט באַמערקט ניקאָלאַי אַר־טעמאָוויטש. — ביי מיר איז די לעבער ניט אין אָרדנונג.

אין דעם אויגענבליק איז אַריינגעקומען שובין. ער האָט אויסגעזעהן מיד. אַ לייכטער, קוים־קוים באַמערקבאַר שפּאָטשיער שמייכעל איז געלעגען אויף זיינע ליפּען.

— איהר האָט געפרעגט אויף מיר, אננא וואַסילעוונאַ? — האָט ער געזאָגט.

— יאָ, געוויס געפרעגט, פּאַוועל, ווי גאָט איז דיר ליב, דאָס איז שרעקליך. איך בין מיט דיר זעהר ניט צופרידען. ווי ער־לויבסטו זיך צו מאַנקירען ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש'ען?

— ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט זיך באַקלאָגט פאַר אייך אויף מיר? — האָט געפרעגט שובין, און מיט דעם זעלבען שפּאָ־טישען שמייכעל אַ קוק געטאָן אויף סטאַכאָוו'ען. יענער האָט זיך אָפּגעקעהרט און האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגען.

— יאָ, ער האָט זיך באַקלאָגט. איך וויים ניט מיט וואָס דו האָסט זיך פאַרשולדיגט געגען איהם, נאָר דו מוזט זיך גלייך

ענטשולדיגען, זיין שוואכער געזונד פּאָדערט עס; אויסער דעם דאַרפען מיר אַלע אין די יאָהרען אכטען אונזערע וואַלטעטער.

„אך, ווי לאַגיש!" האט אַ טראַכט געטאָן שובין און האָט זיך געווענדעט צו שטאַכאָוו'ען. — איך בין זיך גרייט צו ענטשולדי־גען פאר אייך, ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש, אויב איך האָב אייך, ווירקליך מיט וואָס ניט איז באַליידיגט, — האָט שובין געזאָגט און זיך העפליך פאַרנייגט.

— איך האָב גאָר ניט . . . דאָס געמיינט, — האָט אָפּגעענט־פערט ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש, אַלץ אויסמיידענדיג שובין'ס בליי־קען. — אַלענפאַלס, איך פאַרגיב אייך גערן, ווייל איך האָב ניט, ווי איהר ווייסט, קיין צו גרויסע פאָדערונגען.

— אָ, זיכער, קיינער צווייפעלט ניט אין דעם! — האָט באַמערקט שובין. — אָבער ערלויבט מיר צו פרעגען: ווייסט אננאַ וואַסילעוונאַ אין וואָס עס באַשטעהט מיין שולד?

— ניין, איך וויים גאָר ניט, — האָט באַמערקט אננאַ וואַסי־לעוונאַ און האָט אויסגעצויגען דעם האַלז.

— אך, גאָט מיינער! — האָט ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש אין איילעניש אויסגעשריען — וויפיל מאָל איך האָב זיך געבע־טען, וויפיל מאָל איך האָב שוין געזאָגט, ווי דערווידער עס זיי־נען מיר אָט די אַלע ערקלערונגען און סצענעס! קומסט איינמאָל אין אַ יובל אַ היים, וואָלסטו זיך וועלען אָפּרוהען, מען זאָגט אַ פאַמילען קרייז, interieur, זיין אַ טרייער פאַמיליען מאַן; אַנ־שטאָט דעם, האָסטו סצענעס, אונאַנגענעהמליכקייטען. קיין מי־נוט רוהע איז ניטאָ. ניט ווילענדיג ווערסטו אוועקפאָהרען אין קלאָב אָדער . . . אָדער ערגעץ אַנדערשוואו. אַ לעבעדיגער מענש האָט זיינע פיזישע און אויך אַנדערע פאָדערונגען. אָבער דאָ... — און ניט פאַרענדיגענדיג די אָנגעהויבענע רעדע, איז ניקאָלאַי אַר־טעמאָוויטש פלינק אַרוים פון צימער און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט'ן טיר.

אננאַ וואַסילעוונאַ האָט איהם באַגלייט מיט'ן בליק.

— אין קלאָב? — האָט זי ביטער אַרויסגעמורמעלט — ניט אין קלאָב פאָהרט איהר, שעהנער מענש, מיינער! אין קלאָב איז נישטאָ וועמען צו שענקען פערד פון אייגענעם זאוואָד, —

דערצו נאָך גרויע — מיין באַליבטער קאַליר. יאָ, יאָ, אַ לייכט־זיניגער מענש, — האָט זי צוגעגעבען, אויפהויבענדיג די שטים, — ניט אין קלאָב פאַהרסטו דאָך... און דו, פּאַוועל — האָט זי פאַרט־געזעצט, זיך ניט אויפהויבענדיג פון פּלאַץ, — ווי שעמסטו זיך ניט? דאַכט זיך, ניט קיין אינגעלע, אַט האָט מיר איצט אָנגע־הויבען וועהטאָן דער קאָפּ. וואו איז זאַיאַ, ווייסטו ניט?

— מיר דאַכט זיך, אַז זי איז ביי זיך פון אויבען. אַט די קלוגינקע פּוקסעל באַהאַלט זיך אין אַזא וועטער אימער אין איהר לעכעל.

— נו, — איך בעט דיך, איך בעט דיך, — אננא וואסילעוו־נא האָט אַ זוך געטאָן ארום זיך — מיין גלעזעל מיט'ן אנגעריבע־נעם כריין האָסטו ניט געזעהן? פּאול, טו מיר אַ טובה, מאַך מיך ניט בייז אין דער צוקונפט.

— ווי קען מען דאָס אייך בייז מאַכען, מיין טייערע? גיט מיר בעסער אַ קוש טאָן איין האַנט. אייער כריין האָב איך געזעהן אין קאַבינעט אויפ'ן טישעל.

— דאַריא מוז איהם אימער ערגעץ פאַרגעסען, — האָט ארויסגעמורמעלט אננא וואסילעוונא ואָן איז אוועקגעגאַנגען רוי־שענדיג מיט'ן זיידענעם קלייד.

שובין האָט געוואָלט איהר נאָכגעהן, נאָר ער האָט זיך אָפּגע־שטעלט, דערהערענדיג אונטער זיך אואוואר איוואנאָוויטש'עס לאַנגזאַמע שטימע.

— ניט אַזוי, וואָלט מען דיך בעדאַרפט אָנלערנען, דו צוצעק איינער. . . — האָט לאַנגזאַם ארויסגערעדט דער געוועזענער קאָרנעט.

שובין איז צוגעגאַנגען צו איהם.

פאַר וואָס זשע וואָלט מען דאָס מיך בעדאַרפט אַזוי אָנ־לערנען,הויך־באַריהמטער אואוואר איוואנאָוויטש?

— פאַר וואָס? יונג ביזטו, טאַ רעספּעקטיר, יאָ.

— וועמען?

— וועמען? ווייסט שוין וועמען.

שובין האָט צוזאַמענגעלייגט די הענט אויפ'ן ברוסט.

— אַך, דו פאַרשטעהער פון דעם יסוד כל היסודות, —

האָט ער אויסגעשריען, — די קראַפט פון דער שוואַרצער ערד, דער פונדאַמענט פון דער געזעלשאַפטליכער געביידע!

אואוואר איוואַנאָוויטש האָט גענומען שפּילען מיט די פינ־גער.

— גענוג, ברודער, גענוג, ברענג מיך ניט צו קיין נסיון.

— דוכט זיך, — האָט פאָרטגעזעצט שובין, — ניט קיין יונגיקער אַדעלמאַן, און וויפיל גליקליכער קינדערשער גלויבען עס איז נאָך אין איהם פאַרבאָרגען! אַכטען! צי ווייסט איהר דען, מיין סטיכישער מענש, פאַרוואָס ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש איז אין כעס אויף מיר? איך האָב היינט דעם גאַנצען פריהמאָרגען פאַר־בראַכט מיט איהם ביי זיין דייטשקע.

— מיר האָבען דאָרטען צוזאַמען אין דרייען געזונגען: „טרעט ניט אָפּ פון איהר"; ווען איהר זאָלט נאָר געווען הערען. דאָס נעמט אייך, דאַכט זיך. מיר האָבען געזונגען און געזונגען, מיין גנעדיגער הער, ביז עס איז מיר לאַנגוויילינג געוואָרען; איך זעה אַז עס טויג ניט, צופיל צערטליכקייט. האָב איך זייביידען אָנגעהויבען רייצען. עס איז גוט אַרויסגעקומען. צוערשט איז זי געוואָרען בייז אויף מיר, דערנאָך אויף איהם; דערנאָך איז ער געוואָרען בייז אויף איהר און האָט איהר געזאָגט, אַז ער איז גליק־ליך בלויז אין דער היים; דאָרטען איז ביי איהם אַ גן־עדן, און זי האָט איהם געזאָגט, אַז ער איז אַ מענש אָהן מאָראַל; האָב איך איהר געזאָגט אין דייטש: „אַך"! ער איז אַוועק; און איך בין געבליבען; איז ער געקומען צו פאָהרען צו זיך, אַהער אין גן־עדן, הייסט עס, עס איז איהם מיאוס און נודנע געוואָרען. נו, האָט ער זיך גענומען בורטשען. נו, זאָגט, ווער איז יעצט, לויט אייער מיינונג, שולדיג?

— געוויס דו,—האָט אָפּגעענטפערט אואוואר איוואַנאָוויטש.

שובין האָט אָנגעשטעלט אויף איהם אַ פּאָר אויגען.

— איך וואָג צו פרעגען ביי אייך, מיין ווערטער ריטער, — האָט ער אָנגעהויבען מיט אַ טאָן פון אונטערטעניגקייט, — צי האָט איהר די געהיימניספולע ווערטער אייערע געפעליגסט אַרויס־געבראַכט צוליב אַ וועלכען עס איז אורטייל פון אייער דענקונגס־קראַפט אָדער בלויז צוליב דעם וואָס איהר האָט מיט אמאָל אין

דעם אויגענבליק דערפיהלט א באדערפעניש צו פאראורזאכען א ציטערניש אין דער לופט, וועלכע מען רופט קלאנג?

— מען זאגט דאך דיר, ברענג מיך ניט צו קיין נסיון, — האט אואוואר איוואנאוויטש ארויסגעקרעכצט...

שובין האט זיך צולאכט און איז ארויסגעלאפען פון צימער.

— הע, — האט אואוואר איוואנאוויטש אויסגעשריען מיט א פערטעל שטונדע שפעטער: — דאס . . . א גלעזעל בראנפען.

דער דינער האט אויף א טעצעלע געבראכט בראנפען און פארבייסען. אואוואר איוואנאוויטש האט שטילערהייד גענומען פון טעצעל דאס גלעזעל און האט לאנג, מיט אנגעשטרענגטער אויפמערקזאמקייט, געקוקט דארויף, אזוי ווי ער וואלט ניט גוט פארשטאנען וואס אייגענטליך ער האלט אין האנט. דערנאך האט ער א קוק געטאן אויפ'ן דינער און געפרעגט, צי ער הייסט ניט וואסקא. דערנאך האט ער אנגענומען א באטריבטען אויסזעהן. ער האט אויסגעטרונקען דעם בראנפען, האט פארביסען און האט זיך גענומען זוכען מיט דער האנט די קעשענע, אום צו דערלאנגען דאס נאז־טיכעל. דער דינער האט שוין לאנג אוועקגעשטעלט דאס טעצעל מיט'ן בראנפען אויף אן ארט, האט אויפגעגעסען דאס פארבליבענע שטיקעל הערינג, און האט שוין אפילו באוויזען צו כאפען א גוטען דרעמעל; און אואוואר איוואנאוויטש האט נאך אלץ געהאלטען פאר זיך דאס טיכעלע אויף די צושפרייטע פינגער און האט מיט דער זעלבער אנגעשטרענגטער אויפמערקזאמקייט געקוקט אט אויפ'ן פענסטער, אט אויפ'ן דיל, אט אויף די ווענט.

## 9.

שובין האט זיך אומגעקעהרט צו זיך אין צימער און האט גע־האט געעפענט א בוך, ווען ניקאלאי ארטעמאוויטש'ס קאמערדינער איז פארזיכטיג אריינגעקומען אין זיין צימער, און האט איהם דער־לאנגט א קליינעם דריי־עקיגען צעטעלע, וואס איז געוועזען פאר־שטעמפעלט מיט א גרויסען הערב־שטעמפעל. „איך האף, — איז געשטאנען אין אט דעם צעטעלע, — אז איהר, ווי אן עהרליכער מענש, וועט זיך ניט ערלויבען אפילו מיט איין ווארט אנצודייטען

אויף אַ געוויסען וועקסעל, וועגען וועלכען מען האָט גערעדט היינט אין־דער־פריה. אייך זיינען באקאַנט מיינע באַציהונגען און מיינע רענעלען, די נישטיגקייט פון דער סומע אליין, צוזאמען מיט אייניגע אַנדערע אומשטענדען, אם ענדע זיינען דאָ פאַמיליען־סודות, וואָס מוזען רעספעקטירט ווערען, און שלום בית איז אַזאַ הייליגע זאַך, וועלכע בלויז טויגעניכטסען, צו וועלכע איך האָב ניט קיין אורזאַכע אייך צוצורעכענען, אנערקענען ניט! (איך בעט דאָס צעטעלע אומקעהרען). נ. ס. א."

שובין האָט מיט אַ בלייפעדער אונטען צוגעשריבען: „זייט רוהיג, דערווייל שלעפ איך נאָך ניט קיין נאָז־טיכלעך פון פרעמדע קעשענעס", און האָט אומגעקעהרט דעם קאַמערדינער דאָס צעטעלע און האָט זיך ווידער גענומען צום בוך. אָבער דער בוך האָט זיך שוין ארויסגעגליטשט פון זיינע הענט. ער האָט זיך פארקוקט אויף דעם פאַררויטעלטען הימעל, אויף די צוויי יונגע מעכטיגע סאָסנעס, וואָס זיינען געשטאַנען אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע בוימער, און אַ טראַכט געטאָן: „בייטאָג קוקען די סאָסנעם אויס בלויליך, און ווי פראַכטפול־גרין זיי זיינען אין אָווענט!" ער איז ארויס אין גאָרטען, מיט אַ פאַרבאַהאַלטענער האָפנונג צו באגעגענען דאָרטען יעלענע'ן. ער האָט זיך ניט אָפּגענאַרט. פאָראויס, אויפ'ן וועג, צווישען די שטאַמען, האָט דורכגעשוועבט איהר קלייד. ער האָט זי אָנגעיאָגט און, זיך אויסגלייכענדיג מיט איהר, האָט ער געזאָגט:

— קוקט ניט אין מיין זייט, איך בין דאָס ניט ווערט.

זי האָט אַ פלינקען בליק געוואָרפען אויף איהם, א פלינקען שמייכעל, און איז אַוועקגעגאַנגען ווייטער אין דער טיפעניש פון גאָרטען. שובין איז אַוועק נאָך איהר.

—איך בעט אייך ניט צו קוקען אויף מיר, — האָט ער אָנגעהויבען, — און דאָך רייד איך צו אייך: אָן אמת'ער ווידערשפרוך! אָבער דאָס איז אַלץ איינס; דאָס איז ביי מיר ניט צום ערשטען מאָל. איך האָב זיך איצט דערמאָנט, אַז איך האָב נאָך ניט געבעטען ביי אייך ווי געהעריג איז קיין ענטשולדיגונג פאַר מיין נעכטיגער נאַרישער האנדלונג. איהר זייט ניט בייז אויף מיר, יעלענא ניקאָלאַיעווונאַ?

זי האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָבער זי האָט איהם ניט גלייך גע־ענטפערט, ניט דערפאַר ווייל זי איז געווען ברוגז, נאָר דערפאַר, ווייל איהרע געדאַנקען זיינען געווען ווייט.

— ניין, איך בין ניט בייז, — האָט זי אַם ענדע געענטפערט.

שובין האָט פאַרביסען די ליפּען.

ס'אַרא מין פאַרזאָרגטער... און צו דער זעלבער צייט גלייכ־גילטיגער פּנים! — האָט ער ארויסגעמורמעלט. — יעלענא ניקאָ־לאַיעוונא, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — ערלויבט מיר צו דער־צעהלען אייך אַ קליינינקען אַנעקדאָטעל. ביי מיר איז געווען א חבר, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ חבר; דער לעצטער האָט זיך צוערשט אויפגעפיהרט ווי דאָס פּאַסט פאַר אַן אַנשטענדיגען מענ־שען, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבען טרינקען. איינמאָל גאַנץ פריה האָט מיין חבר איהם באַגעגענט אין גאַס (באַמערקט אייך, אַז צו יענער צייט זיינען זיי שוין ניט געווען מעהר בעקאַנט) און זעהט אַז ער איז שיכור. האָט מיין פריינד גענומען און האָט זיך אָפּגע־קערעוועט. יענער איז צוגעגאַנגען צו איהם און געזאָגט: „מיך וואָלט ניט געאַרט ווען איהר געהט פאַרביי און גריסט זיך ניט מיט מיר, אָבער נאָכוואָס אַנטלויפען? אפשר האָב איך דאָס געטאָן פון צרות. זאָל מיר די ערד ניט שווער זיין!

שובין איז אנשוויגען געוואָרען.

— און שוין? — האָט געפרעגט יעלענא.

— און שוין.

— איך פאַרשטעה אייך ניט. וואָס מיינט איהר? ערשט האָט איהר מיר געזאָגט, אַז איך קוק ניט אין אייער זייט.

— און איצט האָב איך אייך דערצעהלט, ווי עס איז ניט גוט זיך אָפּצוקערעווען.

— האָב איך דען...

— וואָס־דען, ניט?

יעלענא האָט זיך לייכט פאַררויטעלט און האָט דערלאַנגט שובינ'ען די האַנט. ער האָט איהר שטאַרק געדריקט.

— אַט האָט איהר מיך ווי געכאַפּט אין א שלעכטען געפיהל, — האָט געזאָגט יעלענא, — אָבער אייער חשד איז ניט קיין גע־

רעכטער. איך האָב אפילו ניט געדענקט זיך צו האַלטען פרעמד צו אייך.

— גוט, גוט, אָבער זייט זיך מודה, אַז פון די טויזענדער געדאַנקען וואָס פילען אָן אייער מח אין דער מינוט, וועט איהר מיר אפילו איינעם ניט פאַרטרויען. וואָס? אפשר זאָג איך ניט קיין אמת? מעגליך.

— אָבער וואָרום איז דאָס אַזוי? וואָרום?

— מיינע געדאַנקען זיינען מיר אַליין ניט קלאָר, — האָט געזאָגט יעלענא.

— טאָקע דערפאַר וואָלט מען זיך בעדאַרפט טיילען מיט אַ צווייטען — האָט אונטערגעכאַפּט שובין. — נאָר איך וועל אייך זאָגען, וואָס איז דאָ דער עיקר, איהר האָט וועגען מיר אַ שלעכטע מיינונג.

— איך?

— יאָ, איהר! שטעלט זיך פאָר, אַז אין מיר איז אַלץ אויף האַלב פאַלש און געקינצעלט, ווייל איך בין אַ קינסטלער; איהר דענקט אַז איך בין צו קיין זאַך ניט פעהיג, און זייט מסתמא גערעכט ביז אַ געוויסען גראַד; אָבער געהט נאָך ווייטער און שטעלט זיך פאָר, אַז איך בין אפילו ניט פעהיג באמת טיף און ערנסט צו ליבען, אַז איך קען אפילו אויפריכטיג ניט וויינען, איהר זייט איבערצייגט, אַז איך בין אַ פּלאַפּלער און רכילות פיהרער, בלויז דערפאַר ווייל איך בין אַ קינסטלער. וואָס־זשע זיינען מיר דאָס פאַר אומגליקליכע, פון גאָט געשטראָפטע מענשען? איהר, צום ביישפּיל, איך בין גרייט צו שווערען, גלויבט ניט אין מיין חרטה־געפיהל.

— פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש, איך גלויב אין אייער חרטה, און אין אייערע טרערען גלויב איך אויך, אָבער מיר דוכט אַז פאַר אייך אַליין זיינען אייערע טרערען, צוזאַמען מיט דעם חרטה־געפיהל ניט מעהר ווי אַ שפּיל.

שובין האָט אויפגעציטערט.

— נו, איך זעה שוין אַז דאָס איז אַן אונהיילבאַרע קרענק casus incurables. עס בלייבט בלויז צו בויגען דעם קאָפּ און זיך אונטערגעבען. און דאָך, גאָט מיינער, שוין זשע איז דאָס אמת,

שוין־זשע גיב איך זיך אָפּ בלויז מיט זיך, ווען דאָ, דערביי גע־פינט זיך אזא נשמה? און דערצו נאָך וויסן אז דו קענסט קיינ־מאָל ניט אריינדרינגען אין אָט דער נשמה, וועסט קיינמאָל ניט וויסן וועגען וואָס זי טרוימט און וועגען וואָס זי קימערט זיך, פאַרוואָס און מיט וואָס זי פרעהט זיך, וואָס זי וויל, וואויהין זי געהט...

— זאָגט, — האָט ער ארויסגערעדט נאָך אַ קורצען שוויי־גען: — איהר וואָלט קיינמאָל און אין קיין פאַל זיך ניט פאַר־ליבט אין קיין קינסטלער.

יעלענא האָט איהם אַריינגעקוקט גלייך אין די אויגען.

— איך דענק אז ניט, פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש, ניין.

— וואָס עס האָט זיך געפאָדערט צו דערווייזען, — האָט מיט אַן אומעטיגען געלעכטער ארויסגערעדט שובין. נו, און איצט, דענק איך, וואָלט געווען זעהר העפליך פון מיר מעהר ניט צו שטערען אייער איינזאַמען שפּאַציר. אַ פּראָפעסאָר וואָלט ביי אייך פרעגען, אויפ'ן גרונד פון וועלכע אורזאַכען האָט איהר גע־זאָגט, נ י י ן. אָבער איך בין דאָך ניט קיין פּראָפעסאָר, איך בין אַ קינד נאָך אייערע באַגריפען, אָבער פון קיין קינדער קירע־וועט מען זיך ניט אָפּ, געדענקט. זייט געזונד.

יעלענא האָט איהם געוואָלט אָפּשטעלען, נאָר זי האָט אַ טראַכט געטאָן און געענטפערט:

— זייט געזונט.

שובין איז אַרויס פון הויף. ניט ווייט פון סטאַכאָוו'ס זומער־וואוינונג האָט ער באַגעגענט בערסענעוו'ן. ער האָט געשפּאַנט מיט פלינקע טריט, זיין קאָפּ איז געווען אָנגעבויגען, די הוט פאַר־רוקט אויף דער פאַטילניצע.

—אַנדרעי פּעטראָוויטש! — האָט אַ געשריי געטאָן שובין.

יענער האָט זיך אָפּגעשטעלט.

— געה, געה, — האָט פאַרגעזעצט שובין: — דאָס איז גלאַט אַזוי זיך, איך פאַרהאַלט דיך ניט, — פאַרקלייב זיך גלייך אין גאָרטען: דאָרטען וועסטו געפינען יעלענא'ן. זי, דוכט מיר, וואַרט אויף דיר... אַלענפאַלס וואַרט זי שוין אויף אימיצען. פאַר־

שטעהסטו די קראפט פון אט די ווערטער: זי ווארט! שטעל זיך נאר פאר, ברודער לעבען, ס'ארא וואונדערליכע זאך? אט איז שוין באלד צוויי יאהר אז איך וואוין מיט איהר אין איין הויז און בין פארליעבט אין איהר, און בלויז איצט, ממש אט ערשט, האב איך זי פארשטאנען, אדער בעסער געזאגט — דערזעהן. דערזעהן און צופיהרט די הענט. איך בעט דיך, קוק ניט אויף מיר מיט אט דעם כלומר'שט בייסענדיגען שמייכעל, וואס פאסט זיך אזוי ווייניג צו דיינע געזעצטע שטריכען. א, יא, איך פאר־שטעה: דו ווילסט מיר דערמאנען וועגען אנושקען. נו איז וואס? איך זאג זיך ניט אפ. די אנושקעס זיינען פאר אונזערן א ברודער ווי געמאסטען. זאלען לעבען די אנושקעס און זאיעס, און אפילו די אווגוסטינע כריסטיאנאוונעס! דו געה איצט צו יעלענא'ן, און איך וועל אויך געהן... דו מיינסט אודאי צו אנושקען? ניין, ברו־דער, צום פרינץ טשעקוראסאוו, וואס איז פיל ערגער. עס איז דא אזא מין מעצענאט, ער שטאמט פון קאזאנער טאטערן, א מין וואלגין. דו זעהסט אט דעם בריעף? דאס איז אן איינלאדונג מיט די בוכשטאבען „ר. ס. וו. פ.“ אין דארף סען איך זיך קיין ארט, קיין רוה ניט געפינען. אדיע!

בערסענעוו האט שווייגענדיג אויסגעהערט שובינ'ס דרשה, פונקט ווי ער וואלט זיך אביסעל געשעמט פאר איהם; דער־נאך איז ער אריין אין הויף פון סטאכאוו'ס זומער־וואוינונג. שובין איז ווירקליך אוועקגעפאהרען צום פרינץ טשיקוסאראוו, וועמען ער האט אויפ'ן העפליכסטען אופן אריינגעזאגט א היבש ביסעל שטעך־ווערטלעך. דער מעצענאט פון די קאזאנער טא־טערען איז זיך פארגאנגען פון געלעכטער; די געסט האבען אויך געלאכט, אבער קיינער איז ניט געוועזן לוסטיג. און צושייר־דענדיג זיך האט זיך יעדער איינער גע'כעס'ט פאר זיך. אט אזוי באגעגענען זיך אמאל אויפ'ן נעווסקי פראספעקט צוויי ווייניג באקאנטע הערען. פלוצלונג וועלען זיי אויסטארטשען די צייהן, איינער געגען אנדערען, וועלען זיך נעהמען רייבן די נעזער מיט די באקען, פארקנייטשען מיט די אויגען, און ווי זיי מיידען נאר אוים איינער דעם אנדערען אזוי נעהמט יעדער איינער פון זיי גלייך אן די פריהערדיגע גלייכגילטיגע אדער ברוגז'דיגע מינע.

10

יעלענא האט פריינדליך באגעגענט בערסענעוו'ען, אבער שוין ניט אין גארטען, נאר אין גאסט־צימער, און גלייך, כמעט אומגעדולדיג, באניים דעם נעכטיגען געשפרעך. זי איז געווען אליין: ניקאלאי ארטעמאוויטש איז שטילינקערהייט ערגעץ וואו פארשוואונדען. אננא וואסיליעוונא איז געלעגען פון אויבען מיט א נאסען טיכעל אויפ'ן קאפ. זאיא איז געזעסען ארום איהר מיט צוזאמענגעלעגטע הענטלאך אויף די קניה; אואוואר איוואנאוויטש איז געשלאפען אין מעזאנין אויף א ברייטען באקוועמען דיוואן, וואס האט געטראגען דעם צו־נאמען „זעלבסט־שלאף". בערסענעוו האט ווידער דערמאהנט זיין פאטער: ער האט געהאלטען היילינג זיין אנדענקען. מיר וועלען אויך זאגען וועגען איהם א פאר ווערטער.

דער אייגענטימער פון אכציג לייב־שקלאפען, וועלכע ער האט פאר'ן טויט באפרייט, אן אלטער געטינגענער סטודענט, דער מחבר פון דעם מאנוסקריפט וועגען „פארברעכענס, אדער דאס איבער־מאכען פון דעם גייסט אין דער וועלט", א ווערק, אין וועלכען די לעהרען פון שעלינג, סווועדענבארג, צוזאמען מיט דעם רעפובלי־קאניזם האבען זיך אויסגעמישט אויף דעם אריגינעלסטען אופן, — בערסענעוו'ס פאטער האט איהם געבראכט קיין מאסקווע גלייך נאך זיין מוטער'ס טויט, ווען ער איז נאך געווען א קליין אינגעלע און האט זיך אליין פארנומען מיט זיין ערציהונג. ער פלעגט זיך צוגרייטען צו יעדער לעקציע, ער האט אויסערגעוועהנליך עהרליך געארבייט, אבער אבסאלוט ערפאלגלאז. ער איז געווען א טרוי־מער, א מיסטיקער, א בוך־מענש; פלעגט זיך זאאיקען און גע־רעדט מיט א טויבער שטים. זיין שפראך איז געווען אן אונקלארע און א געקרויזטע, פלעגט זיך אפט באנוצען מיט פארגלייכונגען, און זיך שעמען אפילו פאר'ן זוהן, וועמען ער האט שטארק ליעב געהאט. אזוי, אז עס איז קיין וואונדער ניט, וואס דער זוהן האט בלויז געפינטעלט מיט די אויגען אויף זיינע לעקציעס און האט זיך ניט גערוהרט פון ארט, אפילו אויף קיין האר. דער אלטער (ער איז שוין דאן געווען אין די פופציגער, ווייל ער האט

זעהר שפעט חתונה געהאט) האט אם ענדע פארשטאנען אז דא איז עפּעס ניט גלאט און האט אריינגעגעבען זיין אנדריושא'ן אין א פּאנסיאָן. אנדריושא האט זיך גענומען לערנען אָבער ער איז ניט ארויס פון אונטער דעם פּאָטער'ס השגחה; דער פּאָטער פלעגט איהם אונאויפהערליך באזוכען און זיך איינעסען דעם אייגענטי־מער פון פּאנסיאָן מיט זיינע נאטאציעס; די אויפזעהער פלעגען אויך ניט זעהר גערן אויפנעמען דעם ניט־געבעטענעם גאסט. ער פלעגט זיי אלץ ברענגען אזוינע פארשפּיצטע ביכער וועגען ערציהונג. אפילו די שילער פלעגען זיך דערפיהלען אונאנגענעהם ווען זיי פלעגען דערזעהן דאָס טונקעלע, געשטופּעלטע געזיכט פונ'ם אלטען, זיין אויסגעדארטען קערפּער, מיט האָזען־גאנג. די חדר־אינגלעך האבען דאן אפילו ניט פארדעכטיגט, אז אָט דער בייזער הער, אויף וועמענס פּנים עס ווייזט זיך קיינמאָל ניט א שמייכעל, קימערט זיך און וועהטאָגט טיעף אין הארצען פאר יעדען איינעם פון זיי, כמעט ווי פאר זיין אייגען קינד. עס איז איהם אמאָל איינגעפאלען זיך דורכצושמועסען מיט זיי וועגען וואשינגטאָנ'ען: „יונגע קינדער!“ האט ער אָנגעהויבען, אָבער ביי די ערשטע קלאנגען פון זיין מאָדנער שטים זיינען זיך די יונגע קינדער צולאָפען. ניט מיט רויזען איז געווען אויסגעשפּרייט דאָס לעבען פון דעם עהרליכער געטיננענער: דער גאנג פון דער געשיכטע האט אימער גדריקט זיין גייסט, עס האבען איהם שטענדיג געמאטערט פאר־שיידענע פראגען. ווען בערסענעוו איז אריינגעטראָטען אין אוני־ווערזיטעט פלעגט ער פאָהרען מיט איהם צו די לעקציעס; אָבער זיין געזונט האט איהם שוין דאן אנגעהויבען פאררעטען. די גע־שעהענישען פון דעם 48טען יאָהר האט איהם אויפגעטרייסעלט ביז גאָר (מען האט באדארפט איבערמאכען דאָס גאנצע בוך), און ער איז געשטאָרבען אין ווינטער פון דעם 53טען יאָהר, איידער זיין זוהן האט געענדיגט דעם אוניווערזיטעט, אָבער ער האט איהם פאראויס גראטולירט מיט'ן נאָמען קאנדידאט, און האט איהם געבענשט צו דינען דער וויסענשאפט. „איך גיב דיר איבער דאָס ליכט, — האט ער איהם געזאָגט, א פאָר שטונדען פאר'ן טויט, — איך האב איהר געהאלטען אזוי לאנג ווי איך האב נאָר געקענט, לאָז־זשע ניט ארויס דאָס ליכט ביז'ן סוף“.

בערסענעוו האָט לאַנג גערעדט מיט יעלענאַ'ן וועגן זיין פּאָטער. די פּאַרלעגנהייט וואָס ער האָט געפּיהלט אין איהר אַנוועזענהייט איז פאַרשוואונדען און ער האָט זיך ניט אַזוי שטאַרק פאַרהיקעוועט. דער געשפּרעך איז אַריבערגעגאַנגען אויפ'ן אוניווערזיטעט.

— זאָגט, — האָט געפּרעגט יעלענאַ, — זיינען ווען געווען צווישען אייערע חברים אויסערגעוועהנליכע מענשען?

בערסענעוו האָט זיך דערמאָנט אָן שובינ'ס ווערטער.

— ניין, יעלענאַ ניקאָלאַיעוונאַ, דעם אמת גערעדט איז צווישען זיי ניט געווען קיין איין מערקווירדיגער מענש. און פון וואַנען זאָל זיך נעמען? עס איז געווען, זאָגט מען, אמאָל באמת אַ מאָסקווער אוניווערזיטעט. אָבער ניט איצט. איצט איז דאָס אַ חדר, ניט קיין אוניווערזיטעט, — האָט ער שטיל צוגעגעבען.

— שווער?... — האָט אַרויסגעשעפּטשעט יעלענאַ.

— דאָך, איך מוז זיך פאַרענטפערען, — האָט פאָרטגעזעצט בערסענעוו, — איך קען איין סטודענט, אמת ניט פון מיין פאַקולטעט, ער איז ווירקליך אַן אויסערגעוועהנליכער מענש.

— ווי הייסט ער? — האָט פלינק געפּרעגט יעלענאַ.

— אינסאַראָוו, דמיטרי ניקאַנאָראָוויטש, ער איז אַ בולגאַר.

— ניט קיין רוס?

— ניין, ניט קיין רוס.

— וואָרום זשע וואוינט ער אין מאָסקווע?

— ער איז געקומען אַהער זיך לערנען. און ווייסט איהר מיט וואָס פאַר אַ צוועק ער לערנט זיך? אין איהם לעבט בלויז איין געדאַנק, די באַפרייאונג פון זיין פאָטערלאַנד. זיין שיקזאַל איז ניט קיין געוועהנליכער. זיין פאָטער, אַ געבוירענער אין טאַרנאָוו, איז געווען אַ פאַרמעגליכער סוחר. טאַרנאָוו איז איצט אַ קליין שטעדטעל, אָבער אמאָל, אין די אַלטע צייטען, איז דאָס געווען די הויפּט־שטאָדט פון בולגאַריע, דאַן ווען בולגאַריע איז נאָך געווען אַן אונאָפּהענגיגע קעניגרייך. זייגע געשעפטען האָט ער געפיהרט אין סאָפיא, ער האָט אויך געהאַט פאַרבינדונגען מיט רוסלאַנד; זיין פאָטער.ס שוועסטער, אינסאַראָוו'ס אייגענע מומע,

וואוינט נאך ביז היינטיגן טאג אין קיעוו. זי איז פארהייראט צום עלטסטען לעהרער פון געשיכטע, אין יענער גימנאזיע. אין יאהר טויזענד אכט הונדערט פינף און דרייסיג, דאס הייסט, מיט אכצעהן יאהר צוריק האט פאסירט א שרעקליכער פארברעכען: אינסאראוו'ס מוטער איז מיט אמאל פארפאלען געווארען, אהן א שפור. אין א וואך ארום האט מען זי געפונען א געקוילעטע.

יעלענא האט אויפגעציטערט. בערסענעוו האט זיך אפגעשטעלט.

— רעדט ווייטער, רעדט ווייטער, — האט זי געבעטען.

— עס זיינען אומגעגאנגען קלאנגען, אז א טערקישער אגא האט זי אוועקגע'גנב'עט און דער'הרג'עט; איהר מאן, אינסאראוו'ס פאטער, האט זיך דערוואוסט דעם אמת. ער האט געוואלט נקמה נעמען, אבער ער האט בלויז פארשוואונדעט דעם אגא מיט'ן קינזשאל... מען האט איהם דערשאסען.

— געשאסען? אהן א משפט?

— יא. צו יענער צייט איז אינסאראוו'ען געווארען זיבען יאהר. ער איז געבליבען אויף די הענט פון די שכנים. די שוועסטער האט זיך דערוואוסט דערפון וואס עס האט פאסירט מיט איהר ברודער'ס פאמיליע, און האט אויסגעדריקט א פערלאנג צו האבען דעם פלימעניק ביי זיך. מען האט איהם געבראכט קיין אדעס און פון דארטען קיין קיעוו. אין קיעוו האט ער פארבראכט גאנצע צוועלף יאהר. דערפאר רעדט ער אזוי גוט רוסיש.

— ער רעדט רוסיש?

— ווי איך מיט אייך. ווען ער איז אלט געווארען צוואנציג יאהר, דאס איז געווען אין אנפאנג פון דעם יאהר 1848, האט זיך איהם פארגלוסט אומצוקעהרען אהיים. ער האט דאס געטאן. אינסאראוו איז געווען אין סאפיא, ער איז געווען אין טארנאוו, ער האט אויסגעמאסטען גאנץ בולגאריע אין דער לענג און אין דער ברייט, האט פארבראכט דארטען צוויי יאהר, און האט זיך ווידער אויסגעלערענט זיין מוטער־שפראך. די טערקישע רעגירונג האט איהם פארפאלגט, און ער איז זיכער אין די צוויי יאהר געווען אין גרויס געפאהר. איך האב איינמאל געזעהן ביי איהם אויפ'ן האלז א ברייטען שראם, עס ווייזט אויס א סימן פון א וואונד,

אָבער ער האָט ניט ליעב דערפון צו ריידען. ער איז אין דעם הינזיכט א גרויסער שווייגער. איך האָב זיך געפּרובט צו פאַנאַנ־דערפרעגען ביי איהם, — אָבער ניין, ניט געטראָפען דאָס אָרט. ער ענטפערט מיט אַלגעמיינע פראַזען. ער איז א מורא'דיגער עקשן. אין פופציגטען יאָהר איז ער ווידער געקומען קיין רוס־לאַנד, קיין מאָסקווע, מיט דעם געדאַנק צו פאַרפאָלקאָמענען זיין בילדונג, זיך דערנעהנטערען מיט די רוסען, און דערנאָך, ווען ער וועט ארוים פון אוניווערזיטעט...

— וואָס־זשע וועט דאַן זיין? — האָט איבערגעשלאָגען יעלענא.

— וואָס גאָט וועט געבען. עס איז שווער צו טרעפען פאָראויס.

יעלענא האָט לאַנג ניט אַראָפּגענומען די אויגען פון בער־סענעוו'ען.

— איהר האָט מיך זעהר פאַראינטערעסירט מיט אייער ער־צעהלונג, — האָט זי געזאָגט. — ווי זעהט ער אויס, אָט ער אייערער, ווי האָט איהר איהם אָנגערופען ביים נאָמען... אינ־סאראָוו?

— ווי זאָל איך אייך זאָגען? לויט מיין מיינונג, איז ער ניט קיין מיאוס'ער. אָט וועט איהר שוין אַליין זעהן.

— ווי אַזוי?

— איך וועל איהם ברענגען צו אייך אַהער. ער קלייבט זיך איבערמאָרגען אַריבער אין אונזער דערפעל און וועט וואוינען מיט מיר אין איין דירה.

— שוין זשע? צי וועט ער נאָך וועלען קומען צו אונז?

— נאָך ווי אַזוי! ער וועט זיין זעהר צופרידען.

— ער איז ניט שטאָלץ?

— ער? קיין קאָפּ ניט. אָבער אויב איהר ווילט איז ער יאָ שטאָלץ, אָבער ניט אין דעם זין ווי איהר פאַרשטעהט דאָס. קיין געלט, צום ביישפּיל, וועט ער ביי קיינעם ניט לייהען.

— ער איז אָרעם?

— יאָ, ער איז ניט רייך. ווען ער איז געפאָהרען קיין בול־גאַריע האָט ער זיך צוזאַמענגעשלאָפּט וואָסערע ברעקלעך, וואָס זיי־

נען פארבליבען פון זיין פאטער'ס פארמעגען, און די מומע העלפט אויך אונטער; אָבער דאָס אלץ איז כמעט גלייך צו גאָרניט.

— ער, זעהט אויס, האָט א שטאַרקען כאראקטער, — האָט באמערקט יעלענא.

— יאָ, דאָס איז אַן אייזערנער מענש. און צו דערזעלבער צייט, איהר וועט זעהן, איז אין איהם דאָ עטוואָס קינדישעס, אויפריכטיגעס. ניט קוקענדיג אויף זיין גאנצער קאָנצענטרירט־קייט און אפילו פארשלאָסענהייט, — ניט אונזער נישטיגע אויפ־ריכטיגקייט, די אויפריכטיגקייט פון מענשען, וואָס האָבען אב־סאָלוט ניט וואָס צו באהאלטען. אָבער, אָט ווארט, איך וועל איהם צו אייך ברענגען.

— ער איז ניט קיין שעמעוודיגער? — האָט ווידער גע־פרעגט יעלענא.

— ניין, ניט קיין שעמעוודיגער. בלויז יענע מענשען וואָס זיינען פארליעבט אין זיך זיינען שעמעוודיג.

— און איהר זענט דען א צופרידענער מענש?

בערסענעוו האָט זיך פארלאָרען און צופיהרט מיט די הענט.

— איהר וועקט מיין נייגעריגקייט, — האָט פארטגעזעצט יעלענא. — נו, זאָגט, האָט ער נקמה גענומען פון יענעם טער־קישען אגא?

בערסענעוו האָט א שמייכעל געטאָן.

— נקמה נעהמט מען נאָר אין ראָמאנען, יעלענא ניקאָלאַ־יעוונא; דערצו האָט דער אגא געקענט שטארבען אין משך פון צוועלף יאָהר.

— אָבער אייך האָט הער אינסאראָוו וועגען דעם גאָרנישט געזאָגט?

— גאָרנישט.

— נאָך וואָס איז ער געפאָהרען קיין סאָפיע?

— דאָרטען האָט געוואוינט זיין פאָטער.

יעלענא האָט זיך פארטראכט.

— באפרייען זיין פאָטערלאנד! — האָט זי ארויסגערעדט.— אָט די ווערטער איז אפילו א שרעק ארויסצוריידען, אזוי גרויס זיינען זיי...

אין דעם אויגענבליק איז אַנאַ וואַסיליעוונאַ אַריין אין צימער און דער געשפּרעך איז איבערגעריסען געוואָרען.

מאָדנע געפיהלען האָט גערעגט בערסענעוו'ען, ווען ער האָט זיך אומגעקערט אַהיים אין יענעם אָוונט. ער האָט ניט חרטה געהאַט אויף זיין פאַרלאַנג צו באַקאָנען אינסאַראָוו'ען מיט יעלענאַ'ן, פאַר איהם איז געוועזן נאַטירליך יענער טיפער איינדרוק, וואָס אויף איהר האָבען געמאַכט זיינע דערצעהלונגען וועגען דעם יונגען בולגאַר... האָט ער דען זיך אַליין ניט געמיהט צו פאַרשטאַרקען דעם איינדרוק. אָבער אַן אונקלאָרער דונקעלער געפיהל האָט זיך געהיימניספול באַהאַלטען אין זיין האַרצען: ער האָט געטרויערט מיט ניט קיין גוטען טרויער. אָבער אָט דער טרויער האָט איהם ניט געשטערט זיך נעהמען פאַר געגענשטאַופּענאָוו'ס געשיכטע, און אָנהויבען פון דעם זעלבען זייטעל אויף וועלכען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט נעכטען.

11.

מיט אַ פּאָר טעג שפּעטער איז אינסאַראָוו געקומען צו בערסענעוו'ען מיט די פּעקלעך, ווי ער האָט איהם צוגעזאָגט. קיין דיענער האָט ער ניט געהאַט, אָבער אָהן יעדער הילף האָט ער געבראַכט זיין צימער אין אָרדנונג. ער האָט אויסגעשטעלט דאָס מעבעל, אויסגעווישט דעם שטויב און אויסגעקערט. באַזונדערס לאַנג האָט ער זיך גע'עסק'ט מיט'ן שרייב־טיש, וואָס האָט בשום אופן ניט געוואָלט אַריין אין ווינקעל, וועלכען מען האָט פריהער פאַר איהם באַשטימט, נאָר אינסאַראָוו, אַ דאַנק זיין איינגעבוירענער עקשנות, האָט זיינס אויסגעפיהרט. ווען אינסאַראָוו האָט זיך איינגעשטעלט האָט ער געבעטען בערסענעוו'ען ער זאָל ביי איהם נעהמען צעהן רובעל פאַראויס פאַר'ן צימער, און באַוואָפענט מיט אַ דיקען שטעקען איז ער אַוועק זיך באַקאָנען און אויסקוקען דעם אומגעגענד פון זיין נייער וואוינונג. ער האָט זיך אומגעקעהרט אין דריי שטונדען אַרום, און אויף בערסענעוו'ס איינלאַדונג צו צוטיילען מיט איהם זיין סעודה, האָט ער געענטפערט אַז איצט זאָגט ער זיך ניט אָפּ, אָבער געוועהנליך וועט ער

קריגען זיין עסען פון דער באַלעבאָסטע, מיט וועלכער ער האָט שוין גערעדט.

— וואָס רעדט איהר! — האָט אָפּגעענטפערט בערסענעוו, — מען וועט אייך געבען שלעכטע עסענס, אָט די פרוי קען אינגאַנצען ניט קאָכען. וואָרום ווילט איהר ניט האָבען מיטאָג מיט מיר, מיר וואָלטען די אויסגאַבען טיילען אויף דער העלפט.

— מיינע מיטלען ערלויבען דאָס מיר ניט, — האָט מיט א רוהיגען שמייכעל געענטפערט אינסאַראָוו.

אין אָט דעם שמייכעל איז געווען עטוואָס אַזוינס, וואָס האָט ניט ערלויבט זיך צו עקשנ׳ען. בערסענעוו האָט קיין וואָרט ניט געזאָגט. נאָך מיטאָג האָט בערסענעוו איינגעלאַדען אינסאַראָוו׳ען צו די סטאַכאָווס. אינסאַראָוו האָט געבעטען אָפּלעגען דעם באַזוך צו די סטאַכאָווס אויף מאָרגען, ווייל דעם היינטיגען אָוועט דענקט ער צו ווידמען צו שרייבען בריעף צו די בולגאַרען. בערסענעוו האָט נאָך פון פריהער געוואוסט, אז אינסאַראָוו האָט אַן אייזערנעם ווילען, וואָס בויגט זיך ניט. און איצט, וואוינענדיג מיט איהם אונטער איין דאַך האָט ער זיך פאַלשטענדיג איבערצייגט אין דעם, אז אינסאַראָוו בייט קיינמאָל ניט זיינעם א באַשלוס, פונקט ווי ער האָט קיינמאָל ניט אָפּגעלעגט צו טאָן דאָס, וואָס ער האָט צוגעזאָגט. אין בערסענעוו׳ס אויגען (ווי ביי אַן עכטען רוס) — האָט אָט די מעהר ווי דייטשע פינקטליכקייט, — אויסזעהן אביסעל ווילד און א היבש ביסעל לעכערליך. אָבער ער האָט זיך שנעל צוגעוואוינט צו איהר, און האָט אויסגעפונען, אז אויב די פינקטליכקייט איז ניט אַזוי שעהן, איז זי דערפאַר זעהר גוט און באַקוועם.

אויף מאָרגען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַזעצט אין זיין נייער וואוינונג, איז אינסאַראָוו אויפגעשטאַנען פיער אַזייגער פאַרטאָג און האָט אויסגעשפאַנט כמעט גאַנץ קונצאָווא. דערנאָך האָט ער זיך אויסגעבאָדען אין טייך, האָט אויסגעטרונקען א גלאָז קאַלטע מילך און האָט זיך גענומען צו דער ארבייט; ארבייט האָט ער געהאַט זעהר פיעל. ער האָט געלערענט די רוסישע געשיכטע, די יוריספּרודענץ, די פּאָליטישע עקאָנאָמיע; אויסער דעם האָט ער

איבערזעצט בולגארישע לידער און געשיכטע באשרייבונגען; ער האָט אויך געקליבען מאטעריאל וועגען דער מזרח פראגע און גע־ארבייט אויף א רוסישער גראמאטיק פאר די בולגארען, און א בולגארישע פאר די רוסען.

בערסענעוו איז אריינגעגאנגען צו איהם אום צו כאפען א שמועס מיט איהם וועגען פייערבאכ'ען. אינסאראוו האָט זיך אויפמערקזאם צוגעהערט צו זיינע רייד; אפגעענטפערט זעלטען, אָבער צו דער זאך. פון זיין אָפּענטפערען האָט מען געקענט זעהן אז ער מיהט זיך אליין אָפּגעבען דין וחשבון צו דארף ער, צי מוז ער זיך אָפּגעבען מיט פייערבאכ'ען, אָדער ער קען זיך באגעהן אָהן איהם. בערסענעוו איז איבערגעגאנגען פון פייערבאכ'ען צו אינסאראוו'ס לערנען און ארבייט. ער האָט איהם געפרעגט צי וועט ער איהם ווייזען וואָס ניט איז פון זיין ארבייט? אינסאראוו האָט איהם דורכגעלעזען א צוויי־דריי פון זיינע איבערזעצטע בול־גארישע ליעדער און געוואָלט וויסען זיין מיינונג. בערסענעוו האָט געפונען די איבערזעצונג ריכטיג אָבער ניט גענוג לעבעדיג. פון די ליעדער איז בערסענעוו איבערגעגאנגען צו דער געגענווער־טיגער לאגע פון בולגאריע. דאָ האָט בערסענעוו צום ערשטען מאָל באמערקט, ווי אינסאראוו האָט זיך איינגאנצען געביטען ווען מען האָט נאָר דערמאָנט דעם נאָמען פון זיין פאָטערלאנד; עס האָט זיך ניט געמערקט, אז זיין געזיכט זאָל אָנהויבען ברענען אָדער זיין שטים זאָל זיך הויבען — אָה, ניין! אָבער זיין גאנצער וועזען איז ווי קרעפטיגער געווארען, זיך אויסגעגליכט, שארפער איז געווארען דער אויסשניט פון זיינע ליפען און אין דער טיפע־ניש פון די אויגען האָט זיך אָנגעצונדען א שטילער, הייליגער פייער. אינסאראוו האָט ניט ליעב געהאט צופיעל צו ריידען וועגען זיין אייגענער רייזע אהיים, אָבער וועגען בולגאריע האָט ער גערן גערעדט מיט יעדען איינעם. שטיל, ניט געאיילט האָט ער גערעדט וועגען די טערקען און זייערע פארפאָלגונגען; וועגען די צרות און רדיפות פון זיינע מיטבירגער, וועגען זייערע האָפנונגען; מיט א קאָנצענטרירטער דורכגעטראכקייט פון אן איין־און־איינציגען אַלטען געפיהל איז געוועזן דורכגעדרונגען יעדער וואָרט זיינער.

„יאָ, יאָ, — האָט דערוויילע געטראכט בערסענעוו, — דער

טערקישער אגא האָט איהם געמוזט טייער באַצאָהלען פאר דעם טויט פון זיינע עלטערען".

אינסאראוו האָט נאָך ניט דערוויזען אנשווינען צו ווערען, ווי עס האָט זיך געעפענט די טיר און שובין האָט זיך באוויזען אויפ'ן שוועל.

ער איז אריין אין צימער שוין אביסעל צופרייד און גוט־מוטיג; בערסענעוו, וועלכער האָט איהם גוט געקענט, האָט גלייך פארשטאַנען אז איהם האָט עפּעס פארדראָסען.

— איך שטעל זיך אייך פאר אָהן צערעמאָניעס, — האָט ער אָנגעהויבען מיט א ליכטיגען און אָפענעם אויסדרוק פון געזיכט,— מיין פאמיליע איז שובין, איך בין אָט דעם יונגאַנמאַנ'ס א חבר (האָט ער אָנגעוויזען אויף בערסענעוו'ען).

— איהר זענט דאָך דער הער אינסאראוו, ניט אזוי?

— איך בין אינסאראוו.

— טאָ גיט מיר די האנד און לאָמיר זיך באַקענען. איך ווייס ניט צי האָט בערסענעוו מיט אייך גערעדט וועגען מיר, אָבער וועגען אייך האָט ער מיר זעהר א סך דערצעהלט. איהר האָט זיך דאָ באזעצט, דאָס איז אויסגעצייכענט! זייט ניט בייז אויף מיר, וואָס איך קוק אויף אייך אזוי דורכדרינגענד. לויט'ן פאך בין איך א סקולפּטאָר און איך זעה פאראויס, אז גאר אינגיכען וועל איך ביי אייך בעטען אַן ערלויבניש אויסצושניידען אָדער אויסצוקלעפּען אייער קאָפּ.

— מיין קאָפּ איז צו אייערע דינסטען, — האָט געענטפערט אינסאראוו.

— וואָס זשע טוען מיר היינט? — האָט אָנגעהויבען שובין, זיך פּלוצלונג אוועקזעצענדיג אויף א נידעריג ביינקעלע און זיך אנשפּארענדיג מיט ביידע הענט אויף די ברייט פארנאנדערגענומענע קניה — אנדרעי פּעטראוויטש, האָט איהר עפּעס א פּלאַן פאר היינטיגען טאָג, אייער עקסעלענץ? עס איז א שעהנער וועטער, עס שמעקט מיט היי און טרוקענע יאגאדעס, אַך, ווי עס שמעקט, א מחיה!... מען דארף עפּעס צוטראַכטען לאָמיר ווייזען דעם נייעם איינוואוינער פון קונצאָווא אלע איהרע צאָהלרייכע שעהנקייטען. („איהם קרענקט עפּעס", האָט פאר זיך געטראַכט

בערסענעוו.) נו, וואָס־זשע שווייגסטו מיין פריינד, האָראַציאָ? עפּעס דיינע נביא׳ישע ליפּען. וועלען מיר היינט עפּעס צוטראַכ־טען, אָדער ניט?

— איך ווייס ניט, — האָט באַמערקט בערסענעוו: — ווי אינסאַראָוו וויל. ער קלייבט זיך דאַכט זיך אַרבייטען.

שובין האָט זיך אויסגעדרעהט אויפ׳ן ביינקעל.

— איהר ווילט אַרבייטען? — האָט ער געפרעגט אין נאָז.

— ניין, — האָט געענטפערט יענער, — היינטיגען טאָג קען איך ווידמען דעם שפּאַציר.

— אַ! — האָט אַרויסגערעדט שובין, אַנדרעי פּעטראָוויטש, גו דעקט צו מיט דער הוט אייער קלוגען קאָפּ און קומט וואו די אויגען וועלען אונז טראָגען. אונזערע אויגען זיינען יונגע — זיי קוקען און זעהען ווייט. איך ווייס וועגען אַ פּאַסקודניקען שענקעל, דאָרטען וועט מען אונז געבען אַ מורא׳דיג שלעכטען מיטאָג; אָבער אונז וועט פרעהליך זיין. קומט.

אין אַ האַלבער שעה שפּעטער זיינען זיי אַלע דריי געגאַנגען מיט׳ן ברעג פון דעם טייך מאָסקווע. אינסאַראָוו האָט אָנגעטאָן אַ מאָדנעם קאַרטוז פון וועלכען שובין איז גאָר נתפּעל געוואָרען. אינסאַראָוו האָט געשפּאַנט ניט געאיילט, ער האָט געקוקט, געאָ־טעמט, גערעדט און געשמייכעלט רוהיג: דעם טאָג האָט ער אָוועק־געגעבען פאַר פאַרגעניגען און האָט פאָלשטענדיג הנאה געהאַט. „אַט אַזוי שפּאַצירען זונטאָג פאַרניפּטיגע אינגלעך”, — האָט שובין אַריינגעשעפּשעט בערסענעוו׳ען אין אויער אַריין. שובין אַליין האָט זיך זעהר משוגע געמאַכט, ער איז געלאָפען פאַראויס, זיך געשטעלט אין פּאָזעס פון פאַרשיידענע סטאַטועו און האָט זיך געקאַטשעט איבער׳ן גראָז; אינסאַראָוו׳ס רוהיגקייט האָט איהם ניט גערעגט, נאָר ווי געצוואונגען צו קרימען זיך. „וואָס קאַמאַנ־דעוועסטו אַזוי פראַנצויז? האָט איהם אַ פּאָר מאָל באַמערקט בערסענעוו. „יאָ, איך בין אַ פראַנצויז, אַ האַלבער פראַנצויז, — האָט אָפּגעענטפערט שובין; — און דו האַלט די גאָלדענע מיט, צווישען שפּאַס און ערנסט. ווי עס פלעגט אַפט זאָגען אַ משרת”. די יונגע מענשען האָבען זיך אָפּגעקירעוועט פון טייך און זיינען

אוועקגעגאנגען מיט א שמאָלער טיפער סטעזשקע, צווישען צוויי הויכע ווענט פון גאָלדענע קאָרן; פון איינער פון אָט די ווענט איז געפאלען אויף זיי א בלויליכער שאָטען; עס האָט זיך געדוכט אז די שטראהלענדע זון איז געקראָכען. איבער די שפיצען פון די זאנגען. די לערכען האָבען געזונגען, די וואכטעלען געשריען; איבעראל האָבען געגרינט די גראָזען, א ווארעם ווינטעל האָט געוויגט און אויפגעהויבען זייערע בלעטער און געשאָקעלט די קעפּלאך פון די בלומען. נאָך לאנגע אומוואנדערונגען, אפּרו־הען און פּלאפּלען — (שובין האָט אפילו געפּרובט שפּילען אין א מאָדנער שפּיעל מיט א דורכגעהענדעם פּויער'ל, וועלכער האָט אלץ געלאכט, וואָס די פּריצים זאָלען ניט געוועזן טאָן מיט איהם) האָבען די יונגע מענשען זיך דערשלעפּט צום פּאסקודניקען שעג־קעל. דער דינער האָט שיער ניט אומגעווארפען פון די פיס יעדען איינעם פון זיי און האָט זיי, ווירקליך, אָנגעהאָדעוועט מיט זעהר א שלעכטען ווארעמעס, מיט א מין וויין פון אונטער די באלקאָ־נען. אָבער, דאָס האָט זיי ניט געשטערט זיך צו פרעהען פון גאנצען הארצען, ווי עס האָט זיי נביאות געזאגט שובין; ער אליין האָט געשטיפט און געשפּאסט ראשיגער פון אלעמען, אָבער אויפריכטיג געפרעהט האָט ער זיך ווענינער פון אלעמען. ער האָט געטרונקען פאר'ן געזונט פון דעם אומבאקאנטען, גרויסען ווענעלי'ן, ער האָט אויך געטרונקען פאר'ן געזונט פון דעם בולגארישען קעניג קרום, כרום אָדער כראָם, וואָס האָט געלעבט כמעט אין אדם הראשון'ס צייטען.

— „אין נײַנטען יאָהר הונדערט", — האָט איהם אינסאראוו פאררירכט.

— אין דעם נײַנטען יאָהרהונדערט? ס'ארא מין גליק דאָס איז, — האָט אויסגעשריען שובין.

בערסענעוו האָט באמערקט אז שובין, צווישען אלע זיינע שטיפערייען און וויצען, עקזאמינירט אינסאראוו'ען, טאפּט און רעגט זיך אינערליך, — אינסאראוו איז, ווי פריהער, געבליבען רוהיג.

אם ענדע האָבען זיי זיך אומגעקערט אהיים. זיי האָבען זיך

איבערגעטאָן און כדי ניט ארויס פון דער קאָלעיע אין וועלכער זיי זיינען אריינגעפאלען אין דער פריה, האָבען זיי באשלאָסען נאָך דעמזעלבען אָווענט געהן צו די סטאַכאָווס. שובין איז אַנטלאָפען פאַראויס אום צו לאָזען ויסען וועגען זייער קומען.

## 12.

— הער אינסאראָוו וועט באלד אהער קומען! — האָט מיט התפעלות אויסגעשריען שובין, אריינקומענדיג צו די סטאַכאָווס אין גאסט־צימער, וואו אין דער מינוט האָבען זיך בלויז געפונען יעלענאַ מיט זאיע'ן.

— ו ו ע ר? — האָט זאיאַ געפרעגט אין דייטש. ווען עס האָט איהר וואָס געטראָפען אונערווארטעט, פלעגט זי זיך שטענדיג אויסדריקען אויף איהר מוטער־שפראך. יעלענאַ האָט זיך אויסגעגלייכט. שובין האָט א קוק געטאָן אויף איהר מיט א פאר־שייטען שמייכעלע אויף די ליפען. עס האָט איהר פארדראָסען, אָבער זי האָט גארנישט געזאָגט.

— איהר האָט געהערט, דער הער אינסאראוו קומט אהער, — האָט שובין ווידערהאָלט.

— איך האָב געהערט, — האָט זי געענטפערט, און איך האָב אויך געהערט ווי איהר האָט איהם אָנגערופען. עס וואונדערט מיך, דעם הער אינסאראוו'ס פוס איז נאָך ניט איבערגעטראָטען אָט די שוועל און איהר געפינט שוין פאר נויטיג זיך צו קרימען און צו שפעטען.

שובין איז מיט אמאָל אראפגעפאלען ביי זיך.

— איהר זייט גערעכט, איהר זיינט אימער גערעכט, יעלענא ניקאָלאיעוונא, — האָט ער ארויסגעמורמעלט: — דאָס איז גלאט אזוי זיך, מיין עהרען וואָרט. מיר האָבען דעם גאנצען טאָג פאר־בראכט צוזאמען, מיר האָבען געמאכט א לאַנגען שפאציער, איך פארזיכער אייך, אז דאָס איז אן אויסגעצייכענטער מענש.

— איך האָב אייך וועגען דעם ניט געפרעגט. — האָט געזאגט יעלענא און איז אויפגעשטאַנען.

— הער אינסאראוו איז יונג? — האָט געפרעגט זאיאַ.

— ער איז אלט הונדערט מיט צוויי און פערציג יאהר, — האט מיט פארדרוס געענטפערט שובין.

דער דינער האט געלאזט וויסען אז די צוויי חברים זיינען געקומען. זיי זיינען אריין. בערסענעוו האט פארגעשטעלט אינ־סאראוו'ען. יעלענא האט זיי נעבעטען זיצען און האט זיך אליין אויך אנידערגעזעצט. זאיא איז ארויף אויפ'ן אויבערשטען שטאק. מען האט באדארפט אנזאגען אנא וואסיליעווגא אז געסט זיינען געקומען. עס האט זיך אנגעהויבען א פוסטער געשפרעך, ווי אלע ערשטע געשפרעכען. שטילערהייט, פון א ווינקעל האט שובין בא־אבאכטעט דאס ארומיגע. אבער עס איז ניט געווען וואס צו בא־אבאכטען. ער האט בלויז באמערקט אן איינגעהאלטענעם פאר־דרום אין יעלענא'ן צו איהם, שובין'ען, און דאס אלעס. ער האט געקוקט אויף בערסענעוו'ען און אינסאראוו'ען און ווי א סקולפ־טאר האט ער פארגליכען זייערע געזיכטער. ביידע, — האט ער געטראכט, — זיינען ניט קיין שעהנע: דעם בולגאר'ס געזיכט איז א כאראקטעריסטישער געזיכט פאר א סקולפטאר, אט איצט האט זיך זיין פנים גוט באלויכטען; דעם גרויס־רוס' פנים בעט זיך מעהר צום מאהלען, קיין ליניען זיינען ניטא, בלויז א פיזיא־נאמיע. און פונדעסטוועגען קען מען זיך פארליבען, סיי אין דעם, סיי אין יענעם. זי ליעבט נאך דערוויילע קיינעם ניט, אבער זי וועט זיך פארליבען אין בערסענעוו'ן, האט ער פאר זיך אליין באשלאסען.

אנא וואסיליעווגא איז אריינגעקומען אין גאסט־צימער און דער געשפרעך האט גלייך אנגענומען אן אנדער ווענדונג. מען האט געשמועסט וועגען זומער־פלאץ. דאס איז געווען א פאר־שיידענארטיגער געשפרעך, ווי מען האט גערעדט וועגען אלעם אין דער וועלט, אבער קורצע און זעהר שווערע פאוזעס האבען איהם איבערגעריסען אליי צוויי־דריי מינוטען. אין איינע פון אט די פאוזעס, האט זיך אנא וואסיליעווגא געווענדעט צו זאיא'ן. שובין האט פארשטאנען איהר שטומען מיין, האט געמאכט א זויער פנים. זאיא האט זיך געזעצט צו דער פיאנינא. זי האט דורכגעשפיעלט און דורכגעזונגען אלע איהרע ליעדלאך. אין טיר האט זיך געוועזן באוויזען אואוואר איוואנאוויטש, אבער ער האט א מאך געטאן

מיט די פינגער און איז גלייך פארשוואונדען. שפעטער האט מען דערלאנגט טיי, דערנאך איז די גאנצע געזעלשאפט אוועק שפא־צירען אין גארטען... אין דרויסען איז פינסטער געווארען, און די געסט זיינען זיך צוגאנגען.

אינסאראוו האט ווירקליך געמאכט אויף יעלענא׳ן א קלע־נערען איינדרוק ווי זי האט ערווארטעט, אדער ריכטיגער, ער האט ניט געמאכט אויף איהר יענעם איינדרוק וואס זי האט ערוואר־טעט. איהר איז געפעלען געווארען זיין געזיכט, זיין פרייע באַ־נעהמונג; אבער אינסאראוו׳ס גאנצער וועזען, אזא רוהיגער און שטארקער, אזא אלט־טעגליך־פשוט׳ער, האט זיך עפעס ניט גע־בונדען מיט יענעם געשטאלט, וועלכער האט זיך צוזאמענגע־שטעלט אין איהר קאפ, לויט בערסענעוו׳ס דערצעהלונגען. יעלענא האט, אליין ניט וויסענדיג, ערווארטעט עטוואס מעהר „פאטא־לעס". — ער האט היינט גערעדט זעהר וועניג, אין דעם בין איך אליין שולדיג, — כ׳האב זיך ביי איהם אין קיין זאך ניט פאנאנ־דערגעפרעגט, — האט זי געטראכט, מיר וועלען צוואווארטען ביז א צווייטען מאל... אבער אויגען האט ער אויסדרוקספולע, עהר־ליכע. זי האט געפיהלט, אז ניט בוקען זיך פאר איהם ווילט זיך, נאר איהם אויסשטרעקען פריינדליך די האנט, און זי האט זיך פארלארען: נישט אזוי האט זי זיך פארגעשטעלט מענשען, וואס זיינען עהנליך צו אינסאראוו׳ען: „העלדען", הייסט עס. דאס לעצטע ווארט האט איהר דערמאנט אן שובינ׳ען און זי איז רויט און בייז געווארען.

— ווי זיינען אייך געפעלען געווארען אייערע נייע באקאנ־טע? — האט אויף צוריקוועגס בערסענעוו געפרעגט אינסאראוו׳ן.

— זיי זיינען מיר זעהר געפעלען געווארען, באזונדערס די טאכטער. זי ווייזט אויס צו זיין א וואוילע מיידעל. זי רעגט זיך, אבער אין איהר איז דאס א גוטע רעגונג.

— מען דארף געהן צו זיי וואס אפטער, — האט באמערקט בערסענעוו.

— יא, מען דארף, — האט ארויסגערעדט אינסאראוו, און האט מעהר גארנישט געזאגט. דעם גאנצען וועג אהיים האט ער געשוויגען. ווי נאר זיי זיינען געקומען אהיים, אזוי האט זיך

אינסאראוו גלייך פארשלאָסען אין זיין צימער, וואו עס האָט לאַנג, ביז שפּעט אין דער נאַכט אריין געברענט ליכט.

בערסענעוו האָט ניט באוויזען איבערצולייענען א בלעטעל פון ראומער'ען, ווי א קופּקעלע דינע זאמד האָט א קלאפּ געטאָן אין שויב פון זיין פענסטער. ער האָט ניט ווילענדיג א ציטער געטאָן. ער האָט צועפענט דעם פענסטער און האָט דערזעהן שובינ'ען, א בלאסען ווי לייוונט.

— אך דו אונרוהיגער איינער, דו נאַכט שמעטערלינג — האָט אָנגעהויבען בערסענעוו.

— טס! — האָט איהם אונטערגעבראָכען שובין, — איך בין געקומען צו דיר שטילינקערהייד, ווי מאקס צו אגאטא'ן, איך מוז דיר זאָגען צוויי ווערטער אויג אויף אויג.

— געה־זשע אריין אין צימער.

— ניין, מען דארף ניט, — האָט אָפּגעענטפערט שובין און האָט זיך אנגעשפּארט אויפ'ן ראם פון פענסטער: — אזוי איז פרעהליכער, און עס דערמאָנט מעהר אין שפּאניען. ערשטענס, גראטוליר איך דיך: דיינע אקציעס האָבען זיך אויפגעהויבען. דיין באריהמטער, אויסערגעוועהנליכער מענש איז דורכגעפאלען. דערפאר קען איך דיר ערוב זיין. כדי דיר צו דערווייזען אז איך בין גערעכט, טאָ הער זיך איין: אָט איז דעם הער אינסאראוו'ס יספר היחוס. קיינע טאלאנטען האָט ער ניט, קיין פּאָעזיע איז אין איהם אויך ניטאָ, פעהיגקייטען צו ארבייטען, א וועלט, א גרויסער זכרון; זיין שכל איז ניט קיין פארשידענאר־טיגער און ניט קיין טיפער, נאָר א געזונטער און לעבעדיגער; ער איז טרוקען און שטארק; און אויב דו ווילסט, באזיצט ער אפילו די פעהיגקייט פון דעם שעהנעם וואָרט ווען עס האנדעלט זיך אין זיין, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, לאנגווייליגער בולגאריע. וואָס? ווערסט זאָגען אז איך בין אומגערעכט? נאָך איין באמער־קונג, ווערסט מיט איהם קיינמאָל אויף „דו" ניט זיין, אזוי ווי קיינער איז מיט איהם ניט געווען. איך, ווי א סקולפּטאָר, בין איהם דער־ווידער, מיט וואָס איך שטאָלציר זעהר. ער איז טרוקען, טרוקען און קען אונז אלעמען צורייבען אין א פּראָשעק; ער איז פאר־בונדען מיט זיין ערד, ניט ווי אונזערע פּוסטע כלים, וועלכע קלע־

מען זיך צום פאָלק און לאָסטשען זיך, ווי זיי וואָלטען זיך בעטען רחמים, אז די לעבעדיגע כוחות פון פאָלק זאָלען זיך ארייננגיסען אין זייערע אָדערען, ווי דאָס אייביגע לעבעדיגע וואסער. און טאקע דערפאר ווייל ער איז מיט ליב און לעבען צוגעבונדען צו זיין פאָלק איז זיין אויפגאבע א לייכטערע, א מעהר פארשטענד־ליכע: מען דארף בלויז ארויסשטופען און פארטרייבען די טער־קען, א גרויסע זאך! אָבער די אלע מעלות געפעלען ניט קיין פרויען. צוויבער פעהלט אין זיי, פליגלען, ניט ווי אין אונז ביידען.

— צו וואָס האָסטו נאָך מיר אויך צוגעטשעפעט? — האָט ארויסגעברומט בערסענעוו. — אין דעם, איבעריגענס, ביזטו ניט גערעכט: דו ביזט איהם ניט דערווידער, און מיט זיינע מיט־בירגער איז ער אויף דו... דאָס וויים איך.

— דאָס איז אן אנדער זאך. פאר זיי איז ער א העלד. דעם אמת געזאָגט האָב איך זיך גאנץ אנדערש פארגעשטעלט העלדען. א העלד דארף ניט קענען ריידען: א העלד מוז ברומען ווי אן אָקס; דערפאר דארף ער בלויז א ריהר טאָן מיט א האָרן — און ווענט צופאלען. דערצו, דארף ער אליין ניט וויסען נאָכוואָס ער ריהרט דעם האָרן, אָבער ריהרען מוז ער. און, אפשר, אין אונ־זערע צייטען פאָדערען זיך העלדען פון אן אנדער קאליבער?

— וואָס אינטערעסירט דיך אזוי אינסאראָוו? — האָט גע־פרעגט בערסענעוו. — שוין־זשע ביזטו בלויז צוליעב דעם געקומען צולויפען אהער, אום מיר צו באשרייבען זיין כאראקטער?

— איך בין געקומען אהער ווייל אין דער היים איז מיר געוועזען זעהר אומעטיג.

— גאָר אזוי! אפשר קלייבסטו זיך ווידער צו וויינען?

— לאָך, לאָך! איך בין געקומען אהער, ווייל איך בין גרייט זיך צו צובייסען די עלענבויגענס, ווייל מיך עסען אויף פאר־צווייפלונג, פארדרוס און אייפערזוכט...

— אייפערזוכט!

— צו וועמען?

— צו דיר, צו איהם, צו אלעמען, מיך פרעסט אויף דער גע־דאנק, אז ווען איך זאָל זיי פריהער געוועזן פארשטעהן, ווען איך זאָל

זיך געווען מיט שכל און פארשטאנד נעהמען צו דער זאך.. אבער וואס איז דא צו רעדען! עס וועט זיך ענדיגען דערמיט, וואס איך וועל אלץ לאכען, וועל זיך נאריש מאכען און וויצלען, ווי זי דריקט זיך אויס, און דארטען אין דער שטיל נעהמען און זיך דערווערגען.

— נו, דערווערגען וועסטו זיך ניט, לאמיר זאגען, האט באַמערקט בערסענעוו.

— אין אזא נאכט זיכער ניט; אבער לאמיר בלויז דערלעבען הערבסט. אויך אין אזא נאכט שטארבען מענשען, אבער בלויז פאַ גליק. אך, גליק! יעדער אויסגעצויגענער שאטען פון די ביימער איבער'ן וועג דוכט זיך מורמעלט: „איך וייס וואו גליק איז... ווילסט וועל איך דיר זאגען". איך וואלט דיך גערופען שפאצירען.

— אבער דו ביזט אונטער'ן איינדרוק פון פראזע. שלאף און זאלען זיך דיר חלום'ען מאטעמאטישע פיגורען! מיין נשמה וועדט צוריסען. איהר, מיינע העררען, זעהט אז א מענש לאכט, דענקט איהר, אז איהם איז גוט און לייכט אויפ'ן הארצען. איהר קענט איהם איבערצייגען, אז ער ווידערשפרעכט זיך אליין, הייסט עס אז ער ליידט ניט... מילא, געהט אייך אלע צו אלדי גוטע יאהר!

שובין איז פלינק אוועק פון פענסטער. „אנושקא!" האט איהם בערסענעוו געוואלט נאכשרייען, אבער ער האט זיך איינגעהאלטען. שובין האטווירקליך אויסגעזעהן שרעקליך צוטראגען. אין א פאר מינוטען שפעטער האט זיך בערסענעוו'ען אויסגעוויזען אז ער הערט שלוכצען: ער איז אויפגעשטאנען, האט אויפגעעפענט דעם פענסטער; אלעס ארום איז געווען שטיל, בלויז פון ווייטען האט א פארבייפאהרענדער פויער'ל נעצויגען א פארבענקט ליעדעל, סטעפ מאזדאקסקאיא.

## 13.

אין לויף פון די ערשטע פאר וואכען, נאכדעם ווי אינסאראוו האט זיך באזעצט אין שבנ'ישען דערפעל פון קונצאווא, האט ער ניט מעהר ווי א פיער-פינף מאל באזוכט די סטאכאווס; בערסענעוו פלעגט געהן צו זיי א טאג איבער א טאג. יעלענא האט זיך

שטענדיג געפרעהט מיט איהם; אימער האָט זיך צווישען זיי פאַרבונדען אַ לעבעדיגער און אינטערעסאַנטער געשפּרעך, פונדעסט־וועגען פלעגט ער זיך אָפּט אומקעהרען אהיים מיט אַ טרויעריגען געזיכט. שובין פלעגט זיך כמעט ניט ווייזען: ער האָט זיך אינ־גאַנצען אוועקגעגעבען צו זיין קונסט מיט אַ פיבערישער אָנשטרענגונג, אָדער ער איז געזעסען פאַרשפּאַרט אין זיין צימער און פלעגט ארויסשפּרינגען פון דאָרטען אין איין בלוזע, אינגאַנצען אָן אויסגעשמירטער אין ליים, אַ ניט האָט ער גאָר פאַרבראַכט זיינע טעג אין מאָסקווע, וואו ער האָט געהאַט אַ סטודיאָ, וואוהין עס פלעגען קומען צו איהם מאָדעלען און איטאַליענער פאָרם־גיסער, זיינע חברים און לעהרער. יעלענאַ האָט קיין איינציגען מאָל ניט גערעדט מיט אינסאַרעוו׳ען אַזוי ווי זי האָט דאָס געוואָלט; אין זיין אבוועזענהייט פלעגט זי זיך גרייטען צו פאַנאַנדערפרעגען ביי איהם וועגען אַ סך זאכען, אָבער ווען ער פלעגט קומען, פלעגט זי זיך פאַרשעהמען פאַר איהרע פאָרבאַרייטונגען. אינסאַראָוו׳ס רו־היגקייט פלעגט זי ברענגען אין אַ פאַרלעגענהייט: איהר האָט זיך גדוכט אַז זי האָט קיין רעכט ניט צו צווינגען איהם זיך ארויסזאָגען און זי האָט באַשלאָסען צו וואַרטען, און דאָך האָט זי געפיהלט, אַז ער ציהט זי צו צו זיך מיט יעדען נייעם באַזוך זיינעם, ווי אומ־באַדייטענד עס זאָלען ניט זיין די פּאָר ווערטער, וואָס זיי רעדען אוים צווישען זיך. נאָר עס איז איהר פשוט ניט אויסגעקומען צו בלייבען מיט איהם אַליין, און אום זיך צו דערנעהנטערען מיט אַ מענשען, מוז מען כאָטש איין מאָל זיך דורכרעדען מיט איהם אויג אויף אויג. זי האָט פיעל גערעדט וועגען איהם מיט בערסענעוו׳ען. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז יעלענאַ׳ס פאָרשטעלונגס קראַפט איז פאַר־נומען מיט אינסאַראָוו׳ען און האָט זיך געפרעהט, וואָס זיין חבר איז ניט דורכגעפאַלען, ווי דאָס האָט באַהויפּטעט שובין: ער האָט איהר עהרליך, מיט אַ וואַרימען געפיהל דערצעהלט אַלעס, וואָס ער האָט געוואוסט וועגען איהם, מיט די קלענסטע דעטאַלען (אָפּט, ווען מיר ווילען אַליין געפעלען אַ צווייטען, לויבען מיר אונזערע חברים און פאַרדעכטיגען אפילו ניט, אַז דערמיט לויבען מיר זיך אַליין). זעלטען, בלויז ווען יעלענאַ׳ס בלאַסע באַקען פלעגען זיך לייכט פאַררויטלען, און די אויגען זיינען געוואָרען ליכטיגער און

ברייטער, פלעגט איהם פארקלעמען דאָס הארץ יענער בייזער טרויער, וועלכען ער האָט שוין אמאָל דורכגעלעבט.

איינמאָל איז בערסענעוו געקומען צו די סטאכאָווס אין ניט קיין געוועהנליכער צייט, אזייגער עלף אין-דער־פריה. יעלענא איז ארויס צו איהם אין זאל.

— שטעלט אייך פאָר, — האָט ער אָנגעהויבען מיט א נער־צוואונגענעם שמייכעל: — אונזער אינסאראָוו איז פארלאָרען גע־גאנגען.

— וואָס הייסט פארפאלען געוואָרען? — האָט ארויסגערעדט יעלענא.

— פארפאלען געוואָרען. אייער־נעכטען אין אווענט איז ער ערגעץ אוועקגעגאנגען און זינט דאן איז ער ניטאָ.

— ער האָט אייך ניט געזאָגט, וואוהין ער איז געגאנגען?

— ניין.

יעלענא האָט זיך אראָפּגעלאָזען אויף א שטול.

— ער איז מסתמא אוועק קיין מאָסקווע, — האָט זי ארויס־גערעדט, מיהענדיג זיך צו זיין גלייכגילטיג, און דערביי האָט זי זיך אליין געוואונדערט, וואָס זי מיהט זיך אויסצוזעהן גלייכגילטיג.

— איך דענק ניט, — האָט אָפּגעענטפערט בערסענעוו, — ער איז אוועק ניט אליין.

— מיט וועמען זשע?

אייער־נעכטען זיינען צו איהם געקומען עפּעס אזוינע צוויי מענשען, עס ווייזט אויס זיינע מיטבירגער.

— בולגארען? ווארום דענקט איהר אזוי?

— ווייל זיי האָבען גערעדט מיט איהם אויף אן אומבאקאנטער סלאוויאנישער שפּראך... אָט געפינט איהר, יעלענא ניקאָלאיעווונא, אז אין אינסאראוו'ען איז ווייניג געהיימניספולעס; וואָס קען נאָך זיין געהיימניספולער פון אזא מין באזוך? שטעלט אייך פאָר, זיי זיינען אריין צו איהם און גענומען שרייען און זיך קריעגען אזוי ווילד און בייז... און ער האָט אויך געשריען.

— און ער אויך?

—און ער אויך! ער האָט געשריען אויף זיי. זיי האָבען זיך ווי געקלאָגט איינע אויף די אנדערע. אך, ווען איהר זאָלט געוועזן

אַ קוק טאָן אויף אָט די באַזוכער! די געזיכטער טונקעלע, ברייטביינערדיגע, טעמפּע מיט אויסגעבויגענע נעזער. אויסגעזעהן האָבען זיי ביידע, ווי מענשען פון אַריבער פערציג. אָנגעטאָן זיינען זיי ביידע געווען זעהר אָרים און אינגאַנצען זיינען זיי געווען באַדעקט מיט שטויב און שווייס. זייער אויסזעהן איז ניט פון בעלי־מלאכות און אויך ניט פון פּריצים... גאָט ווייסט וואָס דאָס זיינען פאַר מענשען.

— און ער איז דאָס אַוועק מיט זיי?

— יאָ, מיט זיי. ער האָט זיי אָנגעקאָרמעט און איז אַוועק מיט זיי. די באַלעבאָסטע האָט מיר דערצעהלט, אַז זיי ביידע האָבען אויפגעגעסען אַ גרויסען טאָפּ קאַשע. זיי האָבען זיך איבערגעיאָגט איינער דעם אַנדערען מיט'ן כאַפּען און שלינגען, אַזוי ווי די וועלף.

יעלענאַ האָט אַ שוואַכען שמייכעל געטאָן.

— איהר וועט זעהן, אַז דאָס אַלעס וועט זיך אויסלאָזען מיט עטוואָס גאָר־גאָר פּראָזאַאישעס, — האָט זי אַרויסגערעדט.

— הלואי! אָבער אומזיסט האָט איהר באַנוצט אָט דאָס וואָרט. אין אינסאַרעוו'ען איז גאָר ניטאָ קיין פּראָזאַאישעס, כאָטש שובין פאַרזיכערט...

— שובין, — האָט איבערגעשלאָגען יעלענאַ און געדריקט מיט די פּלייצעס, — אָבער זייט זיך מודה, אַז אָט די צוויי העררען, וואָס שלינגען קאַשע...

— פּעמיסטאָקל האָט אויך געגעסען ערב דער סאַלאַמינער שלאַכט, — האָט מיט אַ שמייכעל באַמערקט בערסענעוו.

— יאָ, אמת, דערפאַר איז אָבער אויפ'ן צווייטען טאָג געוועזן די שלאַכט. פונדעסטוועגען לאָזט מיר וויסען ווען ער וועט זיך אומקעהרען, — האָט צוגעגעבען יעלענאַ, און האָט זיך באַמיהט אומבייטען די טעמאַ פון דעם געשפּרעך, אָבער עס האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען. זאָיאַ האָט זיך באַוויזען און האָט גענומען אומגעהן איבער'ן צימער אויף די שפּיץ פינגער. דערמיט האָט זי געגעבען צו וויסען, אַז אַנאַ וואַסילעוונאַ איז נאָך ניט אויפגעשטאַנען.

בערסענעוו איז אַוועקגעגאַנגען.

אין דעם זעלבען טאָג אין אווענט האָט מען געבראכט פון איהם יעלענא׳ן א צעטעלע:

„ער האָט זיך אומגעקעהרט, — האָט ער געשריבען, — א פאר־ברענטער, און אין שטויב ביז איבער די ברעמען; אָבער וואוהין און נאָך וואָס ער איז געפאָהרען, ווייס איך ניט; וועט איהר דאָס אפשר אויסגעפינען?"

— וועט איהר דאָס אפשר אויסגעפינען! — האָט ארויסגעמור־מעלט יעלענא. — רעדט ער דען מיט מיר?

## .14

אויף מאָרגען, ארום צוויי אזייגער, איז יעלענא געשטאנען אין גאָרטען ארום א קליין שטעלכעל, וואו זי האָט געהאָדעוועט צוויי הינטלאך. דער גערטנער האָט זיי געפונען פארוואָרפענע אונטער׳ן פארקאן און האָט זיי געבראכט צו דער פריילין, ווענען וועלכער ער האָט געהערט פון דער גרעט־וואשערין, אז זי באציהט זיך מיט רחמנות צו אלע חיות און בהמות. און ער האָט ניט געמאכט קיין טעות אין חשבון; יעלענא האָט איהם געגעבען א פערטעלע, זי האָט אריינגעקוקט אין שטעלכעל און האָט זיך איבערצייגט, אז די הינטלאך זיינען לעבעדיג, געזונט און שטארק, און אז מען האָט זיי אונטערגעבעט פרישע היי. זי האָט זיך אומגעקוקט און שיער ניט א געשריי געטאָן: אינסאראָוו, איינער אליין, איז געגאנגען איבער דער אלעע גלייך צו איהר.

—גוט העלף, — האָט ער זי באגריסט צוקומענדיג נעהענטער און ארונטערנעהמענדיג די היטעל.

זי האָט באמערקט, אז ער איז שטארק אָפּגעברענט געוואָרען פאר די לעצטע דריי טעג. — איך האָב געוואָלט קומען אהער מיט אנדרעי פעטראָוויטש׳ען, אָבער ער האָט זיך עפּעס פארהאַלטען, בין איך געקומען אליין אָהן איהם. ביי אייך אין הויז איז קיינער ניטאָ, אלע שלאָפען, אָדער שפּאצירען, בין איך געקומען אהער.

— איהר ענטשולדיגט זיך כמעט, און דאָס איז אינגאנצען ניט נויטיג. מיר זיינען אלע זעהר צופריעדען אייך צו זעהן... לאָמיר זיך זעצען דאָ אויפ׳ן באנק אין שאָטען.

זי האָט זיך געזעצט, אינסאראָוו האָט זיך געזעצט נעבען איהר.

— איהר זייט, דאכט זיך, ניט געווען אין דער היים די צייט?

— האָט זי אָנגעהויבען.

— יאָ, — האָט ער געענטפערט:—איך בין אוועקגעגאנגען... אנדרעי פעטראָוויטש האָט אייך וועגען דעם געזאָגט?

אינסאראָוו האָט א קוק געטאָן אויף איהר, האָט א שמייכעל געטאָן און זיך אָנגעהויבען צו שפּילען מיט זיין הוטעל. שמייכלענדיג האָט ער פלינק געפּינטעלט מיט די אויגען און האָט אויסגעצווינגען די ליפּען. דאָס האָט איהם צוגעגעבען א זעהר גוטמוטיגען אויסזעהן.

— אנדרעי פעטראָוויטש האָט אייך אויך געווים געזאָגט, אז איך בין אוועק מיט גאָט ווייס וועמען, עפּעס אזוינע אומגעלומפּערטע מענשען, — האָט ער ארויסגערעדט, און אלץ געשמייכעלט.

יעלענא האָט זיך אביסעל פארלאָרען, אָבער זי האָט גלייך דערפיהלט, אז אינסאראָוו'ן מוז מען זאָגען דעם אמת.

— יאָ, — האָט זי געזאָגט ענטשלאָסען.

— וואָס־זשע האָט איהר געדענקט וועגען מיר? — האָט ער זי מיט אמאָל געפרעגט.

יעלענא האָט אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען.

— איך האָב געטראכט, — האָט זי געזאָגט... איך האָב געטראכט, אז איהר ווייסט אימער וואָס איהר טוט און אז קיין מיאוס'ע אָדער שלעכטע זאכען זייט איהר ניט אימשטאַנד צו טאָן.

— נו, דערפאר דאנק איך אייך זעהר. אָט זעהט איהר שוין, יעלענא ניקאָלאיעווונא, האָט ער אָנגעהויבען און נאָהענט פארטרויליך זיך צוגעזעצט צו איהר: — אונזערע זיינען דאָ זעהר וועניג; צווישען זיי זיינען דאָ מענשען וועניג געבילדעטע, אָבער אלע זיינען שטארק איבערגעבען דער אלגעמיינער זאך. צום אומגליק קען מען ניט אויסקומען אָהן קריגערייען; מיך קענען דאָ אלע, מען גלויבט מיר; האָט מען מיך דאָס גערופען צו שליכטען א קריגעריי. בין איך געגאנגען.

— ווייט פון דאנען?

— זעכציג ווערסט פון דאנעט, אין טראיצקין פּאסאד. דאָר־

טען, ארום דעם מאנאסטיר, זיינען אויך דא אונזערע. אלענ־פאלס האב איך זיך כאטש ניט אומזיסט געעסק'ט: איך האב זיי אויסגעגלייכט.

— עס איז אייך שווער אנגעקומען?

— א, שווער, זעהר שווער. איינער האט זיך אלץ געעקשנ'ט און האט ניט געוואלט אפגעבען קיין געלט.

— ווי? איבער געלט איז דאס פארגעקומען די קריעג?

— יא, איבער געלט; און דערצו נאך ניט קיין גרויסע געל־טען. און וואס האט איהר געדענקט?

— און צוליב אזוינע נארישקייטען זייט איהר געפאהרען פאר זעכציג וויארסט און האט פארלארען דריי טעג?

— דאס איז ניט קיין נארישקייטען, יעלענא ניקאלאיעוונא, ווען אין דעם זיינען פארמישט אייגענע, לאנדסלייט. אפזאגען זיך אין אזא פאל איז א פארברעכען. אט איהר, ווי איך זעה, זאגט ניט אפ אין אייער הילף אפילו קיין הינטלאך, און איך דענק, אז איהר טוט א גוטע זאך. מיין צייט-פארלוסט איז אויך א קליי־נער אומגליק, איך וועל דאס שפעטער אניאגען. אונזער צייט בא־לאנגט ניט צו אונז.

— צו וועמען דען?

— צו אלע די, וואס נויטיגען זיך אין איהר. איך האב דאס אלעס אייך דערצעהלט אין איין אימפעט, ווייל מיר איז זעהר טייער אייער מיינונג. איך שטעל זיך פאר, ווי אנדרעי פעטרא־וויטש האט דאס אייך איבערראשט.

— אייך איז טייער מיין מיינונג, — האט זי שטיל געזאגט:

— ווארום?

אינסאראוו האט ווידער א שמייכעל געטאן:

— ווייל איהר זייט א גוטע מיידעל און ניט קיין אריסטא־קראטקע... דאס אלעס.

עס האט געפאלגט א קורצער שוויינען.

— דמיטרי ניקאלאיעוויטש, ווייסט איהר, אז איהר זייט צום ערשטען מאל אזוי אפענהערציג מיט מיר?

— ווי אזוי איז דאס? מיר דאכט זיך, אז איך האב אייך אימער דערצעהלט אלץ, וואס איך האב געטראכט.

— ניין, דאָס איז צום ערשטען מאָל, מיך פרעהט דאָס זעהר, איך וויל אויך זיין מיט אייך אָפענהערציג. מעג מען?

אינסאראָוו האָט זיך צולאַכט און געזאָגט:

— געוויס מעג מען.

— איהר מוזט וויסען, אז איך בין זעהר נייגעריג.

— עס מאַכט ניט, רעדט.

— אַנדרעי פעטראָוויטש האָט מיר אַ סך דערצעהלט וועגען אייער לעבען און יוגענד. מיר איז אויך באַקאַנט איין אומשטאַנד, אַ שרעקליכער אומשטאַנד... איך וויים אויך, אַז איהר זייט דערנאָך געפאָהרען אין אייער היים־לאַנד... ענטפערט מיר ניט, אויב מיין פראַגע זעהט אויס ניט באַשיידען אין אייערע אויגען, אָבער מיך מאַטערט איין געדאַנק... זאָגט מיר, האָט איהר זיך באַגעגענט מיט יענעם מענשען?

ביי יעלענאַ'ן האָט פאַרכאַפּט דער אָטעם. זי האָט זיך דערשראָקען און פאַרשעהמט פאַר איהר געוואַגקייט. אינסאראָוו האָט מיט די פינגער אונטערגעהאַלטען די מאָרדע און לייכט, אָנשטרענגענדיג דערביי די אויגען, דורכדרינגענד געקוקט אויף איהר.

— יעלענאַ ניקאָלאַיעווגאַ, — האָט ער אָנגעהויבען אַם ענדע, און זיין שטים האָט געקלונגען שטילער ווי געוועהנליך, וואָס האָט כמעט דערשראָקען יעלענאַ'ן: — איך פאַרשטעה וועגען וואָס פאַר אַ מענשען איהר רעדט. ניין, איך האָב זיך ניט באַגעגענט מיט איהם, און אַ דאַנק גאָט! איך האָב איהם ניט געזוכט. איך האָב איהם ניט געזוכט ניט דערפאַר, ווייל איך האָב זיך ניט געפיהלט בארעכטיגט איהם צו דער'הרג'ענען, איך וואָלט איהם גאַנץ רוהיג גע'הרג'עט, נאָר דערפאַר, ווייל איצט איז ניט קיין צייט פאַר פּריוואַטער נקמה... ווען עס האַנדעלט זיך אין פאָלקס־נקמה... אָבער ניין, דאָס איז ניט דאָס ריכטיגע וואָרט, דאָס וואָרט טויג ניט... ווען עס האַנדעלט זיך אין דער באַפרייאונג פון אַ פאָלק. איינס וואָלט געשטערט דעם צווייטען. אין דעם ריכטיגען מאָמענט וועט דאָס אויך ניט אַוועקגעהן פון מיר... עס וועט ניט אַוועקגעהן, — האָט ער ווידערהאָלט, און האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

יעלענאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם פון דער זייט.

— איהר, זעהט אויס, האט שטארק ליעב אייער היים-לאנד?
— האט זי, ווי מיט מורא, אויסגערעדט.

— דאס איז נאך א סוד דערוויילע, — האט ער געענטפערט, אט ווען עמיצער פון אונז וועט שטארבען פאר איהר, וועט מען קענען זאגען, אז ער האט זי ליעב געהאט.

— ווען מען וואלט ביי אייך צוגענומען די מעגליכקייט זיך אומקעהרען קיין בולגאריע וואלט אייך געווען זעהר שווער אין רוטלאנד? — האט פארטגעזעצט יעלענא.

אינסאראוו האט אראפגעלאזט דעם קאפ.

— מיר דוכט זיך, אז איך וואלט דאס ניט אריבערגעטראגען, — האט ער ארויסגערעדט.

— זאגט מיר, — האט געפרעגט יעלענא, — עס איז שווער זיך אויסצולערנען די בולגארישע שפראך.

— קיין קאפ ניט. א רוס דארף זיך שעהמען ניט צו פאר־שטעהן קיין בולגאריש. א רוס מוז וויסען און פארשטעהן אלע סלאווישע שפראכען. אויב איהר ווילט וועל איך אייך ברענגען בולגארישע ביכער, וועט איהר זעהן ווי לייכט דאס איז. אונזערע לידער זיינען ניט ערגער פון די סערבישע. אט,ווארט א ווייל, וועל איך אייך איבערזעצען איינע פון זיי. אין איהר דערצעהלט זיך וועגען... איז אייך מעהר אדער ווייניגער באקאנט אונזער געשיכטע?

— ניין, איך וויים גארניט, — האט געענטפערט יעלענא.

—ווארט, איך וועל אייך ברייננגען א ביכעל. אט דאס בי־כעל וועט אייך באקאנען מיט די הויפט־פאקטען. און איצט הערט אויס דאס ליד... אדער, איך וועל אייך בעסער ברייננגען אן אנ־געשריבענע איבערזעצונג. איך בין זיכער, אז איהר וואלט אי אונז, אי אונזער לאנד, ליעב געהאט, ווען איהר זאלט אונז קענען, ווען איהר זאלט וויסען, ס'אראא רייכע, פון גאט געבענשטע מדינה דאס איז. אבער דערווייל מאכט מען זי בלויז חרוב, מען האלט אין איין פארניכטען איהרע רייכטימער, — האט ער אונטערגעכאפט מיט א ניט-ווילענדיגער באוועגונג פון דער האנט און זיין געזיכט האט אנגענומען א פינסטערען בייזען אויסדרוק: — אלץ און

אַלעס האָט מען ביי אונז צוגענומען: אונזער ערד, אונזער רעכט, אונזערע קלויסטערס, אַלעס האָט מען פון אונז אַוועקגערויבט; ווי אַ שטאָדע שעפּסען טרייבען אונז אום און הרג'ענען אונז אויס די מיאוס'ע פאַרדאַמטע טערקען...

— דמיטרי ניקאָלאַיעוויטש! — האָט אויסגעשריען יעלענאַ. ער האָט זיך אָפּגעריסען.

— ענטשולדיגט, איך קען ניט רעדען רוהיג וועגען אָט־די זאַכען. איהר האָט מיר נאָר־וואָס געשטעלט די פראַגע, צי האָב איך ליעב מיין היים-לאַנד? מיר דוכט זיך, אַז עס איז ניטאָ קיין העכערע און הייליגערע זאַך אויף דער ערד ביי אַ מענשען, ווי זיין היים־לאַנד, די ליעבע צו וועלכען איז ווי דאָס גלויבען אין גאָט אויסער יעדען צווייפעל. און ווען דיין היים־לאַנד נויטיגט זיך אין דיר... באַמערקט אייך, דער לעצטער פויער, דער לעצטער אָרימאַן אין בולגאַריע און איך, — מיר ווילען איינס און דאָס זעל־בע, ביי אונז אַלעמען איז איין צוועק, איין שטרעבען. שטעלט זיך נאָר פאָר, וואָס פאַר אַ שטאַרקייט און זיכערהייט דאָס גיט אייך צו!

אינסאַראָוו איז אויף אַ ווייִלע אנשוויגען געוואָרען און דאַן האָט ער ווידער אָנגעהויבען רעדען וועגען בולגאַריע. יעלענאַ האָט איהם אויסגעהערט מיט אַ טיעפער און טרויעריגער אויפמערק־זאַמקייט. ווען ער האָט געענדיגט, האָט זי איהם נאָך אַמאָל גע־פרעגט:

— אַזוי, אַז איהר וואָלט בשום אופן ניט געבליבען אין רוס־לאַנד?

אַז ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט זי איהם לאַנג נאָכגעקוקט. אין דעם טאָג איז ער פאַר איהר געוואָרען אַן אַנדער מענש. פון יענעם טאָג אָן האָט ער אָנגעהויבען גערן צו זיי אַלץ אָפטער און אָפטער, און בערסענעוו אַלץ זעלטענער. צווישעןביידע חברים איז געבוירען געוואָרען אַ מאָדנע באַציהונג. זיי האָבען דאָס בייד־רע גוט געפיהלט, אָבער אַרויסריידען דאָס האָבען זיי ניט געקענט, דעם געפיהל קלאָר מאַכען האָבען זיי מורא געהאַט. אַזוי איז פאַראיבער ביי אַ מאָנאַט.

.15

ווי דער לעזער איז שוין פון פריהער באקאנט, האט אנא וואַ־סיליעוונא ליעב געהאט צו זיצען אין דער היים, נאָר אמאָל, גאנץ אונערווארטעט, פלעגט זיך ביי איהר ערוועקען א שטארקער פאר־לאַנג צו עטוואָס אויסערגעוועהנליכעס, צו א מין וואונדערבארער partie de plaisir. וואָס מעהר שווערינקייטען עס איז געוועזן דורכצופיהרען אָט די partie de plaisir, וואָס מעהר פּאַרבאַ־רייטונגען זי האָט געפאָדערט, וואָס מעהר אנא וואסילעוונא האָט זיך אליין געוויגט, אלץ אנגענעהמער איז איהר געוועזן. ווען עס פלעגט אויף איהר אָנפאַלען אזא סטיכיע אין ווינטער, פלעגט זי בא־פוילען נעהמען א צוויי־דריי לאָזשעס צוזאמען, פלעגט צוזאמענ־קלייבען אלע איהרע באקאנטע און געהן אין טעאטער, אָדער צו א מאסקאראד; זומער פלעגט זי אָוועקפאָהרען ערגעץ וואו ווייט אונטער'ן שטאָדט. אויף מאָרגען פלעגט זי זיך באַקלאָגען אויף א קאָפּ־וועהטאָג, פלעגט קרעכצען און ניט אויפשטעהן פון בעט. און אין א פּאָר מאָנאטען ארום פלעגט זיך אין איהר ווידער צו־פלאקערען דער פארלאַנג צו עטוואָס „אויסערגעוועהנליכעס". דאָס האָט אויך איצט געטראָפען. אימיצער האָט אין איהר אנוועזענהייט דערמאָנט וועגען די שעהנקייטען פון צאַריצינאָ, און אננא וואסי־לעוונא האָט פּלוצלונג מודיע געוועזן, אז איבער־מאָרגען דענקט זי צו פאָהרען נאָך צאַריצינאָ. עס האָט זיך אויפגעהויבען א סומאטאָכע אין הויז: א דינער איז ספּעציעל געפלויגען קיין מאָסקווע נאָך ניקאָלאַי ארטעמיעוויטש'ען. מיט איהם איז מיטגעפאָהרען דער הויף־מייסטער אום איינצוקויפען וויינען, מיט אלע אנדערע גוטע זאכען און שפּייז. שובין האָט געקראָגען א באפעהל צו דינגען א קארעטע (ווייל איינע איז געוועזן ווייניג), און צוגרייטען פערד; דער דינער איז צוויי מאָל צוגעשפּרונגען צו בערסענעוו'ען און אינסאראָוו'ן און האָט זיי געבראכט צוויי איינלאדונגען, וועלכע זיינען געוועזן צוערשט אָנגעשריבען אין רוסיש און דערנאָך אין פראנצויז מיט זאָיע'ס האנט. אנא וואסילעוונא אליין האָט זיך אָפּגעגעבען מיט צוגרייטען די מיידלאכ'ס טואַלעטען צו דעם ארויס־פאָהר. דאָך איז די partie de plaisir שיער ניט צושטערט גע־

וואָרען: ניקאָלאַי ארטעמיעוויטש איז געקומען פון מאָסקווע אין
אַ זויערער און פיינדליכער שטימונג (ער האָט זיך נאָך אַלץ גע־
בלאָזען אויף אווגוסטינאַ כריסטיאַנאָוונאַ) און, דערוויסענדיג זיך
אום וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ, האָט ער זיך ענטשלאָסען ענטזאגט
מיטצופאָהרען, און דערביי צוגעגעבען, אז פליהען פון קונצאָווא קיין
מאָסקווע, און פון מאָסקווע קיין צאַריצינאָ, און פון צאַריצינאָ צוריק
קיין מאָסקווע, און אזוי ווייטער — איז אַן אונזין און זאָל מען
איהם אויף פריהער איבערצייגען אין דעם, אז אין איין פונקט פון
ערד־קוגעל קען זיין פרעהליכער ווי אין אַ צווייטען, וועט ער דאַן
פאָהרען. דאָס האָט איהם קיינער ניט געקאַנט דערווייזען, און
אַנאַ וואַסילעוונאַ, ניט האָבענדיג קיין סאָלידען קאַוואַליער, האָט
זיך שוין אינגאַנצען געוואָלט אָפּזאָגן פון דער partie de plaisir
נאָר זי האָט זיך דערמאָנט אין אוּאוואר איוואַנאָוויטש'ען און האָט
געשיקט נאָך איהם, זאָגענדיג דערביי: „אז מען טריקנט זיך,
כאַפּט מען זיך אָן אין אַ שטרוי". מען האָט איהם אויפגעוועקט.
ער איז אראָפּ פון בעט, האָט שווייגענדיג אויסגעהערט אַנאַ וואַ־
סילעוונאַ'ס פאָרשלאַג, האָט זיך אַ שפּיעל געטאָן מיט די פינגער,
און צו דער אַלגעמיינער ערשטוינונג, האָט ער צוגעשטימט צו פאָה־
רען. אַנאַ וואַסילעוונאַ האָט איהם אַ קוש געטאָן אין באַק און
אָנגערופען ליעבער; ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט אַ פאראַכטענ־
דען שמייכעל געטאָן און געזאָגט: quelle bourde! (ווען עס פלעגט
אַמאָל אויסקומען, האָט ער ליעב געהאַט צו באַנוצען אַ „שיקאר־
נעם" פראַנצויזישען וואָרט). — אויף מאָרגען, זיבען אזייגער אין־
דער־פריה, זיינען ביידע עקיפּאַזשען, אָנגעלאָדען ביז ארויף, ארויס־
געפאָהרען פון הויף פון סטאַכאָווס זומער־וואוינונג. אין דער קאַ־
רעטע זיינען געזעסען די דאַמען מיט בערסענעוו'ען. אינסאראָוו
האָט זיך געזעצט אויף די קאָזלעס. אין דעם צווייטען עקיפּאַזש
האָבען זיך געפונען אוּאוואר איוואַנאָוויטש און שובין. אוּאוואר
איוואַנאָוויטש האָט אַליין צוגערופען צו זיך שובינ'ען מיט אַ באַ־
וועגונג פון די פינגער; ער האָט גוט געוואוסט, אז שובין וועט
ריידען מיט איהם דעם גאַנצען וועג; אָבער צווישען איהם, דעם
פרימיטיווען מענשען, און דעם יונגען קינסטלער האָט עקזיסטירט
אַ מאָדנע פאַרבינדונג, אַ מין קריגערישע אָפענהערציגקייט. גראד

דעם מאָל האָט שובין צורוה געלאָזט זיין דיקען פריינד: ער איז געווען שוויגענדיג, צוטראָגען און ווייך.

די זון איז שוין געשטאַנען הויך אין בלויען הימעל, ווען ביי-דע עקיפאַזשען זיינען צוגעקומען צו די חורבות פון דעם צארי-צינער פאַלאַץ, וועלכע האָבען אויסגעזעהן פינסטער און דראָהענד אפילו אין מיטען העלען טאָג. די גאַנצע געזעלשאַפט האָט זיך אַראָפּגעלאָזען פון די עקיפאַזשען אויפ׳ן גראָז און זיך גלייך אַוועק-געלאָזט שפּאַצירען אין גאַרטען. פאַראויס זיינען געגאַנגען יעלענאַ און זאָיאַ מיט אינסאַראָוו׳ען; נאָך זיי, מיט דעם אויסדרוק פון פולען גליק אויפ׳ן געזיכט, האָט געפּאָלגט אַנאַ וואַסילעוונאַ, גע-אָרעמט מיט אוּאַוואַר איוואַנאָוויטש׳ען. ער האָט געסאָפּעט און זיך געוויגט; די נייע שטרויענע הוט האָט איהם געשניטען דעם שטערן, זיינע פיס האָבען געברענט אין די שטיוועל, נאָר איהם איז געווען גוט; שובין מיט בערסענעוו׳ן האָבען געשלאָסען די פּראָצעסיע. „מיר, ברודער׳ל, וועלען זיין אין רעזערוו, ווי אייניגע וועט-עראַנען, — האָט אַריינגעשעפּטשעט שובין בערסענעוו׳ען אין אויער. — דאָרטען הערשט איצט בולגאַריע״, האָט ער צוגעגעבען אָנווייזענדיג מיט די ברעמען אויף יעלענאַ׳ן.

עס איז געווען אַ וואונדערליכער וועטער; אלעס אַרום האָט געבליהט, געזשומעט און געזונגען: פון ווייטען האָבען גע-שיינט די וואַסערען פון די טייכעלאַך; אַ יום-טוב׳דיגער ליכ-טיגער געפיהל האָט איינגעהילט די נשמה. „אַך, גוט! אַך, גוט!״ האָט געהאַלטען אין איין ווידערהאָלען אַנאַ וואַסילעוונאַ. אוּאַוואַר איוואַנאָוויטש האָט מיטפיהלענדיג צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ צו איהרע באַגייסטערטע אויסגעשרייען; איין מאָל האָט ער אפילו געזאָגט: „וואָס איז דאָ צו רעדען!״ יעלענאַ האָט זיך פון צייט צו צייט דורכגעוואָרפען מיט אינסאַראָוו׳ען מיט אַ פּאָר ווער-טער: זאָיאַ האָט אָנגעהאַלטען מיט צוויי פינגערלאַך דעם ברעג פון הוט און האָט קאָקעטיש אַרויסגעשטעלט איהרע קליינינקע פיס-עלאַך פון אונטער דעם בערעזשעווען קלייד, אויף וועלכע זי האָט געטראָגען העל-גרויע שיך מיט טעמפּע נעזער און האָט אַלץ געקוקט אויף צוריק, אָדער אין אַ זייט. א-הא! — האָט מיט אַמאָל שנעל אויסגערופען שובין: — איך וואָלט שווערען, אַז זאָיאַ ניקיטישנאַ

האַלט זיך אין איין אומקוקען. איך וועל צוגעהן צו איהר. יעלענאַ ניקאָלאַיעוונאַ באַציהט זיך איצט צו מיר מיט פאַראַכטונג, און צו אנדרעי פעטראָוויטש'ען מיט אכטונג, וואָס זעהט אויס כמעט ווי איינע און די זעלבע זאַך. איך וועל געהן, שוין גענוג געזאַיערט. דיר, מיין פריינד, ראַט איך צו באַטאַניזירען, אין דיין לאַגע איז דאָס די בעסטע זאַך וואָס דו קענסט טאָן. דאָס איז אויך ניצליך אין דעם וויסענשאַפטליכען הינזיכט. זיי מיר געזונט! שובין איז אַנטלאָפען צו זאָיאַ'ן און ער האָט איהר אונטערגעשטעלט די האַנט ווי אַ בייגעל, זאָגענדיג: „איהרע האַנד, מאַדאַם". ער האָט זי אונטערגעכאַפּט אונטער'ן ארעם און איז אוועק מיט איהר פאָראויס. יעלענאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט צוגערופען צו זיך בערסענעוו'ען און האָט איהם אויך גענומען אונטער'ן האַנט, אָבער זי האָט פאָרטגעזעצט צו רעדען מיט אינסאַראָוו'ען. זי האָט געפרעגט ביי איהם ווי מען זאָגט אין זיין שפּראַך אויף אַ לאַנדעש, אויף אַ דעמב, קליאָן, און ליפּאַ... (בולגאַריאַ! — האָט אַ טראַכט געטאָן דער אָרימער אנדרעי פעטראָוויטש). מיט אַמאָל האָט זיך פון די פאָדערשטע רייהען דערהערט אַ געשריי; אַלע האָבען אויפגעהויבען דעם קאָפּ און דערזעהן, ווי שובינ'ס פאָרטסיגאַר איז געפלויגען אין די קוסטעס, דאָס האָט זאָיאַ איהם אַ וואָרף געטאָן. „וואַרט נאָר, וואַרט, איך וועל זיך מיט אייך אָפּרעכענען דערפאַר!" האָט ער אויסגעשריען. ער איז אריינגעקראָכען אין די קוסטעס, האָט געפונען דאָרטען דעם פאָרטסיגאַר און האָט זיך געווען אומגעקעהרט צו זאָיאַ'ן, אָבער ער האָט זיך נאָך ניט באַוויזען צו דערנעהנטערען צו איהר, ווי זיין פאָרטסיגאַר איז שוין ווידער געפלויגען איבער'ן וועג! אַ מאָל פינף האָט זיך ווידערהאָלט אָט די געשיכטע, און ער האָט זיך אַלץ פאַרגאַנגען פון געלעכטער און געדראָהט, אָבער זאָיאַ האָט בלויז שטילענקערהייד געשמייכעלט און זיך גענורעט ווי אַ קעצעל. אם ענדע האָט ער געכאַפּט איהרע פינגער און זיי אַזוי צוזאַמענגעדריקט, אַז זי האָט אַ פּיסטשע געטאָן און דערנאָך לאַנג געבלאָזען אויפ'ן האַנט און כלומרשט בייז געוואָרען. ער האָט איהר אריינגעזונגען עפּעס אין אויער אריין.

— דאָס יונגוואַרג זיינען גרויסע שטיפערס, — האָט פרעהליך באַמערקט אַנאַ וואַסילעוונאַ צו אוּוואַר איוואַנאָוויטש'ען.

יענער האָט זיך אַ שפּיעל געטאָן מיט די רינגען.

— ס'אַרא זאַיאַ ניקיטישנאַ — האָט בערסענעוו געזאָגט צו יעלענאַ'ן.

— און שובין? — האָט זי געענטפערט.

דערווײַלע איז די גאַנצע געזעלשאַפט צוגעקומען צו אַ בע־סעדקע, וועלכע איז געווען באַקאַנט אונטער'ן נאָמען מילאָווידאָווא. זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט און זיך פאַרקוקט אויף דעם וואונדער־באַרען פעיזאַזש פון די צאַריצינאַ טײַכעלאַך; די טײַכעלאַך האָ־בען זיך געצויגען איינע נאָך איינע אויף ווײַאָרסטען. ווייט הינטער זיי האָבען זיך געדונקעלט די וועלדער, דאָס גראָז וואָס האָט באַ־דעקט דאָס גאַנצע בערגעל ביז דעם הויפּט-טײַכעל, האָט צוגעגעבען דעם וואַסער אַן אויסערגעוועהנליך העל גרינעם קאָליר. און ער־געץ, אפילו בײַם סאַמע ברעג, האָט זיך ניט אויפגעהויבען קיין כוואַליע און עס האָט זיך ניט באַוויזען קיין שוים; ער האָט זיך אַפילו ניט געמינעט די גלאַטע אויבערפלעך, אַט ווי אַ פאַרגלי־ווערטע מאַסע גלאָז וואָלט זיך שווער און העל אַרײַנגעלעגט אין די בערגען פון'ם טײַכעלע, פון וועלכען, עס האָט זיך געדוכט, דער הי־מעל איז אַוועק און האָט זיך באַהאַלטען אויף'ן דנאָ; דאָרטען האָבען די געקרויזטע בוימער זיך באַוועגלאָז אַנגעקוקט אין איהר דורכ־זיכטיגער מאַסע. אַלע האָבען זיך לאַנג און שטיל געשפּיגעלט אין דער אַרומיגער שעהנקייט; אַפילו שובין איז שטיל געוואָרען, און אַפילו זאַיאַ האָט זיך פאַרטראַכט. דערנאָך האָט זיך אַלעמען, ווי איין מענשען, פאַרגלוסט זיך דורכצושיפען איבער'ן וואַסער. שו־בין, אינסאַראָוו מיט בערסענעוו האָבען זיך אַ יאָג געטאָן איבער'ן גראָז, האָבען אָפּגעזוכט צוויי שיפען רודערער מיט אַ גרויסען שי־פעל און האָבען צוגערופען די דאַמען; די דאַמען זײַנען צוגעגאַנ־גען צו זיי; אוּוואַר איוואַנאָוויטש האָט זיך פאָרזיכטיג אַראָפּ־געלאָזען צום טײַכעל נאָך די דאַמען. ביז וואַנעט ער איז אַרונ־טער אין שיפעל, ביז וואַנעט מען האָט זיך צוזעצט אויף די פלע־צער, האָט מען זיך געגוג אָנגעלאַכט. „זעהט, פריץ, דערטרינקט אונז ניט", — האָט באַמערקט איינער פון די שיפעל־טרייבער, אַ יונגער קורנאָזער בחור אין אַן אַלעקסאַנדריער העמדעל. — „נו, נו, פופורא"! — האָט געזאָגט אוּוואַר איוואַנאָוויטש. דאָס שי־

פּעל איז אָפּגעשוואומען. די יונגע מענשען האָבען זיך געוואָלט
נעמען פאר די וועסלעס, אָבער טרייבען א שיפעל האָט פון זיי
געקענט בלויז אינסאראָוו. שובין האָט פאָרגעשלאָגען, אז מען זאָל
אין כאָר דורכזינגען א רוסיש ליעד און האָט אָנגע־
הויבען: „וונוז פּאָ מאַטושקע פּאָ וואָלגע” . . . בערסענעוו
זאָיא און אַפילו אַנאַ וואַסיליעוונא האָבען אונטערגעכאַפּט
(אינסאראָוו האָט ניט געקענט זינגען). עס איז ארויסגעקור־
מען משוגע'נערווייז, אויפ'ן דריטען פערז האָבען זיך די זינגער צו־
מישט און פארפּלאָנטערט, איין בערסענעוו האָט זיך געמיהט פאָרט־
צוזעצען מיט זיין באַס „מען זעהט גאָר ניט אין די כוואַליעס”.
אָבער ער האָט זיך שנעל פארשעהמט. די שיפעל־טרייבער האָבען
זיך איבערגעוואונקען און שווייגענדיג אויסגעטאָרטשעט די צייהן.
— וואָס? — האָט זיך געווענדעט צו זיי שובין, עס זעהט אויס אז
די פּריצים קענען ניט זינגען? דער קליינער, אין דעם אלעקסאנד־
ריער העמדעל, האָט בלויז צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — וואַרט נאָר,
וואַרט, דו קורנאָזער, — האָט אָפּגעענטפערט שובין, —מיר וועלען
שוין דיר ווייזען. זאָיא ניקיטישנא זינגט אונז, איך בעט אייך:
נידערמייער'ס Le lac העי, איהר, שטעלט דאָרטען אָפּ דאָס שי־
פעל. מאַסען וועסלעס האָבען זיך, ווי פליגלען, אויפגעהוי־
בען אין דער לופטען און זיינען אזוי פארשטאָרבען, פארלי־
רענדיג טראָפּענס וואַסער. דאָס שיפעל איז אָפּגעשוואומען נאָך
אביסעל און איז געבליבען שטעהן זיך קוים־קוים אומדרעהענדיג אין
דער וואסער, ווי א שוואן. זאָיא האָט זיך געלאָזען בעטען Allons!
— האָט צערטליך אויסגערעדט אנא וואסילעוונא... זאָיא האָט
אראָפּגעוואָרפען די הוט און האָט זיך צוזונגען. “O, lac, l'annee,
a peine a fine sa carrere. . .” איהר קליינע אָבער ריינע
שטימעלע האָט זיך א לאָז געטאָן איבער'ן שפּיגעל פון טייכעלע;
ווייט, ווייט אין וואלד האָט זיך דייטליך אָפּגערופען יעדעס וואָרט;
עס האָט זיך אויסגעדוכט, אז דאָרטען האָט אימיצער געזונגען מיט
א ריינער און געהיימניספולער אָבער ניט מענשליכער שטימע. ווען
זאָיא האָט געענדיגט, האָט א הויכער בראַווא זיך דערהערט פון איינע
פון די דערבייאיגע בעסעדקעס און פון דאָרטען זיינען ארויסגעשפּרונ־
גען עטליכע רויט־הויטיגע דייטשען, וועלכע זיינען געקומען א

הוליע טאָן אין צאַריצינאַ. אייניגע פון זיי זיינען געווען אָהן רעקלאַך, אָהן שניפּסען און אפילו אָהן זשילעטען, זיי האָבען אזוי באַטויבענד געשריען „בים!" אז אנא וואסיליעוונא האט באפוילען פלינק אָפּצופאָהרען אויפ'ן צווייטען עק טייכעל. נאָר איידער דאָס שיפעל איז צוגעשוואומען צום צווייטען ברעג, האָט אוואואר איוואַ־נאָוויטש'ען זיך איינגעגעבען נאָך אמאָל צו איבערראשען זיינע באַ־קאַנטע, באמערקענדיג, אז אין איין פלאַץ פון וואלד הערט זיך דער ווידער־קול און באזונדערס דייטליך ווידערהאַלט זיך יעדער קלאַנג; האָט ער מיט אמאָל זיך צושריען ווי א פערעפּיאָלקאַ. צוערשט האָבען אלע אויפגעציטערט, אָבער גלייך האָבען אלע דערפיהלט אַן אמת'ען פארגעניגען. אואוואר איוואנאָוויטש האט זעהר ריכטיג און גוט נאָכ־געשריען דעם פויגעל. דאָס האָט איהם ערמוטיגט און ער האָט גע־פּרובט מיאקען ווי א קעצעלע, אָבער דאָס איז שוין ניט ארויסגע־קומען ביי איהם אזוי גוט; האָט ער נאָכאמאָל א געשריי געטאָן ווי א פערעפּיאָלקע און איז אנשוויגען געווארען. שובין האָט זיך א ווארף געטאָן איהם קושען, אָבער אואוואר איוואנאָוויטש האָט איהם אפּגעשטויסען. אין דער מינוט איז דאָס שיפעל צוגעשטאַנען צום ברעג און די גאנצע געזעלשאפט איז ארויס אויף דער טריקעניש.

דערווייל האָט דער אָנטרייבער מיט דעם דינער און דינסט־מיידעל ארויסגענומען פון דער קארעטע די קאשעקלעך און האָבען אונטער די אלטע בוימער, אויפ'ן גראז צוגעגרייט מיטאָג. דער עולם האָט זיך אויסגעזעצט ארום דעם אויסגעשפרייטען טישטוך און האָט זיך גענומען צו די אלע גוטע געטראנקען און מאכלים. אלע האָבען גע־האט אַן אויסגעצייכענטען אפּעטיט. דערצו האָט נאָך אנא וואסיל־יעוונא געהאלטען אין איין אונטעררוקען און בעטען איהרע געסט זיי זאָלען עסען וואָס מעהר, פארזיכערענדיג, אז אין דרויסען אויף דער לופט איז דאָס זעהר געזונט; מיט אזוינע רייד האָט זי זיך אויך געווענדעט צו אוואר איוואנאָוויטש'ען. „זייט רוהיג", האָט ער איהר געענטפערט מיט א פולען מויל. „ס'ארא ווּאוילען טאָג, נאָט האָט דאָס געגעבען", האָט געהאלטען אין איין איבער'חזר'ן אנא וואסיליעוונא. מען האָט זי ניט געקענט דערקענען. זי איז ווי אויף צוואנציג יאָהר יונגער געווארען. בערסענעוו האָט דאָס אויך באמערקט. „יאָ, יאָ, האָט זי געזאגט, אין מיין צייט בין

איך אויך עפּעס ווערט געווען, פון צעהנדליגע וואָלט מען דאן מיך ניט אַרויסגעוואָרפען". שובין האָט זיך צוגעזעצט צו זאָיאַ'ן און האָט איהר אָהן אויפהער אונטערגעגאָסען ווײן; זי האָט זיך אַלץ אָפּגעזאָגט, האָט ער דעם ווײן אַלײן אויסגעטרונקען. שפּעטער האָט ער זי ווידער מכבד געווען. ער האָט איהר אויך פאַרזיכערט אַז ער וויל אָנשפּאַרען די קאָפּ אין איהרע קניה; אָבער זי האָט בשום אופן ניט געוואָלט איהם ערלויבען אַזא „גרויסע פרייהייט". יעלענא האָט אויסגעזעהן ערנסטער פון אַלעמען, אָבער אין האַר־צען ביי איהר האָט געהערשט אַזא וואונדערליכע רוהיגקייט, וואָס זי האָט שוין לאַנג־לאַנג ניט דורכלעבט. זי האָט געהאַט דעם געפיהל אַז זי איז אויסערגעוועהנליך גוט, און די גאַנצע צייט האָט זיך איהר געוואָלט האָבען אַרום זיך ניט נאָר אינסאַראָוו'ן, נאָר אויך בערסענעוו'ען... אַנדרעי פּעטראָוויטש האָט אונקלאָר פאַר־שטאַנען וואָס דאָס באַדייט און האָט שטילערהייד אונטערגעזיפצט.

די שטונדען זיינען געפלויגען; עס האָט זיך דערנעהענט דער אָוועגט. אַנאַ וואַסיליעווגאַ האָט זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן. „אַך, טאַטעלעך מיינע, ווי שפּעט, האָט זי אָנגעהויבען: — מען האָט אַ לעב געטאָן, און אַ טרונק געטאָן. ס'איז אויך צייט, מיינע הערען, די באָרד אַפּווישען". זי האָט זיך גענומען איילען, און אַלע האָבען זיך גענומען איילען. דער עולם האָט זיך אויפגעהויבען פון די פּלעצער און איז אַוועק אין דער ריכטונג פון שלאָס, וואו עס האָבען זיך געפונען די עקיפּאַזשען. פאַרבייגענהיג לעבען די טייכלעך האָבען אַלע זיך אָפּגעשטעלט אום צום לעצטען מאָל זיך אָנפּשיגלען אין די צאַריצינער שעהנקייטען. איבעראַל האָבען גע־ברענט העלע פאַרנאַכטיגע פאַרבען; דער הימעל האָט זיך פאַר־רויטעלט. די בלעטער ענטריסטעט פון ווינטעל, וואָס האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעהויבען, האָבען זיך איבערגעגאָסען מיט אַלערליי קאָלירען, און געבלאַנקט, ווי צולאָזענע גאָלד, האָבען געפלאָסען פון ווייטען די וואַסערען; עס האָבען זיך שאַרף אויסגעטיילט פון דער טונקעלער גרינס פון די בוימער די רויטליכע טורעמלעך און בעסעדקעס, וואָס זיינען געווען וואו ניט וואו צעוואָרפען איבער'ן גאָרטען.

„זיי געזונט צאַריצינאָ, מיר וועלען דיר ניט פאַרגעסען דעם

היינטיגען טאָג!" — האָט ארויסגערעדט אנא וואסילעוונא... אין דעם זעלבען אויגענבליק, ווי א באשטעטיגונג צו איהרע לעצטע ווערטער, האָט פּאסירט א מאָדנער צופאל, וועלכען עס איז ווירק־ליך ניט אזוי לייכט צו פארגעסען. אנא וואסיליעוונא האָט נאָך ניט באוויזען צו שיקען איהר זעגונגס גרים צו צאריצינא, ווי פּלוצלונג, אין א פּאָר טריט פון איהר, פון אונטער א הויכען קוסט בוזיקע, האָבען זיך דערהערט צומישטע אויסגעשרייען, א געלעכטער מיט א טומעל, — א גאנצע כאָפּטע צוקאָשמיטע מע־נער, די זעלבע ליעבהאָבער פון געזאנג, וועלכע האָבען אזוי שטארק אפּלאָדירט זאָיא'ן, האָבען זיך אויסגעשאָטען אויף דער סטעשקע — די הערען האָבען אויסגעזעהען היבשליך שיכור. זיי האָבען זיך אפּגעשטעלט, דערזעהענדיג די דאמען; נאָר איינער פון זיי, א מורא'דיג הויכער מיט א האלז פון אן אָקס, מיט פיבערישע אָק־סען־אויגען, האָט זיך אפּגעטיילט פון זיינע חברים, און האָט זיך דערנעהנט צו אנא וואסילעוונא, וועלכע איז ווי פארשטיינערט גע־ווארען פון שרעק. ער האָט זיך קוים געהאלטען אויף די פיס, אזוי שיכור איז ער געוועזן.

ער האָט זיך אונגעשיקט פארנייגט פאר איהר: „באָנזשור, מאַ־דאם, — האָט ער ארויסגערעדט מיט א הייזעריגער שטים, — ווי פיהלט איהר זיך אין געזונט?

אנא וואסילעוונא האָט אפּגעטראָטען אויף צוריק.

— ווארום האָט איהר ניט געוואלט זינגען אויף קיין ביס, — האָט פארטגעזעצט דער ריז, אין א שלעכטען רוסיש, — ווען אונ־זער קאָמפּאני האָט געשריען ביס און בראווא.

— יאָא, אָא, ווארום? — האָט זיך געלאָזט הערען אין די רייהען פון דער קאָמפּאניע; אינסאראָוו איז ארויסגעטראָטען פאר־אויס, נאָר שובען האָט איהם אפּגעשטעלט און האָט אליין פאר־שטעלט אנא וואסילעוונא.

— ערלויבט מיר, — האָט ער אנגעהויבען, — ווערטער אונ־באקאנטער, אייך אויסצודריקען די אויפריכטיגע ערשטוינונג, וועלכע איהר רופט ארויס ביי אונז אלעמען מיט אייערע האנדלונ־גען. איהר, אויף וויפיעל איך קען פארשטעהן, באלאנגט צו דער סאקסאָנער אָפּטיילונג פון דער קאווקאזער ראסע; אזוי, אז איהר

מוזט דאך זיין באקאנט מיט די וועלטליכע העפליכקייטען, און איהר הויבט גאָר אָן רעדען צו אַ דאמע, מיט וועלכער איהר זייט ניט באקאנט. גלויבט מיר, אז אין אן אנדער צייט וואָלט איך זעהר שטארק געווען צופרידען צו שליסען מיט אייך באקאנט־שאפט, ווייל איך מערק ביי אייך אזא אויסערגעוועהנליכע פענאָמע־נאלע ענטוויקלונג פון מוסקולען biceps, tricepts et deltoidaeus, אלס א סקולפּטאָר וואָלט איך פאררעכענט פאר אן אמת'ען גליק אייך צו האָבען פאר מיינעם א מאָדעל; אבער היינטיגס מאָל לאָזט אונז צו רוה.

„דער ווערטער אונבאקאנטער” האט אויסגעהערט שובינ'ס גאנצע דרשה מיט גרויס פאראכטונג, דעם קאָפּ האָט ער די גאנצע צייט געהאלטען אויסגעדרעהט אן א זייט, מיט די הענט האָט ער אונטערגעשפּארט די זייטען.

— איך האָב גאָר ניט פארשטאנען וואס איהר רעדט אזוינס, — האָט ער אם ענדע געזאגט. — איהר דענקט אפשר, אז איך בין א שוסטער, אדער א זייגער מאכער? ע! איך בין אן אפיצער, איך בין א טשינאָווניק יא, יא.

— איך צווייפעל ניט אין דעם, — האָט אָנגעהויבען שובין...

— אָט וואָס איך זאָג, — האָט פאָרטגעזעצט דער אונבא־קאנטער, אפּראמענדיג איהם, ווי א צווייגעל פון וועג, מיט זיין מעכטיגער האנד, — איך זאג: ווארום האָט איהר ניט געזונגען קיין בים, ווען מיר האָבען געשריען בים? און איצט וועל איך גלייך אָט די מינוט, אוועקגעהן. איך וויל בלויז, אז איינע פון די פריילינס, אָבער ניט אָט די מאדאם, ניין, ניט זי, נאָר די, אָדער יענע, ער האָט אנגעוויזען אויף יעלענא'ן אדער זאיע'ן, זאָל מיר געבען einen Kuss ווי מיר זאגען דאס אין דייטש, א קושעלע, יא, וואָס־זשע, דאס איז גאָר ניט.

— גאָר ניט, דאָס איז einen Kuss, גאר ניט, — האָט זיך ווידער געלאָזט הערען פון זייערע רעהען.

— Ih! der Sakramenter, האָט ארויסגערעדט זיך ווער־נענדיג פון געלעכטער איינער א גאנץ דינער דייטש.

זאיא האָט אָנגעכאפּט אינסאראוו'ען פאר א האנד, אָבער ער

האט זיך אויסגעריסען פון איהר און האט זיך אוועקגעשטעלט גלייך פאר'ן הויבען חוצפה'ניק.

— טראגט זיך אפ פון דאנענט, — האט ער איהם געזאגט גאנץ שטיל, אבער זעהר שארף.

דער דייטש האט זיך מיאוס צולאכט.

— ווי הייסט זיך אפטראגען? אט דאס געפעלט מיר! שוין זשע קען איך אויך ניט שפאצירען? ווי הייסט זיך אפטראגען? פארוואס זיך אפטראגען?

— דערפאר ווייל איהר האט זיך ערלויבט צו באאונרוהיגען א דאמע, — האט געזאגט אינסאראוו. ער איז מיט אמאל בלאס געווארען, — דערפאר, ווייל איהר זייט שיכור.

— ווי? איך בין שיכור? הערסט? איך בין איין אפיצער Horen sie das, Herr Provisor? און ער וואגט... איצט פאר־דער איך Satisfection! einen Kuss will ich! אויב איהר וועט מאכען נאך איין טראט, — האט אנגעהויבען אינסאראוו...

— נו, איז וואס דען?

— וועל איך אייך אריינוואדפען אין וואסער.

— אין וואסער?! הער־זשע, און דאס אלעס? נו, מיר וועלען שוין זעהן דאס איז זעהר אינטערעסאנט ווי הייסט אין וואסער...

דער הערר אפיצער האט אויפגעהויבען די הענט און האט זיך אויסגעבויגען אויף פאראויס; אבער מיט אמאל האט פאסירט עטוואס אויסער געוועהנליכעס: ער האט א ברום געטאן און דער גאנצער ריזיגער קערפער זיינער האט זיך א וויג געטאן, זיך אפגעטיילט פון דער ערד, די פיס האבען א קלאפ געטאן אין דער לופטען, און איידער די דאמען האבען באוויזען א געשריי צו טאן, איידער אימיצער האט געקענט פארשטעהן ווי אזוי דאס האט פאסירט, איז דער הערר „אפיצער", ווי גרויס ער איז געווען, מיט א שווערען געדרויש אריינגעפאלען אין טייך, און איז גלייך פאר־שוואונדען אונטער דער אויפגעברויזטער וואסער.

— אי! — האבען אין איין קול אויסגעשריען די דאמען.

Mein Gott! — האט זיך דערהערט פון דער צווייטער זייט.

עס איז פאריבער א מינוט... און א רונדע קאפ, אינגאנצען

באַדעקט מיט נאַסע האָר, האָט זיך באַוויזען איבער'ן וואַסער; זי, אָט די קאָפּ, האָט געלאָזען בלוזען; צוויי הענט האָבען זיך מיט ציטערניש געפלאָנטערט ביי די סאַמע ליפּען.

— ער וועט דערטרונקען ווערען! ראַטעוועט, ראַטעוועט איהם! — האָט אַ געשריי געטאָן אַנאַ וואַסיליעווגאַ צו אינסאַראַוו'ן, וועלכער איז געשטאַנען אויפ'ן ברעג מיט ברייט פאַנאַנדערגע־שטעלטע פיס, און טיעף געאָטעמט.

— ער וועט אַרויסשווימען, — האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט אַ פאַראַכטענדער און אונברחמנות'דיגער נאַכלעסיגקייט. — קומט, האָט ער צוגעגעבען, אָננעהמענדיג אַנאַ וואַסילעווגאַ פאַר'ן האַנד, — קומט, אוואַר איוואַנאָוויטש, יעלענע ניקאָלאַיעוונאַ.

— אַה... אַה... אָה... אָה... — האָט זיך אין דעם אויגענבליק דערהערט אַן אויסגעשריי פון דעם אונגליקליכען דייטש, וועלכער האָט באַוויזען זיך אַנצוכאַפּען מיט די הענט אָן אַ וואַסער־קוסט.

אַלע האָבען זיך געלאָזען געהן נאָך אינסאַראָוו'ן, און אַלעמען איז אויסגעקומען דורכגעהן פאַרביי דער נאַנצער „קאָמפּאַניע". אָבער אָהן דעם הויפּט־אַנפיהרער, זיינען זיי זיידענע געוואָרען, און האָבען אפילו קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט; איינער בלויז, דער געוואַגסטער פון זיי, האָט אַרויסגעמורמעלט, צושאָקלענדיג דערביי מיט'ן קאָפּ: נו, דאָס איז דאָך... דאָס איז דאָך גאָט ווייסט וואָס... נאָך דעם". אַ צווייטער האָט אפילו די היטעל געצויגען. אינ־סאַראָוו האָט אין זייערע אויגען אויסגעזעהען זעהר דראָהענד, און ניט אומזיסט: עטוואָס ניט גוטעס, עטוואָס געפעהרליכעס האָט זיך באַוויזען אין זיין געזיכט. די דייטשען האָבען זיך אַ וואָרף געטאָן צו העלפען זייער חבר, און ווי יענער האָט נאָר דערפיהלט אַ האַרטען באָדען אונטער זיינע פיס, האָט ער, וויינענדיג, זיך גענו־מען זידלען און נאָכשרייען אָט די רוסישע „מאַשעניקעס", אַז ער וועט זיך קלאָגען, אַז ער וועט געהן צו זיין עקסעלענץ, צום גראַף פאָן קיזירעץ אַליין...

אָבער די רוסישע „מאַשעניקעס" האָבען איהם ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט, און האָבען, ווי נאָר מעגליך, גיכער געהיילט צום שלאָס. אַלע האָבען געשוויגען אַזוי לאַנג, ווי זיי זיינען גע־גאַנגען איבער'ן גאָרטען, בלויז אַנאַ וואַסילעווגאַ האָט אַביסעל אונ־

טערגעזיפצט. נאָר אָט זיינען זיי צוגעקומען צו די עקיפּאַזשען, זיי האָבען זיך אָפּגעשטעלט, און עס האָט זיך ביי זיי ארויסגעריסען א הילכיגער געלעכטער, ווי ביי האָמער׳ס הימעלשע איינוואוינער. דער ערשטער האָט זיך מיט א קוויטש פארגאנגען שוביז, נאָך איהם האָט ווי דינע ארבעס זיך צושאָטען בערסענעוו׳ס געלעכטער, דער־נאָך האָט זיך זאָיא פארגאנגען דין־דין.

פלוצלונג האָט אנא וואסילעוונא אויסגעשאָסען, אפילו יע־לענא האָט ניט געקענט ניט א שמייכעל טאָן. אם ענדע האָט זיך אינסאראוו אויך ניט געקענט איינהאלטען.

אבער לענגער, שטארקער און העכער פון אלעמען האָט גע־לאכט אואוואר איוואנאָוויטש; ער האָט געלאכט ביז עס האָט איהם אנגעהויבען שטעכען אין די זייטען, שטיקען אין האלז, און טרייבען צום גיסען. אָט שטילט ער זיך קוים איין אביסעל, און רעדט ארוים דורך טרערען: „איך... דענק... עפּעס האָט א קלאַפּ געטאן... צום סוף איז ער דאס גאר אריינגעפאלען אין וואסער...‟ און אזוי שנעל ווי ער בריינגט אין שטיקעניש קוים ארוים דאָס לעצ־טע וואָרט, כאַפּט איהם גלייך ווידער ארום א נייער צופלוס פון געלעכטער און טרייסעלט ווידער אויף זיין גאנצען קערפּער.

זאָיא האָט איהם נאָך אונטערגעגעבען היץ: איך זעה פיס אין דער לופטען, — טוט זי זיך א זאָג.

— יאָ, יאָ, — האָט אונטערגעכאפּט אואוואר איוואנאָוויטש,— די פיס, די פיס... און מיט אמאָל אָט דער טראך... און דאס פאלט ער גאר אריין!

— און ווי אזוי האָט ער דאס דעם דייטש איבערגעקערט?

דער דייטש איז דאָך דריי מאָל אזוי גרוים, ווי ער? — האָט זאָיא זיך גע׳חקיר׳ט. — און איך וועל אייך דאס ערקלערען, — האָט געענטפערט אואוואר איוואנאָוויטש, ווישענדיג די טרערען. — איך האָב אליין געזעהן, מיט איין האנד האָט ער איהם א נעם געטאָן ביים גארגעל, האָט אונטערגעשטעלט א פוס, און טראך! איך הער א טראסק: וואס זאָל דאס זיין? און דאס איז גאר ער אין דער וואסער...

די קארעטען זיינען שוין לאנג אבגעפארען, דער שלאָס איז שוין פארשוואנדען פון אויג, און אואוואר איוואנאָוויטש האָט

זיך נאָך אַלץ ניט געקענט בארוהיגען. שובין, וועלכער איז מיט איהם ווידער געפאהרען אין איין קאַליאַסקע, האָט איהם אם ענדע געמוזט אויסרעדען.

אינסאַראָוו האָט זיך געפיהלט אונאַנגענעהם. ער איז געזעסען אין קארעטע געגען איבער יעלענאַ'ן (אויף די קאָזלעס איז געפאהרען בערסענעוו) און האָט געשוויגען; זי האָט אויך געשוויגען. ער האָט געדענקט, אַז זי האָט אויף איהם פאַריבעל, אבער זי האָט געגען איהם גאָרניט געהאַט. אין דער ערשטער מינוט האָט זי זיך שטאַרק דערשראָקען; דערנאָך איז זי פּשוט ערשטוינט געוואָרען פון דעם אויסדרוק פון זיין פּנים; דערנאָך האָט זי זיך פאַרטראַכט. איהר איז ניט געווען פאָלקאָמען קלאָר וועגען וואס זי האָט געטראַכט. דער געפיהל, וועלכען זי האָט דורכגעלעבט אין לויף פון טאָג, איז ניט פאַרשוואונדען: דאס האָט זי פאַרשטאַנען; נאָר ער האָט זיך פאַרביטען מיט עטוואס אַנדערש, וואס זי האָט נאָך דערווײלע ניט געקענט פאַרשטעהן. די Partie de plaisir האָט זיך פאַרצויגען צו שפּעט; אונבאַמערקט איז דער אבענד אריבערגעגאַנגען אין דער נאַכט אריין. די קאַרעטע האָט זיך האַסטיג געטראָגען אָט איבער די רייף־ווערענדע פעלדער, וואו די לופט איז געווען שטיקענדיג, און עס האָט געשמעקט מיט ברויט; אָט איבער ברייטע לאָנקעס און זייער פּלוצלינגע פרישקייט האָט געשלאָגען אין פּנים אריין ווי א לייכטער שטראָם. דער הימעל האָט זיך ווי געראויכערט אין די ברעגען. אם ענדע איז ארויסגעשוואָמען די לבנה, אַזאַ שטאַרע און רויטע. אַנאַ וואַסיליעוונאַ האָט געדרימעלט; זאָיאַ האָט זיך ארויסגעשטופּט פון פענסטער און געקוקט אויפ'ן וועג. אם ענדע האָט זיך יעלענאַ געכאַפּט, אַז זי האָט שוין מעהר ווי א שטונדע ניט גערעדט מיט אינסאַראָוו'ן. זי האָט זיך געווענדעט צו איהם מיט אַן אונוויכטיגער פראַגע. ער האָט איהר גלייך מיט פרייד געענטפערט. אין דער לופטען האָבען זיך גענומען אומטראָגען עפּעס אַזוינע אונקלאָרע קלאַנגען, וואס האָבען געמאַכט דעם איינדרוק, אַז ערגעץ ווייט רעדען טויזענדער שטימען: מאָסקווע איז זיי אנטקעגען געקומען; פון ווייטען האָבען זיך אַנגעהויבען טוקען פייערלאַך, וועלכע זיינען אַלץ געוואַקסען אין צאָהל; אונטער די רעדער האָבען אַנגעהויבען קלינגען די

שטיינער פון שטאָדט. אנא וואסילעוונא האָט זיך אויפגעכאפּט; אלע האָבען זיך מיט אמאָל צורעדט אין עקיפּאזש; אָבער קיינער האָט שוין מעהר ניט געקענט הערען, וועגען וואס מען האָט גערעדט, אזוי הילכיג האָט געקלאפּט דער בריק אונטער די צוויי־און־דרייסיג קאָפּיטעס פון די פערדישע פיס. לאנג און לאנגווייליג האָט זיך אלעמען אויסגעצויגען דער וועג פון מאָסקווע קיין קונצאווא; אלע זיינען געשלאפען אדער אזוי געשוויגען, זיך אנשפּארענדיג מיט׳ן קאָפּ אין פארשיעדענע ווינקלען פון דער קארעטע; איין יעלענא האָט ניט צוגעמאכט מיט קיין אויג; זי האָט ניט אראָפּגענומען איהרע אויגען פון אינסאראוו׳ס טונקעלען געשטאַלט. אויף שו־בינען איז אנגעפאלען איין אומעט: דאס ווינטעל האָט איהם גע־בלאָזען אין די אויגען און האָט איהם גערעגט; ער האָט זיך איינגעוויקעלט אין קאלנער פון מאנטעל און האָט זיך שיר־שיר ניט צואוויינט. אוואוואר איוואנאָוויטש האָט בשלום אונטערגעכראַ־פּעט, וויגענדיג זיך פון רעכטס אויף לינקס. אם ענדע האָבען זיך די עקיפּאזשען אפּגעשטעלט. צוויי דינער האָבען ארויסגעטראגען אנא וואסילעוונא פון קארעטע; זי האָט זיך אינגאנצען צושרויפט און, זעגענענדיג זיך מיט איהרע מיטפאהרער, האָט זי זיי פארזי־כערט, אז זי איז קוים־קוים א לעבעדיגע; זיי האָבען איהר גע־נומען דאנקען, און זי האָט בלויז ווידערהאָלט: „קוים א לעבעדי־גע". יעלענא האָט צום ערשטען מאָל געדריקט אינסאראָוו׳ס האנט. זי האָט זיך גאנץ לאנג ניט אויסגעטאָן און ניט געגאנגען שלאפען; זי איז נאָך אלץ געזעסען ביים פענסטער; שובין האָט דערווייל געפונען א פאסענדען מאָמענט און האָט אריינגעראַמט בערסענעוו׳ן: „ווי הייסט ניט קיין העלד, אז ער וואַרפט אין וואַ־סער אריין שכור׳ע דייטשען!"

— און דו האָסט דאָס אויך ניט געטאָן, — האָט אפּגעענט־פערט בערסענעוו, און איז אוועק אהיים מיט אינסאראוו׳ן.

עס האָט שוין געטאָגט, ווען ביידע חברים האָבען זיך אומגע־קערט אהיים. די זון איז נאָך ניט אויפגעגאנגען, נאָר עס האָט זיך שוין צושפּיעלט די פריהמארגענדיגע קעלט, א גרויע טוי האָט באַ־דעקט די גראזען און די ערשטע פויגעלאך האָבען שוין געקלינגען

הויך־הויך אין דעם האלב פינסטערען לופטיגן רוים, פון וואנן, ווי איין איינזאמער אויג האט אראפגעקוקט דער לעצטער גרויסער שטערן.

## 16.

גלייך נאך דעם, ווי יעלענא האט זיך באקענט מיט אינסא־ראוו'ן האט זי (צום פינפטען אדער זעקסטען מאל) אנגעהויבען איהר טאג־בוך. אט זיינען אויסציגע פון איהר טאג־בוך: יוני... אנדרעי פעטראוויטש ברייננט מיר ביכער, נאר איך קען זיי ניט לייענען. זיך מודה זיין פאר איהם, איז מיר אונאנגענעהם; אפ־געבען די ביכער און איהם אפנארען, זאגען אז איך האב זיי יא גע־לייענט — ווילט זיך מיר ניט. מיר דוכט, אז דאס וועט איהם פארדריסען. ער באמערקט אלץ, וואס עס קומט פאר מיט מיר. דאכט זיך, אז ער איז זעהר צוגעבונדען צו מיר. אנדרעי פעטרא־וויטש איז זעהר א גוטער מענש...

...וואס וויל איך? ווארום איז מיר אזוי שווער אויפ'ן האר־צען, אזוי מורא'דיג שווער? ווארום קוק איך מיט קנאה אויף די דורכפליהענדיגע פויגלען? מיר דוכט זיך, איך וואלט אוועקגע־פלויגען מיט זיי, אוועקגעפלויגען — וואוהין, ווייס איך ניט, נאר וויים־ווייט פון דאנען. איז דען ניט פארברעכעריש אט דער פארלאנג? דא זיינען מיין פאטער און מוטער, מיין פאמיליע. שוין־זשע האב איך זיי ניט ליעב? ניין, איך האב זיי ניט אזוי ליעב, ווי דאס וואלט זיך מיר וועלען. עס איז א מורא צו בריינ־גען דאס פאר מיין מויל, אבער דאס איז דאך דער ריינער אמת. אפשר בין איך א גרויסע זינדיגע; מעגליך, אז דערפאר איז מיר אזוי שווער און טרויעריג; מעגליך, אז דערפאר ווייס איך פון קיין רוה ניט, עפעס א האנד ליגט אויף מיר און דריקט מיך, פונקט ווי איך זאל זיין אין געפענגניש, און אט־אט פאלען איין אויף מיר די ווענט. ווארום־זשע פילען עס קיין אנדערע ניט? ועמען־זשע וועל איך ליעבען, אז איך בין אזוי קאלט צו מיינע אייגענע? עס זעהט אויס, אז דער טאטע איז גערעכט: ערווארפט מיר אויס, אז איך האב ליעב בלויז הינט און קעץ. וועגען דעם דארף מען א

טראכט טאָן. איך טו ווייניג תפילה, מען דאַרף תפילה טאָן... און דאָך, דוכט מיר, אז איך וואָלט געקענט ליעבען!..

איך בין נאָך אלץ אזוי ווייט און פרעמד און שעם זיך פאר דעם הערר אינסאראָוו. איך ווייס ניט פארוואס; איך בין, דוכט מיר, ניט קיין קליינינקע, און ער איז אזא פשוט'ער און גוטער. צייטענ־וויז איז ביי איהם אזא ערנסט געזיכט. ער האָט, ווייזט אויס, גענוג אָהן אונז. איך פיהל דאס, און מיר איז, ווי אונאנגענעהם צו רויבען ביי איהם צייט. מיט אנדרעי פעטראָוויטש'ען איז גאר אן אנדער זאך. מיט איהם בין איך גרייט צו פלאפלען אפילו א גאנצען טאָג. אבער ער האלט מיר אין איין דערצעהלען וועגען אינסאראוו'ן. און ס'ארא מינע שרעקליכע דעטאלען! איך האָב איהם געזעהען היינט בייגאכט מיט א ביקס אין האנט. און ער זאָגט צו מיר: „איך וועל דיך און זיך דער'הרג'נען". ס'ארא נאַ־רישקייטען!..

...אָ, ווען אימיצער וואָלט מיר זאגען: אָט דאס דארפסטו טאָן! זיין גוט — דאס איז ווייניג; טאָן גוטס... יא; דאס איז דאס וויכטיגסטע אין לעבען. נאָר, ווי טוט מען אבער גוטס? אָה, ווען איך זאָל זיך קענען באהערשען! איך פארשטעה ניט ווארום איך טראכט אזוי אפט וועגען דעם הער אינסאראוו. ווען ער קומט צוגעהן, זיצט און הערט אויפמערקזאם, און אליין מיהט ער זיך ניט צו רעדען, עסק'ט זיך ניט, קוק איך אויף איהם, מיר איז דאס אנ־גענעהם און שוין. אָבער אז ער געהט אוועק, דערמאָן איך זיך אלץ אן זיינע ווערטער און מיך פארדריסט אויף זיך, און איך רעג זיך אפילו... פאר וואָס ווייס איך אליין ניט. (ער רעדט שלעכט פראנצויזיש, און שעמט זיך ניט. דאָס געפעלט מיר). צווישען אנדערש, איך טראכט אימער א סך וועגען נייע מענשען. רעדענדיג מיט איהם, האָב איך זיך פלוצלונג דערמאָנט אן אונזער אלטען וואַ־סילי, וועלכער האָט ארויסגעראטעוועט פון א ברענענדיגען הויז א זקן אָהן פיס, און דערביי איז ער שיער אליין ניט אומגעקומען. דער טאַטע האָט איהם געזאגט, אז ער איז א בראווער יונג, די מאַמע האָט איהם געגעבען פינף רובעל, און מיר האָט זיך געוואלט זיך נייגען צו זיינע פיס. ביי איהם איז געווען א פשוט'ער, כמעט נאַ־רישער פנים, און ער האָט זיך שפּעטער פארוואנדעלט אין א שיכור.

...היינט האָב איך דערלאַנגט א גראַשען א נדבה אַן אָרימער; זאָגט זי מיר: פאַרוואָס ביזטו אַזאַ טרויעריגע? און איך האָב אפילו קיין אהנונג ניט געהאַט, אַז איך זעה אויס טרויעריג. איך דענק, אַז דאָס איז דערפאַר, וואָס איך בין אַלץ אַליין, אַליין מיט מיין גוטס אַליין מיט מיין שלעכטס. ניטאָ וועמען אַ האַנט צו דערלאַנגען. ווער עס געהט צו צו מיר, דעם דאַרף איך ניט; און וועמען איך וואָלט וועלען... דער געהט פאַרביי.

...איך ווייס ניט, וואָס עס איז היינט מיט מיר; מיין קאָפּ דרעהט זיך, די געדאַנקען פּלאָנטערען זיך, און איך בין גרייט צו פאַלען אויף די קניע און בעטען, בעטען רחמים. איך ווייס ניט, ווער און ווי אַזוי נאָר ווי מ'וואָלט מיך הרג'נען, און איך שריי אי־נערליך, און בין אויסער זיך, און איך וויין, כ'קען ניט שווייגען... זאָגט מיינער! אַ, גאַטעניו! שטיל איין אין מיר אָט די שטרע־בונגען! בלויז דו, בלויז דו אַליין קענסט דאָס טאָן, ווייל אַלץ, אויסער דיר, איז מאַכטלאָז אין דער הינזיכט: ניט מיינע נישטיגע נדבות, ניט מיין אַרבייט, קיין זאַך, קיין זאַך, קיין זאַך איז מיר ניט אימשטאַנד צו העלפען. איך וואָלט אוועק ערגעץ וואו פאַר אַ דינסט, און עס וואָלט מיר באמת געוועזן גרינגער.

צו וואָס איז די יוגענד, צוליעב וואָס לעב איך, צו וואָס האָב איך אַ נשמה, צו וואָס איז דאָס אַלעס?

— אינסאַראָוו, אָדער העררר אינסאַראָוו, איך ווייס באמת ניט ווי אַזוי צו שרייבען, אינטערעסירט מיך נאָך אַלץ. מיר ווילט זיך וויסען, וואָס ענטהאַלט אין זיך זיין נשמה. ער איז, דאַכט זיך, אַזאַ אָפענער, אַזאַ דערגרייכבאַרער מענש, צו וועמען עס איז, דאַכט זיך, לייכט צו צוגעהן און אַריינקוקען אין זיין נשמה. און דאָך זעה איך גאָר ניט. צייטענווייז קוקט ער אויף מיר מיט פאַר־שטענדיגע, דורכדרינגענדיגע אויגען... אָדער דאָס איז לויטער מיין אייגענע פאַנטאַזיע? פּאַול רייצט זיך אַלץ מיט מיר. איך בין בייז אויף איהם. וואָס וויל ער? ער איז פאַרליעבט אין מיר, אָבער איך דאַרף ניט זיין ליעבע. ער איז אין זאָיאַ'ן אויך פאַרליעבט. איך בין אונגערעכט צו איהם; ער האָט מיר נעכטען געזאָגט, אַז איך קען ניט זיין אונגערעכט אויף האַלב... און דאָס איז אמת. דאָס איז זעהר מיאוס.

אַך, איך פיהל, אז א מענש מוז לעבען אין צרות, ארימקייט, אָדער קראנק זיין, אז ניט קען ער זיך נאָך איבערנעהמען.

צו וואס האָט מיר אנדרעי פעטראוויטש היינט דערצעהלט וועגען די צוויי בולגארען! ער האָט ווי מיט אן אבזיכט מיר דאס דערצעהלט. וואס געהט מיר אָן דער הערר אינסאראָוו? איך בין ברוגז אויף אנדרעי פעטראוויטש׳ן.

...איך נעהם זיך פאר דער פען, און ווייס ניט ווי אנצוהויבען. ווי אונערווארטעט ער האָט היינט געקומען רעדען צו מיר אין גאר־טען! ווי צערטליך און פארטרויליך ער איז געווען! ווי שנעל דאס איז געווארען. פונקט ווי מיר וואלטען זיין אַלטע, אלטע גוטע פריינד, וואס האָבען גראד יעצט דערקענט איינע די אנדערע. ווי האָב איך דאס געקענט איהם ניט פארשטעהן ביז אהער! ווי נאָ־הענט ער איז מיר איצט. און וואס מיך וואונדערט, איז דאס, וואס איך בין איצט פיעל רוהיגער געווארען. עס איז מיר לעכערליך: געכטען בין איך געווען בייז אויף אנדרעי פעטראוויטש׳ן, אויף איהם, איך האָב איהם אפילו אנגערופען הערר אינסאראָוו, און היינט... אָט דאָס איז אן אמת׳ער מענש, אָט אויף וועמען מען קען זיך פארלאזען. ער ליגט ניט. דאס איז דער ערשטער מענש, וואָס איך באגעגען, וועלכער ליגט ניט: אלע אנדערע ליגען, אלץ, אלעס און אלע ליגען. אנדרעי פעטראָוויטש, ליעבער, גוטער, פארוואס באַליידיג איך אייך? ביין! אנדרעי פעטראוויטש קען זיין געלערנטער פון איהם, מעגליך אויך קליגער... אבער איך ווייס ניט, ער געגען איהם איז אזא קלייניגקער. ווען יענער רעדט וועגען זיין היימלאנד, וואקסט ער, און וואקסט, זיין געזיכט ווערט שעה־נער, און די שטים זיינע ווערט ווי שטאָל, און דוכט מיר, אז עס איז ניטאָ אויף דער וועלט אזא מענש, פאר וועמען ער וואלט אראפגע־לאָזט די אויגען. ער רעדט ניט בלויז, ער האָט אויך געטאָן, און וועט טאָן. איך וועל זיך ביי איהם פארנאַנדערפרעגען... ווי פלוצ־לינג האָט ער זיך אויסגעקערעוועט צו מיר, און האָט צו מיר א שמייבעל געטאן!.. בלויז ברידער קענען אזוי שמייכלען. אַך, ווי איך בין צופרידען! ווען ער איז געקומען צו אונז צום ערשטען מאָל, האָב איך בשום אופן ניט געדענקט, אז מיר וועלען אזוי גיך ווערען נאָהענט. און איצט געפעלט מיר אפילו, וואס איך בין דעם

ערשטען מאָל געבליבען אזוי גלייכגילטיג. שוין־זשע בין איך איצט ניט גלייכגילטיג?

איך האָב שוין לאנג ניט געפיהלט אזא אינערליכע רוהיגקייט. עס איז אזוי שטיל, שטיל אין מיר, און מיין נשמה איז רוהיג. ניטאָ וואָס צו פארשרייבען. איך זעה איהם אפט און דאָס אלעס. וואס נאָך פארשרייבען.

. . . פּאָול האָט זיך פארשלאָסען, אנדרעי פּעטראָוויטש האָט אָנגעהויבען קומען זעלטענער... ארימער! ... מיר דאכט אז ער... אָבער עס קען ניט זיין. איך האָב ליעב צו ריידען מיט אנדרעי פּעטראָוויטש'ען: ער רעדט קיינמאָל ניט א וואָרט וועגען זיך, ער רעדט אימער וועגען עטוואס ערנסטעס און ניצליכעס. ניט ווי שובין. שובין איז פארפּוצט ווי א שמעטערלינג און שפּיגעלט זיך מיט דעם; דאָס טוען ניט קיין שמעטערלינגען. יאָ, סיי שובין, סיי אנדרעי פּעטראָוויטש... איך ווייס וואָס איך וויל זאָגען.

. . . איהם איז אנגענעהם צו געהן צו אונז, איך זעה דאָס. אָבער פארוואס? וואָס האָט ער געפונען אין מיר? אמת, אונזער געשמאַק איז אן עהנליכער: סיי איך, סיי ער האָבען ביידע ניט ליעב קיין פּאָעזיע אין פערזען; ביידע האָבען קיין באגריף ניט אין קונסט. אָבער, אויף וויפיעל איז ער בעסער פון מיר! ער איז רוהיג און איך געפין זיך אין א שטענדיגער אומרוהיגקייט; ער האָט א וועג פאר זיך, א צוועק — אָבער וואוהין געה איך? וואו איז מיין נעסט? ער איז רוהיג, נאָר זיינע געדאנקען זיינען ווייט. עס וועט קומען א צייט און ער וועט אונז אויף אייביג פארלאָזען, ער וועט אוועק צו זיך אהיים, אהין איבער'ן ים. מילא, זאָל איהם גאָט העלפען! פונדעסטוועגען בין איך צופרידען, וואָס איך האָב איהם דערקענט פאר דער צייט וואָס ער איז דאָ געווען.

ווארום איז ער ניט קיין רוס? ניין, ער האָט ניט געקענט זיין קיין רוס.

דער מאמע'ן האָב איך אויך ליעב, זי זאָגט אז ער איז א באשיידענער מענש. גוטע מאמע! זי פארשטעהט מיך ניט. פּאָול שווייגט: ער האָט זיך אָנגעשטויסען אז מיר זיינען אָנגע־נעהם זיינע אנדייטונגען, נאָר ער איז אייפערזיכטיג צו איהם. א

שלעכטער אינגעל! און מיט וואָס פאר א רעכט? האָב איך דען ווען עס איז...

דאָס איז אַלץ נארישקייטען! ווארום קריכט מיר דאָס אלעס אין קאָפּ אריין?

. . . עס איז דאָך אָבער פארט מאָדנע, וואָס איך האָב נאָך ביז אהער, ביז צוואַנציג יאָהר קיינעם ניט ליעב געהאט? מיר דוכט אז ד. (איך וועל איהם רופען ד., מיר געפעלט אזוי אָט דער נאָמען: דמיטרי) איז דערפאר, אזוי אינערליך, גאנץ און רוהיג, ווייל ער האָט זיך איינגאנצען אוועקגעגעבען זיין אידעאל, זיין טרוים. פארוואס און צוליעב וואָס זאָל ער זיך רעגען? ווער עס האָט זיך אוועקגעגעבען איינגאנצען... איינגאנצען... יענער האָט שוין ווייניג יסורים, יענער איז שוין פאר קיין זאך ניט פאראנט־וואָרטליך. ניט איך וויל: נאָר דאָס וויל. יאָ, מיר ביידע, אי איך, אי ער האָבען ליעב איינע און די זעלבע בלומען. איך האָב היינט אפגעריסען א ראזע. איין בלעטעלע איז ארונטערגעפאלען, ער האָט דאָס אויפגעהויבען... איך האָב איהם אוועקגעגעבען די גאנצע ראָזע.

. . . פון א געוויסער צייט, זעה איך מאָדנע חלומות. וואָס זאָל דאָס באדייטען?

. . . ד. קומט צו אונז אָפט; נעכטען האָט ער פארבראכט ביי אונז דעם גאנצען אָוועגט. ער וויל מיך לערנען בולגאריש. מיר איז גוט מיט איהם, גוט ווי אין דער היים. ניין, בעסער ווי אין דער היים.

. . . עס פליהען די טעג.... און מיר איז גוט, און דאָך עפּעס אזוי מרה־שחורה'דיג, עס ווילט זיך אי גאָט דאנקען, אי קיין טרערען זיינען אויך ניט ווייט. אָ ווארימע, אָ ליכטיגע טעג!

. . . מיר איז נאָך אלץ אזוי לייכט, לייכט, און בלויז אמאָל, זעלטען־זעלטען איז מיר אומעטיג. איך בין גליקליך. בין איך גליקליך?

. . איך וועל לאנג ניט פארגעסען דעם נעכטיגען דורכפאהר. ס'ארא מיני מאָדנע, נייע איינדריקע! ווען ער האָט פּלוצלונג גענומען אָט דעם ריעז, און ווי אָ קייקעלע אריינגעוואָרפען איהם אין וואסער האָב איך זיך דערשראָקען... נאָר ער האָט אויף מיר

אַנגעוואָרפעֶן א מורא. און דערנאָך — ס'אַרא געזיכט, אזא מין בייז, כמעט גרויזאם געזיכט! ווי ער האָט דאָס אַרויס־גערעדט: „ער וועט אַרויסשווימען!" דאָס האָט מיך אינ־גאנצען אויפגעטרייסעלט. קומט אויס, אלזא, אז איך האָב איהם נימ פארשטאַנען. און דערנאָך, ווען אלע האָבען געלאכט, ווען איך האָב געלאכט, ווי שטאַרק עס האָט מיר וועה געטאָן פאר איהם! ער האָט זיך געשעמט, איך האָב דאָס געפיהלט. ער האָט זיך געשעמט פאר מיר. ער האָט דאָס מיר שפּעטער אליין געזאגט, ווען מיר זיינען געזעסען אין קארעטע און איך האָב זיך געמיהט איהם קלאָר צו זעהן, און צו דערזעלבער צייט מורא געהאט פאר איהם. יאָ, מיט איהם טאָר מען נימ שפּאסען, ער קען זיך שוין אָננעהמען. אָבער צו וואָס איז אָט דער כעס, צו וואָס זיינען נויטיג אָט די ציטעררענדיגע ליפּען און דער סם אין די אויגען? אָדער, מעגליך, אז אנדערש קען מען נימ? מען קען נימ זיין קיין מאן און קעמפער און צו דערזעלבער צייט בלייבען ווייך און גוט? דאָס לעבען איז גראָב, האָט ער מיר געזאגט אָט דאָ נימ לאנג צוריק, איך האָב אָט דאָס וואָרט איבערגע'חזרט' אנדרעי פּעטראָוויטש'ען; ער איז נימ איינשטימיג מיט ד. ווער פון זיי איז גערעכט? און ווי האָט זיך אָנגעהויבען אָט דער טאָג! ווי גוט מיר איז געוועז צו געהן ארום איהם אפילו שווייגענדיג... מיך פרעהט דאָס עס האָט פּאסירט. עס ווייזט אויס אז אזוי האָט געמיוזט זיין.

. . . עס האָט מיך ווידער באהערשט אַן אומרוהיגקייט.... איך בין נימ אינגאנצען געזונט.

. . . די אלע טעג האָב איך גארנימ פארשריבען אין אָט דעם העפט, ווייל עס האָט זיך נימ געגלוסט שרייבען. איך האָב גע־פיהלט: אז וואָס איך זאָל נימ געוועז אָנשרייבען, וואָלט דאָס אלץ נימ געוועז דאָס וואָס איך פיהל... וואָס טוט זיך אין מיין נשמה? איך האָב געהאט מיט איהם א גרויסען געשפּרעך, וועלכער האָט מיר פיעלעס ענטפּלעקט. ער האָט מיר דערצעהלט זיינע פלע־נע־ (אזוי אז איצט ווייס איך שוין, פארוואָס ער האָט א וואונד אויפ'ן האלז...) גאָט מיינער, אז איך גיב נאָר א טראכט, אז ער איז שוין געוועז פאר'משפּט צום טויט, און אז ער האָט זיך קוים,

קוים ארויסגעראטעוועט, נאָר מען האָט איהם פארוואונדעט... ער האָט א פארגעפיהל, אז עס וועט זיין א מלחמה און ער פרעהט זיך מיט איהר. ניט קוקענדיג אויף דעם אלעם האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געזעהן ד. אזוי טרויעריג. וועגען וואָס קען ער... ער! .. וועגען וואָס קען ער טרויערען? דער טאטע האָט זיך אומגעקערט פון שטאָדט און געטראָפען אונז ביידען, ער האָט עפּעס אזוי מאָדנע א קוק געטאָן אויף אונז. אנדרעי פּעטראָוויטש איז געקומען: איך האָב באמערקט אז ער איז זעהר בלאס און ארונטער. ער האָט מיר פארגעהאלטען, אז איך באגעה זיך שוין אביסעל צו קאלט און נאכלעסיג מיט שוביג'ען. איך האָב זיך אינגאנצען פארגעסען אָן פּאול'ען. ווען איך וועל איהם טרעפען, וועל איך זיך באמיהען צו פארגלעטען מיין שולד. ער אינטערעסירט מיך איצטער ניט... קיינער אין דער וועלט קימערט מיך איצט ניט. אנדרעי פּעטראָוויטש האָט גערעדט מיט מיר מיט א מאָדנעם רחמנות. וואָס זאָל דאָס אלעם באדייטען? ווארום איז אזוי פינסטער ארום און ארום מיר, ווי אויך אין מיר? מיר דוכט, אז ארום און ארום מיר, ווי אין מיר קומט פאָר עטוואס רעטזעלהאפטעס... מען דארף געפינען דאָס וואָרט...

. . . איך בין די נאכט ניט געשלאָפען, דער קאָפּ טוט וועה. צו וואָס שרייבען? ער איז היינט אזוי גיך אוועקגעגאנגען און מיר האָט זיך געוואלט מיט איהם ריידען... עס מאכט דעם איינדרוק אז ער מיידט מיך אוים. יאָ, ער מיידט מיך אוים.

. . . איך האָב געפונען דעם וואָרט, מיר איז אזוי ליכטיג געווארען! גאָטעניו! זיי זיך מרחם אויף מיר... איך בין פארליעבט!

## .17

אין דעם זעלבען טאָג, ווען יעלענא האָט ארייגעשריבען אין איהר טאָג־בוך אָט דאָס לעצטע וואָרט, איז אינסאראוו געזעסען ביי בערסעניעוו'ען אין צימער, און האָט איהם דערצעהלט וועגען זיין באשלוס, זיך גלייך אריבערצוקלייבען קיין מאָסקווא. בער־

סענעוו ניט פארשטעהענדיג זיין פארלאנג האט איהם אנגעקוקט מיט אן אויסדרוק פון פארלעגענהייט אויף זיין געזיכט.

— ווי גאט איז אייך ליעב! — האט אויסגעשריען בער־סענעוו: — איצט קומט די שעהנסטע און הייסטע צייט. וואס וועט איהר טאן אין מאסקווע? וואס איז דאס פאר א פלוצליכער באשלוס! צי איהר האט געקראגען וואסערע ניט איז ידיעות?

— איך האב קיינע ידיעות ניט געקראגען — האט אפגעענט־פערט אינסאראוו, אבער לויט מיינע אייגענע אויסרעכענונגען טאר איך דא מעהר ניט בלייבען.

— אבער ווי קען מען דאס?

— אנדרעי פעטראוויטש, — האט ארויסגערעדט אינסא־ראוו, — זייט אזוי גוט און באשטעהט ניט אויף דעם, איך בעט אייך. מיר איז אזוי שווער זיך צו שיידען מיט אייך, אבער העלפען קען איך ניט.

בערסענעוו האט א דורכדרינגענדען קוק געטאן אויף איהם.

— איך וויים, אז אייך קען מען ניט איבערצייגען, — האט ער אם ענדע געזאגט. הייסט עס אז דאס איז א באשלאסענע זאך?

— א פאלשטענדיג באשלאסענע, — האט געענטפער איג־סאראוו. ער האט זיך אויפגעהויבען און איז אוועקגעגאנגען.

בערסענעוו האט זיך דורכשפאצירט איבער׳ן צימער, דאן האט ער גענומען די הוט און איז אוועק צו די סטאכאווס.

— איהר ווילט מיר עפעס זאגען, — האט געפרעגט יעלענא, ווי זיי זיינען נאר געבליבען אליין.

— יא, פון וואנען ווייסט איהר?

— דאס, איז אליין איינס. זאגט, וואס איז?

בערסענעוו האט איהר איבערגעגעבען אינסאראוו׳ס באשלוס. יעלענא איז בלאס געווארען.

— וואס הייסט דאס? — האט זי קוים ארויסגערעדט.

— איהר ווייסט, אז דמיטרי ניקאנאראוויטש האט ניט ליעב אפצוגעבען קיין דין וחשבון אין זיינע האנדלונגען. נאר איך דענק... לאמיר זיך זעצען, יעלענא ניקאלאיעווגא, איהר זעהט אוים ווי ניט איינגאנצען געזונט... דאכט זיך, אז איך קען זיך

אנשטויסען, וואָס אייגענטליך איז די אורזאכע פון זיין פלוצלונ־דיגען אפּפאָהרען.

— וואָס, וואָס איז דאָס פאר אן אורזאכע? — האָט ווידער־האָלט יעלענא, אליין ניט באמערקענדיג, ווי שטארק זי האָט צוזאַ־מענגעדריקט בערסענעוו'ס האנט אין איהר קאלטער האנט.

— אָט זעהט איהר שוין, — האָט אָנגעהויבען בערסענעוו, מיט א טרויעריגען שמייכעל, — איך וועל זיך מוזען אומקעהרען צו היינטיגען פריהלינג, צו יענער צייט, ווען איך האָב זיך נעהענ־טער באקענט מיט אינסאראוו'ען. איך האָב זיך דאן געטראָפען מיט איהם ביי מיינעם אן אייגענעם, אָט דער קרוב מיינער האָט געהאט זעהר א שעהנע טאָכטער. מיר האָט זיך אויסגעוויזען אז אינסאראוו איז צו איהר ניט גלייכגילטיג, און איך האָב איהם דאָס געזאגט. ער האָט זיך צולאכט און האָט מיר געענטפערט אז איך האָב געהאט א טעות, זיין הארץ איז גאנץ געבליבען, נאָר ווען אזא זאַך וואָלט געטראָפען, וואָלט ער גלייך אַוועקגעפאהרען. ווייל ער וויל ניט — דאָס זיינען זיינע אייגענע ווערטער — צו־ליעב דער באפרידיגונג פון זיין פּערזענליכען געפיהל, ווערען אונטריי זיין אידעאל און זיין בירגער־חוב. איך בין א בולגאר, האָט ער געזאגט, און קיין רוסישע ליעבע דארף איך ניט...

— נו... און וואָס זשע... איהר דענקט איצט... — האָט ארויסגעשעפּטשעט יעלענא, און ניט ווילענדיג אָפּגעדרעהט דעם קאָפּ, ווי א מענש, וואָס ווארט אויף א קלאַפּ, אָבער זי האָט אלץ ניט ארויסגעלאָזען בערסענעוו'ס האנט.

— איך דענק, האָט ער געזאגט זעהר שטיל, — איך דענק, אז איצט איז מקוים געווארען דאָס, אין וואָס איך האָב איהם דאן אומזיסט חושד געוועזן...

— דאָס הייסט... איהר דענקט... מאטערט מיך ניט! ... — האָט זיך פלוצלונג ארויסגעריסען ביי יעלענא'ן.

— איך דענק, — האָט אין איילעניש אונטערגעכאפּט בערסענעוו, — אז אינסאראוו האָט זיך איצט פארליעבט אין א רוסישער מיידעל, און לויט זיין צוזאָג האָט ער באשלאָסען צו אנטלויפען.

יעלענא האָט נאָך שטארקער צוזאמענגעדריקט זיין האנט,

און נאָך נידעריגער אנגעבויגען דעם קאָפּ, ווי זי וואָלט וועלען באהאלטען פון א פרעמדען בליק, די פארב פון שעמעוודיגקייט, וועלכע האָט מיט א פּלוצליכען פייער באגאסען איהר פּנים און האלז.

— אַנדרעי פּעטראָוויטש, איהר זיינט גוט, — גוט, ווי א מלאך, — האָט זי געזאגט, אָבער ער וועט דאָך קומען זיך גע־געזעגענען?

— יאָ, איך דענק אז ער וועט זיכער קומען, ווייל ער וועט דאָך ניט וועלען אוועקפאָהרען...

— זאָגט איהם, זאָגט...

אָבער דאָ האָט דאָס ארימע מיידעל ניט אויסגעהאלטען: א ים מיט טרערען האָבען זיך א לאָז געטאָן פון איהרע אויגען, זי איז ארויסגעלאָפען פון צימער.

„אָט ווי זי האָט איהם ליעב, — האָט געטראכט בערסענעוו, לאנגזאם זיך אומקערענדיג אהיים; איך האָב דאָס ניט ערוואר־טעט; איך האָב ניט ערווארטעט, אז דאָס איז שוין אזוי ווייט פארגאנגען. „איך בין גוט,” זאָגט זי, — האָט ער פאַרט־געזעצט זיינע געדאנקען . . . ווער וועט דען קענען זאגען אונ־טער'ן דרוק פון וואָסערע געפיהלען, אונטער'ן דרוק פון וואָס פאר א דראנג איך האָב דאָס אלעס דערצעהלט יעלענען? אבער ניט פון גוטסקייט, זיכער ניט פון גוטסקייט. אלץ צוליעב דעם פאר־שאָלטענעם פארלאנג זיך צו איבערצייגען, צי די שפּיז שטעקט ווירקליך אין וואונד? איך דארף זיין צופרידען — זיי ליבען איינע די אנדערע, און איך האָב זיי געהאָלפען... „צוקונפטיגער פאר־מיטלער, צווישען דער וויסענשאַפט און דעם רוסישען פּובליקום”, רופט מיך שובין; עס זעהט אויס, אז מיר איז שוין אזוי באשערט צו זיין א פארמיטלער. אבער אויב איך האָב א טעות? ניין, איך האָב ניט געהאט קיין טעות!..

ביטער איז געוועזן אנדרעי פּעטראָוויטשען, און ראומער איז איהם ניט געקראכען אין קאָפּ אריין.

אויף מארגען, ארום צוויי א זייגער בייטאג איז אינסאראוו געקומען צו די סטאכאָווס. ווי אויף צו להכעיס איז דאן ביי אננא וואסילעוונא אין גאסט־צימער געזעסען א גאסט, א שכנ'שע גלח'טע,

זעהר א וואוילע און ווירדיגע פרוי, וועלכע האָט בלויז געהאט א קליינעם פאָרדריסליכען אינצידענט מיט דער פּאָליציי, דערפאר וואָס איהר האָט זיך פארגלוסט אין דעם סאמע ברען פון דער היץ זיך אויסבאָדען אין טייכעל, ביים וועג, איבער וועלכען עס פלעגט אפט דורכפאהרען די פאמיליע פון א גרויסארטיגען גענעראל. די אנוועזענהייט פון א צייטיגען פּערזאן איז צוערשט איינגענעהם געווען יעלענא'ן, וועלכע איז געוואָרען בלאס ווי לייוועגט, ווי נאָר זי האָט דערהערט אינסאראָוו'ס טריט; אבער דאס הארץ האָט זיך איהר ווי אפּגעשטעלט ביים געדאנק, אז ער קען זיך געזעגענען און זיך ניט דורכרעדען מיט איהר אויג־אויף־אויג. ער האָט אויסגעזעהן, ווי א פארלאָרענער, און האָט אויסגעמידען איהר בליק.

„שוין־זשע וועט ער זיך באלד אנהויבען זעגענען?" — האָט געטראַכט יעלענא.

און ווירקליך, אינסאראוו האָט זיך געווען געווענדעט צו אננא וואסיליעוונא; יעלענא האָט זיך פלינק אויבגעהויבען און האָט איהם אָפּגערופען אָן א זייט צום פענסטער. די גלח'טע האָט זיך פארוואונדערט. זי האָט זיך געוואָלט אויסקערעווען; נאָר איהר קאָרסעט איז געווען אזוי שטארק פארצויגען, אז ער האָט געסקריפּעט ביי איהר יעדער באוועגונג. זי איז געבליבען באוועגלאָז.

— הערט זיך איין, — האָט אין איילעניש אנגעהויבען יעלענא, — איך ווייס נאָך וואס איהר זייט געקומען; אנדרעי פּעטראָוויטש האָט מיר דערצעהלט וועגען אייער באשלוס. אבער איך בעט אייך, איך בעט אייך זעהר, זעהר שטארק זיך ניט זעגענען מיט אונז היינט, נאָר קומען מארגען אביסעל פרי'הער, ארום עלף אזייגער. איך דארף אייך זאָגען צוויי ווערטער.

אינסאראוו האָט שווייגענדיג פארנייגט דעם קאָפּ.

— איך וועל אייך ניט פארהאלטען... זאָגט איהר מיר צו?

אינסאראוו האָט זיך ווידער פארנויגט, אבער ער האָט גארניט געזאגט.

— לענאָטשקא, קום נאָר אהער, — האָט געזאגט אננא וואסילעוונא, — זעה נאָר ס'אָרא ראדיקול עס איז ביי דער גלח'טע.

— אליין אויפגענייט, — האָט זי באמערקט. יעלענא איז אוועק פון פענסטער. אינסאראָוו האָט פארבראכט ביי די סטאַ־

כאָוום ניט מעהר ווי א פערטעל שטונדע. יעלענא האָט איהם שטילינקערהייד באַאָבאַכטעט. ער האָט זיך אַלין געוויגט אויף איין פּלאַץ און ווי פריר ניט געוואוסט אוואו אהינצוטאָן די אויגען, און אוועקגעגאנגען איז ער אויך אזוי מאָדנע, פּלוצלונג, אזוי ווי ער וואָלט פארשוואונדען.

לאַנגזאם איז פאריבער אָט דער טאָג פאר יעלענא'ן; נאָך לאַנגזאמער, לענגער, האָט זיך אויסגעצויגען פאר איהר די לאַנגע, לאַנגע נאַכט. יעלענא איז אָט געזעסען אויפ'ן בעט, אנשפּארענדיג דעם קאָפּ אויף די הענט, מיט וועלכע זי האָט ארומגענומען די קני, און אט איז זי צוגעגאנגען צום פענסטער, און זיך צוגעלעגט מיט'ן הייסען שטערן צו דער קאַלטער שויב, און געטראַכט, און געטראַכט; ביז צו משוגעת האָט זי געטראכט איינע און דיזעלבע געדאנקען. דאָס הארץ איז אין איהר אָט פארשטיינערט געוואָרען, אָט אינגאנצען פארשוואונדען פון ברוסט; זי האָט ניט געפיהלט דאָס הארץ. נאָר אין קאָפּ האָבען זיך שווער געשלאָגען די אָדערן, די האָר האָבען ווי א פייער געדריקט און געברענט דעם קאָפּ, און די ליפּען האָבען געטרוקענט. „וועט ער קומען?.. ער האָט זיך ניט געזעגענט מיט דער מאמען... ער וועט ניט אפנארען... שוין זשע האָט אנדרעי פעטראוויטש געזאגט דעם אמת? עס קען ניט זיין... מיט קיין ווערטער האָט ער ניט צוגעזאגט צו קומען... שוין־זשע האָב איך זיך אויף אייביג צושיידט מיט איהם?..”

אָט וואָס פאר א געדאנקען עס האָבען זי ניט אָפּגעלאָזען, באמת ניט אָפּגעלאָזען! אָט די געדאנקען זיינען ניט אוועק און ניט געקומען אפילו אויף איין רגע, נאָר זיי האָבען זיך אונאויפהעריך געוויגט אין איהר, ווי א נעבעל.

„ער האָט מיך ליעב!” — האָט זיך מיט אמאָל אנגעצונדען א געדאנק אין איהר גאַנצען וועזען, און זי האָט זיך שטארק איינגעקוקט אין דער פינסטערניש; א געהיימניספולער שמייכעל, וועלכען קיינער האָט ניט געזעהן, האָט צועפענט איהרע ליפּען, ווען זי האָט זיך אזוי שטארק־שטארק איינגעקוקט אין דער פינסטערניש... אָבער זי האָט גלייך, ווי אין צווייפעל, געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געדריקט צו דער פאטילניצע די צוזאמענגעלייגטע פינגער פון די הענט, און ווידער, ווי א נעבעל, האָבען זיך געוויגט אין איהר די

פריערדיגע געדאנקען. פארטאג האט זי זיך אויסגעטאן און אריינ־געלייגט אין בעט. נאר איינשלאפען האט זי ניט געקענט. די ערשטע פייערדיגע שטראלען פון דער זון האבען העל באלויכטען דעם צימער...

„א, אויב ער האט מיך ליעב!“ — האט זי אויסגעשריען, און, ניט שעמענדיג זיך פאר דער העלער ליכט, וואס האט זי איננאנצען באגאסען, האט זי צועפענט איהרע ארעמס...

זי איז אויפגעשטאנען, זיך אנגעטאן און איז ארונטערגעגאנ־גען, אבער אין הויז האט זיך נאך קיינער ניט אויפ־געכאפט. זי איז אריין אין גארטען. דארטען איז געווען אזוי שטיל, אזוי גרין און פריש, אזוי פארטרוי'ליך האבען געזונגען די פויגעלאך, אזוי פריידיג האבען אויסגעקוקט די בלומען, אז עס איז אויף איהר אנגעפאלען א מורא־שחורה.

„א, — האט זי געטראכט, — אויב דאס איז נאר אן אמת, איז ניטא קיין איין גרעזעל, וואס זאל זיין גליקליכער פאר מיר. צי איז דאס אבער אמת?

זי האט זיך אומגעקערט אין איהר צימער, און אום ווי ס'ניט איז פארטרייבען די צייט, האט זי גענומען זיך א'בערטאן. ביי איהר איז אלץ געפאלען פון די הענד. זי איז נאך געזעסען ביי איהר טואלעטען טישעל, האלב נאקעט, ווען מען האט זי גערופען טרינ־קען טהע.

זי איז אראפגעגאנגען אין עס־צימער; די מוטער האט בא־מערקט איהר בלאסקייט, אבער זי האט בלויז געזאגט, „ווי אינטע־רעסאנט דו זעהסט עס היינט אויס, און באטראכטענדיג זי מיט'ן בליק, האט זי צוגעגעבען: אט דאס קלייד פאסט דיר זעהר. טו דאס אן אלע מאל, ווען דו ווילסט ווער גען געפעלען“.

יעלענא האט גאר ניט געענטפערט, און האט זיך אוועקגעזעצט אין א ווינקעל.

דערווייל'ע האט דער זייגער געשלאגען ניין. ביז עלף איז נאך געבליבען צוויי שטונדען. יעלענא האט זיך גענומען פאר'ן בוך, דערנאך צום נעהען, שפעטער ווידער צום בוך, דערנאך האט זי זיך געגעבען דאס ווארט הונדערט מאל דורכצוגעהן איינע און די זעלבע אלעע. און זי איז זי דורכגעגאנגען. דערנאך האט

זי לאַנג געקוקט, ווי אננאַ וואסילעוונא האָט פאַרנאַנדערגעלעגט דעם פּאַסיאַנס... זי האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער: עס איז נאָך קיין צעהן ניט געווען. שובין איז אריין אין גאַסט־צימער. זי האָט זיך געמיהט אנהויבען צו רעדען מיט איהם, זי האָט זיך ענטשולדיגט פאר איהם, אליין ניט וויסענדיג אין וואָס... יעדער וואָרט, וואָס זי האָט ארויסגערעדט, איז איהר געווען איבעריג, און האָט איהר ניט נאָר געקאָסט מיה, נאָר פּשוט געווען אונפארשטענדליך. שובין האָט זיך אָנגעבויגען צו איהר. זי האָט ערוואַרטעט אַ וויץ, נאָר ווען זי האָט אויפגעהויבען די אויגען, האָט זי דערזעהן פאר זיך אַ טרויריג און פריינדליך געזיכט... צו אָט דעם פּנים האָט זי אַ שמייכעל געטאָן, שובין האָט איהר געענטפערט מיט אַ שמייכעל, און שווייגענדיג איז ער שטילערהייד ארויסגעגאַנגען. זי האָט איהם געוואָלט פארהאלטען, אבער זי האָט זיך ניט גלייך געכאַפּט, ווי מען רופט איהם. אָם ענדע האָט דער זייגער געשלאָגען עלף. זי האָט גענומען וואַרטען, וואַרטען, — וואַרטען און זיך צוהערען. זי האָט שוין גאר ניט געקענט טאָן, אפילו טראַכטען אויך ניט. דאס הארץ האָט אין איהר אויפגעלעבט און גענומען שלאָגען אלץ העכער און העכער. און מאָדנע! די צייט האָט ווי גענומען לויפען שנעלער. עס איז אוועק נאָך אַ פערטעל שטונדע, נאָך אַ האַלבע שטונדע, עס זיינען פאָריבער נאָך עטליכע מינוט, לויט יעלענאַ'ס מיינונג, און פּלוצלונג האָט זי אויפגעציטערט: דער זייגער האָט געשלאָגען ניט צוועלף, נאָר איינס. „ער וועט ניט קומען, ער וועט אוועקפאהרען אָהן אַ זיי־געזונט...״

אָט דער געדאַנק האָט צוזאַמען מיט'ן גאַנצען בלוט איהר אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אריין. זי האָט דערפיהלט, אז עס סטאַיעט איהר קיין אָטעם ניט, און זי איז זיך גרייט צו צואַוויינען... זי איז אוועק צו זיך אין צימער און איז געפאַלען מיט'ן פּנים אין קישען. אַ האַלבע שעה איז זי אַזוי אָפּגעלעגען באַוועגלאָז, פון צווישען איהרע פינגער האָבען געטריפט טרערען אויפ'ן קישען. פּלוצלונג האָט זי זיך אויפגעהויבען און אַנדיערגעזעצט: אין איהר איז פאָרגעקומען אַ מאָדנער פּראָצעס: איהר געזיכט האָט זיך געענדערט, די פייכטע אויגען האָבען פון זיך אויסגעטרוקענט און גענומען שיינען, די ברעמען האָבען זיך צוזאַמענגערוקט, און די

ליפען האבען זיך צוזאמענגעפרעסט. עס איז פאראיבער נאך א האלבע שטונדע. יעלענא האט צום לעצטען מאל צוגעלייגט דעם אויער: צי וועט זיך צו איהר ניט דערטראגען די באקאנטע שטים? דאן האט זי זיך אויפגעהויבען, זי האט אנגעטאן די הוט, די הענדשקעס; זי האט ארויפגעווארפען אויף זיך די פעלירינא און איז אונבאמערקט ארויס פון הויז. מיט פלינקע טריט איז זי אוועק מיט'ן וועג, וועלכער האט געפיהרט צו בערסענעוו'ס וואוינונג.

18.

יעלענא איז געגאנגען מיט אן אראפגעלאזענעם קאפ, איהר בליק איז געווען באוועגלאז געווענדעט פאראויס. זי האט פאר קיין זאך ניט מורא געהאט, זי האט קיין זאך ניט אויסגערעכענט: זי האט בלויז געוואלט זיך נאך אמאל זעהן מיט אינסאראוו'ען. זי איז געגאנגען ניט באמערקענדיג, אז די זון האט זיך שוין פון לאנג באהאלטען, פארשטעלט פון די שווערע שווארצע וואלקענס; זי האט ניט באמערקט ווי דער ווינט האט אזוי גערוישט אין די בוימער און געריסען איהר קלייד; זי האט ניט באמערקט ווי עס האט זיך פלוצלונג אויפגעהויבען א וואלקען פון שטויב, וועלכער האט זיך אזוי געדיכט געטראגען איבער דער ערד... עס האבען גענומען קאפען גרויסע טראפענס רעגען, אבער אויך זיי האט זי ניט באמערקט; אבער דער רעגען האט גענומען גיסען אלץ אפטער, אלץ שטארקער, עס האט גענומען בליצען און דונערען. יעלענא האט זיך אפגעשטעלט און גענומען זיך ארומקוקען...

צום גליק האט זיך ניט ווייט פון יענעם ארט, וואו עס האט זי באגעגענט דער שטורעם, געפונען אן אלטינקע פארווארפענע שטיבעל, נעבען א חרוב'ן ברונען. זי איז צוגעלאפען אהין און איז אריין אינווייניג. דער רעגען האט זיך א לאז געטאן שטראמען־ווייז; דער גאנצער הימעל איז געווען שווארץ פון וואלקענס. מיט א שטומער פארצווייפלונג האט געקוקט יעלענא אויף די פלינק פאלענדיגע טראפענס. דער לעצטער שטראהל פון האפנונג זיך נאך אמאל צו זעהן מיט אינסאראוו'ען איז ביי איהר פארשוואונדען. אן אלטינקע, ארימע פרוי איז אריין אין שטיבעל. זי האט

זיך אָפּגעטרייסעלט און געזאָגט: „פון רעגען, מאַמעלאָ״, און זיפּצענדיג און קרעכצענדיג האָט זי זיך צוגעזעצט ארום ברונעז. יעלענאָ האָט אראָפּגעלאָזט די האַנט אין קעשענע. די אַלטיטשקע האָט דאָס באַמערקט, און איהר געלער, צעקנייטשטער געזיכט, וועלכער איז אַמאָל שעהן געווען, האָט אויפגעלעבט. „אַ דאַנק דיר, טייערע, גוטע. ״ יעלענאָ האָט אין קעשענע ניט געפונען דאָס בייטעלע, און די אַלטינקע האָט שוין אויסגעצויגען די האַנט.

— קיין געלט האָב איך ניט, באַבעלע, — האָט געזאָגט יעלע־נאָ, — אָבער אָט, נעהם וואס ניט איז, עס וועט דיר צוניץ קומען.

און זי האָט דערלאַנגט דער אַלטער איהר נאָז טיכעל.

— אָה, אָך, שעהנהייט מיינע, צו וואס דאַרף איך דיין נאָז טיכעל? סיידען דאס שענקען מיין אייניקעל צו איהר חתונה. זאָל דיר גאָט העלפען פאַר דיין גוטסקייט!

עס האָט אַ דונער געטאָן.

— גאָטעניו, יעזוס קריסטוס, — האָט ארויסגעמורמעלט די אַלטע, און האָט זיך דריי מאָל איבערגע׳צלמ׳ט. — יאָ, ניט אַנ־דערש ווי איך האָב דיך שוין אַמאָל געזעהן, ניט אַנדערש, ווי דאָס האָסטו מיר דערלאַנגט די נדבה אויף פּסח?

יעלענאָ האָט זיך צוגעקוקט צו דער אַלטער, און האָט זי דער־קענט.

— יאָ, באָבע, און דו האָסט מיך אפילו געפרעגט ווארום איך בין אזוי טרויעריג?

— אַזוי, אזוי, טייבעלע מיינע. דערפאַר האָב איך דיך דאס דערקענט. אויך איצט זעהסטו אוים פול מיט צרות. אָט איז דיין נאָז טיכעל נאַס, זיכער פון טרערען, אָך, איהר יונגינקע מיי־דעלאָך! אלע זיינט איהר אונטערוואַרפען צו איינעם און דעמזעל־בען טרויער, פאַר אייך אַלעמען עקזיסטירט בלויז איין גרויסער קומער!

— וואס פאַר אַ טרויער, באָבע?

— וואָסער? אָך, גוטע פרייליין, דו קענסט מיך ניט נאַרען, שפּאַסען מיט מיר קענסטו אויך ניט; איך ווייס שוין ווענען וואס דו קימערסט זיך. דיינע צרות זיינען ניט פון קיין יתומה. איך בין אויך אַמאָל יונג געווען, נשמה׳ניו, און האָב אליין אויך דורכ־

געמאכט אַט די אַלע צרות. יאַ, יאַ, אָבער, דיר, פאר דיין גוטס־קייט וועל איך אַט וואָס זאגען: דו האָסט געטראָפען א גוטען מענשען, ניט קיין ווינט מענש, איינעם האַלטסטו שוין; שטארקער פון דעם טויט האַלטסטו איהם. אָבער צי עס וועט זיין, אָדער ניט, דאָס איז שוין ווי גאָט וועט געבען; דאָס איז אין זיין האַנט. וואס וואונדערסטו זיך אזוי? איך בין די זעלבע אַלטע טרעפע־רין. ווילסט? וועל איך אוועקטראגען צוזאמען מיט דיין טיכעלע אַלע דיינע צרות! איך וועל אוועקטראגען דיין אומגליק, דיין שרעקליכען קומער, און שוין. זעהסט, דער רעגען איז שוין שי־טערער געווארען; דו ווארט דאָ נאָך צו א ווייל, און איך וועל געהן. ניט דעם ערשטען מאָל ווייקט מיך דער רעגען דורך. גע־דענק זשע, טייבעלע, עס זיינען געווען צרות, זיי זיינען צואשווי־מען געווארען, און עס איז פון זיי אפילו קיין זכר ניט געבליבען. דערבארעם דיך, ליעבער גאָט!

די אָרימע פרוי האָט זיך אויפגעהויבען פון טרעפעל, איז ארויס פון שטיבעל און איז אוועק איהר וועג. יעלענא האָט מיט פאר־וואונדערונג איהר נאָכגעקוקט. „וואָס זאָל דאָס באדייטען?" האָט זי ניט ווילענדיג ארויסגעשעפטשעט.

דער רעגען האָט גענומען געהן אַלץ דריבנער און דריבנער. אויף איין אויגענבליק האָט זיך באוויזען די זון. יעלענא האָט זיך שוין געקליבען פארלאָזען איהר באהאַלטעניש, ווען מיט אמאָל, און א צעהן טריט פון שטיבעל, האָט זי דערזעהן אינסאראוו'ען. פארוויקעלט אין א רעגען מאנטעל איז ער געגאנגען מיט'ן זעלבען וועג, מיט וועלכען זי איז נאָר וואס געקומען; עס האָט אויס־געזעהן אז ער האָט זיך געאיילט אהיים.

יעלענא האָט זיך אָנגעשפארט מיט'ן האנט אין אַלטען ווענ־טעל פון גאניק און האָט איהם געוואלט א רוף טאָן, אבער די שטים האָט איהר ניט געדינט.

אינסאראוו איז שוין פארבייגעגאנגען ניט אויפהויבענדיג דעם קאָפּ.

— דמיטרי ניקאנאראוויטש! — האָט זי אָם ענדע ארויס־גערעדט.! פלוצלונג האָט זיך אינסאראוו אפגעשטעלט און האָט

זיך אומגעקוקט . . . אין דער ערשטער מינוט האָט ער זי ניט דער־קענט, דערנאָך איז ער גלייך צוגעגאנגען צו איהר.

— איהר! איהר זיינט דאָ! — האָט ער אויסגעשריען.

זי איז שווייגענדיג אריין צוריק אין שטיבעל. אינסאראוו האָט איהר נאָכגעפאלגט.

— איהר זיינט דאָ? — האָט ער ווידערהאָלט.

זי האָט אַלץ געשוויגען און בלויז געקוקט אויף איהם מיט א לאנגען און ווייכען בליק. ער האָט אראפּגעלאָזט די אויגען.

— איהר געהט פון אונז? — האָט זי איהם געפרעגט.

— ניין... ניט פון אייך.

— ניין? — האָט איבערגע'חזר'ט יעלענא, און זיך באמיהט א שמייכעל צו טאָן. — אָט, ווי אזוי איהר האלט אייערע פאר־שפּרעכענס. איך האָב פון אין דער פריה געוואַרט אויף אייך.

— דערמאָנט זיך נאָר, יעלענא ניקאָלאיעוונא, איך האָב אייך נעכטען גאר ניט פארשפּראָכען.

יעלענא האָט ווידער קוים א שמייכעל געטאָן, און האָט דורכ־געפיהרט מיט דער האנט איבערן געזיכט. אי דאָס געזיכט, אי די האנט זיינען געווען זעהר בלאָס.

— הייסט עס, אז איהר האָט געוואָלט אוועקפאהרען זיך ניט געזעגענדיג מיט אונז?

— יא, — האָט טויב און הארט געענטפערט אינסאראוו.

— ווי? נאָך אונזער באקאנטשאפט, נאָך אָט די געשפּרע־כען, נאָך אלעמען... הייסט עס, אז ווען איך זאָל אייך דאָ ניט געווען צופעליג באגעגענען (יעלענא'ס שטים האָט זיך צוקלונגען און זי איז אויף א ווײַלע אנטשוויגען געוואָרען) וואָלט איהר אזוי געווען אוועקגעפאהרען און וואָלט אפילו צום לעצטען מאָל ניט געדריקט מיין האנט! און ס'וואָלט אייך ניט באנג געטאָן?

אינסאראוו האָט זיך אָפּגעקעהרט.

— יעלענא ניקאָלאיעוונא, איך בעט אייך, רעדט ניט אזוי, מיר איז אזוי אויך ניט פרעהליך. גלויבט מיר, אז מיין באשלוס האָט מיך זעהר פיעל געקאָסט. ווען איהר זאָלט וויסען...

— איך וויל ניט וויסען! — האָט מיט שרעק איבערגעשלאָ־גען יעלענא, — נאָך וואָס פאהרט איהר? מסתמא דארפען מיר

זיך צושיידען. אָהן אַן אורזאכע וואָלט איהר זיכער ניט וועלען צו דערצאָרענען אייערע פריינד. נאָר שוין זשע שיידען זיך אַזוי פריינד?ווירקליך, איך מיט אייך זיינען דאָך פריינד, ניט אמת, אפשר?

— ניין. — האָט געזאגט אינסאראוו.

— ווי הייסט?... — האָט ארויסגערעדט יעלענא און איהרע באַקען האָבען זיך לייכט פאררויטעלט.

— טאַקע צוליעב דעם פאָהר איך אוועק, ווייל מיר זיינען ניט קיין פריינד. צווינגט מיך ניט, צו זאגען דאס, וואס איך וויל ניט זאגען, וואס איך וועל ניט זאגען.

— איהר פלעגט זיין מיט מיר אפענהערציג — האָט מיט א לייכטען פארוואורף באמערקט יעלענא. — איהר געדענקט?

— דאן האָב איך געקענט זיין אפענהערציג, דאן האָב איך ניט געהאט וואס צו פארבאהאלטען, אבער איצט...

— און איצט? — האָט געפרעגט יעלענא.

— און איצט דארף איך אוועקגעהן. זייט געזונט.

ווען אינסאראָוו וואָלט אין דעם אויגענבליק אויפגע־הויבען די אויגען, וואלט ער געזעהן, אז וואס מעהר זיין געזיכט איז כמורנע און טונקעל געווארען, אלץ העלער, אלץ ליכטיגער איז געווארען יעלענא'ס פנים; אבער ער האָט איינגעשפארט גע־קוקט אויף דער ערד.

— נו, זייט געזונט, דמיטרי ניקאנאראוויטש, — האָט זי אנ־געהויבען. — נאָר, אז מיר האָבען זיך שוין יא באגעגענט, גיט מיר כאָטש איצט אייער האנט.

אינסאראוו האָט געוואלט אויסציהען די האנט.

— ניין, איך קען דאָס אויך ניט, — האָט ער געזאָגט און האָט זיך ווידער אפגעקערהט.

— איהר קענט ניט?

— איך קען ניט. זייט געזונט. — און ער האָט זיך געלאזען צום ארויסגאנג פון שטיבעל.

— ווארט נאָך איין ווייל, — האָט געזאגט יעלענא, — איהר האָט ווי מורא פאר מיר. נו, בין איך בראוועל פון אייך, — האָט זי מיטאמאָל צוגעגעבען, מיט אַ פלוצלונגען לייכטען ציטער אין

גאנצען קערפּער. — איך קען אייך זאגען . . . איהר ווילט ? . . . ווארום איהר האָט מיך געטראָפען דאָ. — ווייסט איהר, וואוהין איך בין געגאנגען ?

אינסאראוו האָט מיט פאַרוואונדערונג אַ קוק געטאָן אויף יע־לענא׳ן.

— איך בין געגאנגען צו אייך.

— צו מיר ?

יעלענא האָט פאַרדעקט דעם פּנים.

— איהר האָט מיך געוואָלט צווינגען צו זאָגען אייך אז איך האָב אייך ליעב, — האָט זי אַרויסגעמורמעלט — אָט . . . האָב איך שוין געזאָגט.

— יעלענא ! — האָט אויסגעשריען אינסאראוו.

זי האָט צוגענומען די הענט, און האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם, און גלייך איז זי איהם אַרויפגעפאַלען אויפ׳ן הארצען.

ער האָט זי שטאַרק אַרומגענומען און האָט געשוויגען.

ער האָט ניט באַדאַרפט זאָגען, אז ער האָט זי ליעב. פון דעם איינעם אויסגעשריי זיינעם, פון דעם ווי אין איין אויגענבליק האָט זיך דער גאנצער מענש פאַרענדערט, דערפון ווי עס האָט זיך גע־הויבען זיין ברוסט, צו וועלכער זי איז מיט אזוי פיעל צוטרויען צוגעפאַלען, לויט דעם אַרט און וויזע, ווי עס האָבען זיך צוגעריהרט צו איהרע האָר די שפּיץ פינגער זיינע, האָט שוין יעלענא געקענט פאַרשטעהן, אז זי איז געליעבט.

ער האָט געשוויגען, און זי האָט זיך ניט גענויטיגט אין זיינע ווערטער.

„ער איז דאָ, ער ליעבט... וואס נאָך דאַרף מען ?"

די שטילקייט פון גן־עדן, יענע הימלישע שטילקייט, וועלכע גיט צו אפילו דעם טויט אַ זין, מאַכט איהם שעהן, האָט זי אינ־גאנצען אנגעפילט מיט זיין געטליכער כוואַליע. זי האָט קיין זאַך ניט פאַרלאַנגט, ווייל זי האָט איצט פאַרמאָגט אַלץ. „אָ, מיין ברו־דער, מיין פריינד, מיין ליבער !.." — האָבען געשעפּטשעט איהרע ליפּען. זי האָט אַליין ניט געוואוסט, וועמעס הארץ, — איהר׳ס אָדער זיינס, קלאַפּט אזוי זיס און צוגעהט אין איהר ברוסט.

ער איז געשטאַנען באוועגלאָז און האָט אַרומגערינגעלט מיט

זיינע שטאַרקע ארעמס אַט דעם יונגען לעבען, וואס האָט זיך איהם איינגאנצען אוועקגעגעבען. ער האָט געשפּירט אויף זיין ברוסט אַט די נייע אונענדליך טייערע לאסט; און א געפיהל פון פאַר־געטערונג, א געפיהל פון אונגעהויערער דאנקבארקייט האָט איין שטיקער צושלאגען זיין שטארקע נשמה, און טרערען, וועלכע ער האָט נאָך קיינמאָל ניט דורכגעלעבט, האָבען זיך באוויזען אין זיינע אויגען...

זי האָט ניט געוויינט; זי האָט בלויז געחזר'ט: „אָ, פריינד מיינער, אָ, מיין ברודער!"

— טייערע, וועסט געהן נאָך מיר איבעראל? — האָט ער געזאָגט צו איהר מיט א פערטעל שטונדע שפּעטער, און ווי פריהער, ארומנעמענדיג און אונטערהאלטענדיג זי מיט זיינע אָרעמס.

— איבעראל, אפילו אויף עק וועלט. וואו דו וועסט זיין, דארטען וועל איך אויך זיין.

— און דו נארסט זיך ניט, ווייסטו אז דיינע עלטערן וועלען קיינמאָל ניט צושטימען צו אונזער חתונה?

— איך נאַר זיך ניט; איך ווייס דאָס.

— ווייסטו אז איך בין ארעם, כמעט אַן אָרימאַן?

— איך ווייס.

— ווייסטו אויך, אז איך בין ניט קיין רוס, און אז מיר איז ניט באשערט צו וואוינען אין רוסלאנד, און דיר וועט אויסקומען צוצורייסען אלע דיינע פארבינדונגען מיט דיין היים־לאנד, מיט דיינע אייגענע?

— איך ווייס, איך ווייס.

— דו ווייסט אויך, דאס איך האָב געווידמעט מיין לעבען א שווערער, אונדאנקבארער ארבייט, און אז מיר . . . אז אונז וועט אויסקומען צו ליידען ניט נאַר בלויז געפאהרען, נאַר אויך נויט און אפשר ערנידערונג?

— איך ווייס, אלעס ווייס איך.. אבער איך האָב דיך ליעב.

— ווייסטו, אז דו וועסט זיך מוזען אפּזאגען פון אלע דיינע געוואוינהייטען, אז דארטען איינע אליין, צווישען פרעמדע, וועס־טו אפשר אויך מוזען ארבייטען...

זי האָט איהם ארויפגעלייגט די האנט אויף די ליפּען.

— איך האָב דיך ליעב, ליעבער.

ער האָט הייס געקושט איהר שמאָלע, ראָזעווע האנט. יעלע־נא האָט ניט צוגענומען די האנט פון זיינע ליפּען, נאָר מיט א מין קינדערשער פרייד, מיט א לייכטענדיגער נייגעריגקייט האָט זי געקוקט ווי ער האָט באַדעקט מיט קושען אָט די האנט, און אָט די פינגער...

פּלוצלונג איז זי רויט געווארען און האָט באהאלטען איהר געזיכט אוי זיין ברוסט.

ער האָט צערטליך אויפגעהויבען איהר קאָפּ און דורכדרינ־גענד איהר אריינגעקוקט אין די אויגען.

— טאָ זיי זשע געבענשט און געגריסט מיין פרוי, פאר גאט און פאר לייט!

19

אין א שטונדע ארום איז יעלענא שטיל אריינגעקומען אין גאסט צימער פון זייער זומער וואוינונג, מיט דער הוט אין איין האנט און דער פּעלערינא אין דער צווייטער. איהרע האָר זיינען געווען עטוואס צוזאמען, און אין יעדער באק האָט געשפּיעלט א ראָזעווע פּלעקעלע. דער שמייכעל האָט ניט געוואלט אראפּ פון איהרע ליפּען. די אויגען האָבען זיך כמעט געשלאָסען, און האלב פארמאכטע האָבען זיי אויך געשמייכעלט. זי האָט זיך קוים געקענט ריהרען פון מידקייט, אבער איהר איז אנגענעם געווען אָט די מידקייט. איהר איז אלעס אנגענעם געווען. ליעב און גוט האָט אלעס אויסגעזעהן אין איהרע אויגען. אוואוואר איוואנאָ־וויטש איז געזעסען ביים פענסטער; זי איז צוגעגאנגען צו איהם, האָט איהם ארויפגעלעגט די האנט אויף'ן פּלייצע, האָט זיך אבי־סעל א ציה געגעבען, און האָט עפּעס אזוי ניט ווילענדיג זיך צו־לאכט.

— וואס איז? — האָט ער פארוואונדערט געפרעגט.

זי האָט ניט געוואוסט וואס צו זאגען. איהר האָט זיך פאר־גלוסט א קוש טאָן אוואוואר איוואנאוויטש'ען.

— גלאַט אַזוי זיך — האָט זי אַם ענדע אַרויסגערעדט.

אַבער אָוואָר איוואַנאָוויטש האָט אַפילו קיין פינטעל ניט געטאָן מיט קיין אויג און האָט מיט פאַרוואונדערונג פאַרטגעזעצט צו קוקען אויף איהר. זי האָט אויף איהם אַראָפגעלאָזען די הוט און פעלירינאַ.

— ליעבער אָוואָר איוואַנאָוויטש, — האָט זי געזאָגט, — איך וויל שלאָפען, איך בין מיד, — זי האָט זיך ווידער צולאַכט און איז אַריינגעפאַלען אין פאָטער־שטול, וואָס איז געשטאַנען אַרום איהם.

—מ־מע, — האָט אַרויסגעברומט אָוואָר איוואַנאָוויטש און האָט זיך גענומען שפּילען מיט די פינגער — דאָס וואָלט מען באַ־דאַרפט, יאָ...

און יעלענאַ האָט געקוקט אַרום און אַרום זיך און האָט גע־טראַכט: „מיט דעם אַלעמען מוז איך זיך גאָר אין גיכען צושיי־דען . . . און מאָדנע: איך פיהל ניט, ניט קיין שרעק, ניט קיין צווייפעל, און עס טוט מיר אַפילו ניט באַנג... ניין די מאַמע איז אַ שאָד!“

נאָר אָט איז ווידער אויסגעוואַקסען פאַר איהר דאָס שטיבעל, ווידער האָט דורכגעקלונגען אין איהרע אויערען זיין שטים, זי האָט דערפיהלט אַרום זיך זיינע הענט. איהר האַרץ האָט זיך פריידיג אַבער שוואַך אַ ריהר געטאָן: די שטילקייט פון גליק איז געלעגען אין איהם, זי האָט זיך דערמאָנט אָן דער אַלטינקער אָרימער. „זי האָט ווירקליך מיין פיין אוועקגעטראָגען,“ האָט זי געטראַכט. „אָה, ווי איך בין גליקליך! ווי ניט פאַרדינט גליקליך! און ווי גיך!“ זי האָט זיך באַדאַרפט בלויז איין קליין ביסעלע אָפּלאָזען, און פון איהרע אויגען וואָלטען זיך אַ גאָס געטאָן אונענדליכע זיסע טרע־רען. זי האָט איינגעהאַלטען אָט די טרערען בלויז דערמיט, וואָס זי האָט אונטערגעלאַכט. וואָס פאַר אַ פּאָזע זי האָט ניט אָנגענו־מען, האָט זיך איהר אַלץ געדוכט אַז עס איז אַזוי גוט, אַז בעסער דאַרף מען גאָר ניט: פּונקט ווי מען וואָלט זי איינגעוויגט. אַלע איהרע באַוועגונגען זיינען געווען אַזוינע לאַנגזאַמע און ווייכע; וואו איז אַהינגעקומען איהר איילעניש און אונגעשיקטקייט?

עס איז אריינגעקומען זאיא: און יעלענא האָט באַשלאָסען, אז זי האָט נאָך קיין מאָל ניט באַגעגענט קיין ליעבערען און שעה־נערען געזיכט; עס איז אריינגעקומען אננא וואסילעווונא; עפּעס האָט אַ שטאָך געטאָן יעלענא'ן, אבער מיט וואס פאר אַ צערטליכ־קייט האָט זי ארומגענומען איהר גוטע מוטער און האָט זי אַ קוש געטאָן אין שטערען ארום די האָר, וועלכע זיינען שוין עטוואס גרוי געווארען. דערנאָך איז זי אוועק צו זיך אין צימער. דארטען האָט איהר אלץ געשמייכעלט! מיט אַ געפיהל פון שעמעוודיגען טריי־אומף האָט זי זיך אראפּגעלאזען אויף איהר בעטעל, אויף דעם זעל־בען בעטעל, וואו זי האָט מיט דריי שטונדען צוריק פארבראכט אזוי־נע שמערצליך ביטערע מינוטען! „איך האָב דאָך שוין דאַן גע־וואוסט, אז ער האָט מיך ליעב, — האָט זי אַ טראכט געטאָן — און אויך פריהער... אי, ניין! ניין! דאָס איז אַן עבירה... דו ביזט זיין ווייב" — האָט זי ארויסגעמורמעלט, און פארדעקענדיג זיך מיט די הענט, האָט זי זיך אַ ווארף געטאָן אויף די קני.

צו אוועקנט צו האָט זי זיך פארטראכט און פארטרויערט. אַן אומעט האָט זי ארומגענומען ביי דעם געדאנק, אז ניט אזוי גיך וועט זי זיך זעהן מיט אינסאראוו'ען. ער האָט ניט געקענט פאר־בלייבען ביי בערסענעוו'ען, ניט ארויסרופענדיג קיין פארדאכט, דערפאר האָבען זיי ביידע באשלאָסען: אז אינסאראוו וועט זיך אומקערען קיין מאָסקווע, און ביז הערבסט וועט ער קומען צו זיי אַ פּאָר מאָל צו גאסט; זי, פון איהר זייט, האָט איהם צוגעזאגט צו שרייבען בריעף און אויב עס וועט נאָר מעגליך זיין, זיך אַ פּאר מאָל זעהן מיט איהם ערגעץ ניט ווייט פון קונצאווא. צו טעע איז זי ארונטערגעגאנגען אין גאסט צימער, וואו זי האָט געטראָפען אלע היימישע און שובינ'ען, וועלכער האָט אויף איהר אזא מאָדנעם קוק געטאָן, ווי נאָר זי האָט זיך באַוויזען אין טיר. זי האָט געוואָלט אזוי פריינדליך ווי אמאָל אָנהויבען רעדען מיט איהם, אָבער זי האָט מורא געהאט פאר זיין שארף אויג, פאר זיך אליין. זי האָט זיך געשראָקען פאר זיך אליין. איהר האָט זיך געדוכט, אז ניט אומ־זיסט האָט ער זי צורות געלאָזען מעהר ווי צוויי וואכען.

באַלד איז אויך געקומען בערסענעוו, ער האָט איבערגעגעג־בען אננא וואסילעוונא אַ גרוס פון אינסאראוו'ען, צוזאמען מיט

זיינע ענטשולדיגונגען פאר וואס ער האט זיך אומגעקערט קיין מאס־קווע און זיך ניט געזעגענט מיט איהר. צום ערשטען מאל, פאר'ן גאנצען טאג, האט מען פאר יעלענא'ן אנגערופען אינסאראוו'ס נאמען; זי האט דערפיהלט, אז זי איז רויט געווארען. צו דער זעלבער צייט האט זי פארשטאנען, אז זי וואלט באדארפט אויס־דריקען איהר באדוירען, וואס אזא גוטער באקאנטער איז אזוי פלוצלונג אוועקגעפאהרען; אבער זי האט זיך ניט געקענט צווינ־גען צו ליגען, און איז אזוי געבליבען זיצען שטיל און באוועג־לאז, ווען אננא וואסילעוונא האט אזוי באדויערט זיין אפפאהר. יעלענא האט זיך געהאלטען די גאנצע צייט ארום בערסענעוו'ען; פאר איהם האט זי קיין מורא ניט געהאט, כאטש ער האט גע־וואוסט א טייל פון איהר סוד, האט זי זיך דאך באהאלטען אונטער זיין פליגעל, פון שובינ'ען, וועלכער האט פארטגעזעצט צו קוקען אויף איהר אזוי אויפמערקזאם און שפאטיש.

אין לויף פון גאנצען אווענט האט בערסענעוו אויך ניט געקענט פארשטעהן וואס עס קומט דא פאר. ער האט ערווארטעט צו זעהן יעלענא'ן מעהר פארזארגט און טרויעריג. צו איהר גליק האט זיך צווישען שובינ'ען און בערסענעוו'ען פארוויקעלט א דיסקור־סיע וועגען קונסט און יעלענא האט זיך אפגערוקט אן א זייט און כמעט ווי דורך א חלום האט זי געהערט זייערע שטימען. ביסלאכווייז איז ניט נאר זיי, נאר אלץ וואס עס האט זי ארומ־גערינגעלט, פארוואנדעלט געווארען פאר איהר אין א חלום. אלעס: אי דער סאמאוואר אויפ'ן טיש, אי אוואוואר איוואנאוויטש'עס קורצינקער זשילעט, אי זאיא'ס גלאטינקע נעגעל, אי דער פאר־טרעט פונ'ם גרויספירסט קאנסטאנטין פאוולאוויטש אויפ'ן וואנט: אלץ איז אוועקגעגאנגען און האט זיך פארדעקט מיט א הייטעל פון רויך, אלץ האט אויפגעהערט עקזיסטירען. איהר האט בלויז אלעס באנג געטאן. „צוליעב וואס לעבען זיי." האט זי געטראכט.

— דו ווילסט שלאפען, לענאטשקא? — האט זי געפרעגט די מוטער. יעלענא האט ניט געהערט דער מוטער'ס פראגע.

— דאס איז א האלב גערעכטע אנדייטונג, זאגסטו?...

אט די ווערטער, וועלכע שובין האט מיט שארפקייט ארויס־געזאגט, האבען מיט אמאל אויפגעוועקט יעלענע'ס אויפמערק־

זאמקייט. — איך בעט דיך, אין דעם, — האָט ער פאָרטגעזעצט, — געפינט זיך טאַקע דער געשמאַק אליין.

— א גערעכטע אָנדייטונג רופט ארוים טרויער.

— דאָס איז ניט מענשליך, זאָגסטו, צו ניט קיין גערעכטער אָנדייטונג איז יעדער מענש גלייכגילטיג, — ווייל דאָס איז נאָריש. פון א האלב גערעכטער אָנדייטונג פיהלט מען פארדרוס און אומגעדולדיגקייט. צום ביישפיעל, אז איך זאָל זאָגען, אז יעלענא ניקאָלאַיעווונא איז פארליעבט אין איינעם פון אונז, וואָס פאר א מין אָנדייטונג וועט עס זיין, א?

— אַך, הער פּאָול, — האָט ארויסגערעדט יעלענא, איך וואָלט אייך געוואָלט ווייזען מיין פארדרוס, אָבער איך קאָן באמת ניט. איך בין זעהר מיעד.

— וואָרום זשע געהסטו ניט שלאָפען? — האָט באמערקט אַנאַ וואסילעוונא, וועלכע האָט אין אווענט אליין אלעמאָל געדרעמילט, און דערפאר האָט זי זעהר גערן געשיקט אנדערע שלאָפען.

— זעגען זיך מיט די געסט און געה געזונט, אנדרעי פעטראָוויטש וועט דיר ענטשולדיגען.

יעלענא האָט א קוש געטאָן די מוטער, האָט זיך פאר אלעמען פארנייגט און איז אוועק. שובין האָט זי באגלייט ביז'ן טיר.

— יעלענא ניקאָלאַיעווונא, — האָט ער איהר ארייגעמורמעלט אויפ'ן שוועל — איהר טרעט דעם מוסיע פּאָול מיט די פיס; אומברחמנות'דיג טרעט איהר איבער איהם, און מוסיע פּאָול בענשט אייך, ער בענשט אייערע פיסלאַך און די שיך אויף אייערע פיס און אפילו די זוילען פון אייערע שיך בענשט ער אויך.

יעלענא האָט געדריקט מיט די פּלייצעס און ניט ווילענדיג איהם דערלאנגט די האנט, ניט יענע, וואָס אנסאראָוו האָט געקושט. זיך אומקערענדיג צו זיך אין צימער האָט זיך יעלענא גלייך אויסגעטאָן, זיך ארייגעלייגט אין בעט און איז איינגעשלאָפען. זי איז געשלאָפען מיט א טיפען רוהיגען שלאָף... אזוי שלאָפען אפילו ניט קיין קינדער. אזוי שלאָפט בלויז א קינד וועלכער איז נאָר

וואס אויפגעשטאנען פון א שווערער קראנקהייט, ווען די מוטער זיצט נעבען זיין וויגעלע און קוקט אויף איהם און הערט זיך צו צו זיין אטעמען.

## 20

— קום אריין צו מיר אויף א וויילע, — האט געזאגט צו בערסענעוו'ען שובין, ווי נאר יענער האט זיך געזעגענט מיט אננא וואסילעוונא: — איך האב דיר עפעס צו ווייזען.

בערסענעוו איז אוועק צו איהם אין שטיבעל. ער איז איי־בערראשט געווארען פון דער גרויסער צאהל שטודיעס, סטאטועט־קעס און ביוסטען, וואס זיינען געווען פארוויקעלט אין נאסע שמאט־קעס און צושטעלט אין אלע ווינקעלאך פון צימער.

— דו, ווי איך זעה, ארבייטסטו ערנסט, שוין גאר ניט פאר קיין שפאס, — האט ער באמערקט שובינ'ען.

עפעס דארף מען דאך טאן, האט ער געענטפערט. אויב איין זאך געהט ניט, מוז מען אויספרואווען א צווייטע. איבריי־גענס, איך, ווי א קארסיקאנער, פארנעהם זיך מעהר מיט ווענ־דעטען, ווי מיט ריינער קונסט.

— איך פארשטעה דיך ניט, — האט געזאגט בערסענעוו.

— אט, ווארט א ווייל, גיב נאר א קוק, מיין ליבער פריינד, און באשיצער, אויף מיין נקמה, נומער איינס.

שובין האט צואוויקעלט א געשטאלט, און בערסענעוו האט דערזעהן, עהנליך ווי צוויי טראפענס וואסער, אן אויסגעצייכענ־טען ביוסט פון אינסאראוו'ען. שובין האט ריכטיג געכאפט ביז דער קלענסטער דעטאל די שטריכען פון זיין געזיכט און האט זיי צו־געגעבען א פראכטפולען אויסדרוק: איידעלקייט, עהרליכקייט און געוואגטקייט.

בערסענעוו איז באגייסטערט געווארען.

— אה, דאס איז וואונדערשעהן! — האט ער אויסגעשריען — איך גראטוליר דיך, — כאטש צו דער אויסשטעלונג! אבער וואר־דום רופסטו אט דאס פראכטפולע ווערק „נקמה"?

— ווייל איך דענק, אט דאס פראכטפולע ווערק, ווי דו זאגסט,

אונטערצוטראגען יעלענא ניקאליעוונא אלס מתנה צו איהר געבורטסטאָג. פאַרשטעהסט איהר, אָט די אַלעגאָריע? מיר זיינען ניט קיין בלינדע און זעהען וואָס עס טוט זיך ארום אונז. נאָר מיר זיינען זשענטעלייט, גנעדיגער הערר, און נעהמען נקמה אלס אזעלכע.

— און אָט, — האָט צוגעגעבען שובין, צואוויקלענדיג א צוויי־טע סטאַטועטקע, — אזוי ווי א קינסטלער, לויט דער נייסטער עס־טעטיק קען זיך באנוצען מיט דעם רעכט אריינצוזאפּען איז זיך אלערליי מיאוס׳קייטען און זיי ארויסגעבען אלס א פּערל פון שאַ־פונג, האָבען מיר אין אָט דער שאפונג פון פּערל נומער צוויי, נקמה גענומען שוין גאר ניט אלס זשענטעלמאַן, נאָר פּשוט ווי en canallie. ער האָט געשיקט אראפּגעריסען דעם לייוועגט און פאַר בערסאנעוו׳ס אויגען איז געשטאַנען א סטאַטועטקע, אין דאנטאנ׳ס סטיל, פון דעם זעלבען אינסאַראָוו׳ען. עס איז געווען אומעג־ליך צוצוטראכטען עטוואָס בייזערס און שאַרפזיניגערס. דער יונ־גער בולגאַר איז געווען פאַרגעשטעלט אלס א שעפּס, וועלכער האָט זיך אויפגעהויבען אויף די הינטערשטע פּיסלאך און האָט איינ־געבויגען די הערנער פאַר א קלאַפּ. א טעמפּע גרויסאַרטיגקייט, פאַרשייטקייט, עקשנות, אונגעשיקטקייט און באגרעניצטקייט האָ־בען זיך אפּגעשטעמפּעלט אויף דער פיזיאָנאָמיע פון דעם „מאן מיט די האָרענדיגע שעפּסען". צו דערזעלבער צייט איז די עהנליכקייט געווען אזוי גרויס און אויסער צווייפעל, אז בערסענעוו האָט ניט געקענט זיך ניט צולאכען!

— נו, וואָס? וויציג? — האָט געפרעגט שובין. — האָסט דערקענט דעם „העלד"? ווערסט מיך אפשר אויך דאָס ראַטען צו שיקען צו דער אויסשטעלונג?

— דאָס, ברודער לעבען, וועל איך זיך אליין צו מיין געבורטס־טאָג שענקען א מתנה... אייער עקסעלענץ, זייט אַזוי גוט און וואַרפט ארויס א קניעלע!

און שובין האָט דריי מאָל אונטערגעשפּרונגען, דערלאַנגענדיג זיך מיט די פּאַדעשוועס פון הינטען.

בערסענעוו האָט אויפגעהויבען פון דיל די לייוועגט און פאַרהאַנגען די סטאַטועטקע.

— אך, דו גרויסמוטיגער, — האָט אָנגעהויבען שובין, — ווער איז דאָס פארדעכענט אין דער געשיכטע פאר א גרויסמוטיגען? עס, אליץ איינס! נו, און איצט — האָט ער פאָרטגעזעצט, ערהאָבען און טרויעריג פאנאנדערוויקלענדיג די דריטע, א גאנץ היבשע מאָסע ליים, — וועסטו דערזעהן וואָס וועט דיר דערווייזען די עניוות'דיגקייט און וויטזעהענדיגקייט פון דיין פריינד. דו וועסט זיך איבערצייגען אין דעם ,אז ער, איך זאָג דאָס טאָקע נאָך אמאָל, ווי אַן אמת'ער קינסטלער, פיהלט די באדערפניש און נוץ דערפון, וואָס ער וועט זיך אליין אָנרייסען פאר די אויערען. קוק דאָס נאָר אָן.

דער לייוועגט האָט זיך אויפגעהויבען און בערסענעוו האָט דערזעהן צוויי נאָהענט־צוזאמענגעשטעלטע, אזוי ווי צוזאמענגעוואקסענע קעפּ... ער האָט ניט גלייך פארשטאַנען אין וואָס עס האַנדעלט זיך דאָ. נאָר ווען ער האָט זיך גוט צוגעקוקט, האָט ער אין איינער פון זיי דערקענט אַנושקען און אין דער צווייטער שובינ'ען אליין. איבריגענס, דאָס זיינען געווען גיכער קאַריקאַטורען, ווי פּאָרטרעטען. אַנושקאַ איז געווען פאָרגעשטעלט אלס א שעהנע דיקע מויד, מיט א נידעריגען שטערען און פארגאָסענעם נאָז. איהרע גרויסע ליפּען האָבען ציניש געשמייכעלט, און דאָס גאַנצע געזיכט האָט אויסגעדריקט ליידענשאַפט, זאָרגלאָזיגקייט און ברייטקייט, ווי דורכגעוועבט מיט א הייטעל פון גוטמוטיגקייט. זיך האָט שובין אויסגעמאָלען: אלס אַן אויסגעדאַרטען שיכור זשואיר, מיט איינגעפאלענע באַקען און מאַכטלאָז אראָפּהענגענדיגע צעפלאָך שיטערע האָר, מיט א זינלאָזען אויסדרוק אין די אויסגעלאָשענע אויגען און מיט א פארשפּיצטען , ווי ביי א טויטען, נאָז.

בערסענעוו האָט זיך מיט עקעל אָפּגעקערעוועט.

— וואָס זאָגסטו אויפ'ן צווילינג, ברודער לעבען? — האָט געפרעגט שובין, — וועסט אפשר אזוי גוט זיין, צוטראַכטען אַן אָנשטענדיגע אונטערשריפט צום צווילינג? צו די ערשטע צוויי זאַכען האָב איך שוין צוגעטראַכט אונטערשריפטען. אונטער'ן ביוסט וועט שטעהן: „א העלד וואָס פארגינט זיך מיט'ן צוועק צו

ראטעווען זיין היימלאנד". אונטער דער סטאטועטקעלע: „היט זיך וואורשטענמאכער!"

— און אונטער דער זאכעלע — ווי דענקסטו? — „דעם קינסטלער'ס פאוועל יאקאלעוו שובינ'ס צוקונפט"... גוט?

— הער אויף — האט אפגעענטפערט בערסענעוו. — עס האט זיך טאקע געלוינט פארלירען צייט אויף אזא... — ער האט ניט גלייך געפונען דאס פאסענדע ווארט.

— מיאוסקייט? — ווילסטו זאגען. ניין, ברודער, ענטשול־דיג, אויב עפעס דארף שוין יא געהן צו דער אויסשטעלונג, איז דאס טאקע בלויז אט די גרופע.

— טאקע מיאוסקייט, — האט ווידערהאלט בערסענעוו. — יע, צו וואס טויגען אט די נארישקייטען? דו פארמאגסט אפילו אין זיך ניט די סמנים פון יענע אייגענשאפטען, וואס קענען מא־בען מעגליך אן עהנליכע ענטוויקלונג, און מיט וועלכע, צו מיין גרויסען באדויערען, עס זיינען אזוי רייך באשאנקען אלע אונזערע קינסטלער.

— דו האסט פשוט אויסגעטראכט אויף זיך, און שוין.

— דענקסט אזוי? — האט בייז געפרעגט שובין. — נו, אויב אין מיר זיינען נאך ניטא אט די אייגענשאפטען, און אויב זיי וועלען זיך צו מיר שפעטער ניט צוקלעפען, וועט אין דעם שולדיג זיין איין פערזאן. דו ווייסט, — האט ער צוגעגעבען, טראגיש אנכמורענדיג די ברעמען, — איך האב שוין געפרופט צו טרינקען.

— זאגסט א ליגען?!

— געפרואווט, אויף מיין ווארט, — האט געענטפערט שובין. ער האט זיך פלוצלונג דורכגעלייטערט און א שמייכעל געטאן, — אבער עס איז ניט געשמאק, עס קריכט ניט אין האלז. נאך אביסעל משקה ווערט די קאפ ווי א באראבאן. דער גרויסער לאטשוכין אליין, כארלאמפי לאטשוכין, דער ערשטער בארימטער שיכור אין מאסקווע און אין פיעלע אנדערע רוסישע שטעדט, האט מיר גע־זאגט אז פון מיר וועט קיין גוטס ניט ארויסקומען, ווייל מיר, לויט זיינע ווערטער, זאגט דאס פלעשעל גארניט.

בערסענעוו האט געוואלט אראפלאזען זיין האנט אויף דער גרופע, נאר שובין האט איהם אפגעשטעלט.

— שלאָג ניט, ברודער, מען דאַרף ניט; אלס א לעקציע, אלס א „פוגאַלאָ" טויג עס.

בערסענעוו האָט זיך צולאַכט.

— אויב אַזוי, וועל איך זיך מרחם זיין איבער דיין פוגאַלאָ — האָט ער געזאָגט, — און זאָל לעבען די אייביגע, די ריינע קונסט!

— יע, זאָל לעבען! — האָט אונטערגעכאַפּט שובין.

— מיט איהר איז דאָס גוטע בעסער, און דאָס ערגערע איז אויך ניט קיין אומגליק!

די חברים האָבען שטאַרק געדריקט די הענט איינע די אַנדערע און זיינען זיך צוגאַנגען.

## 21

דאָס ערשטע, וואָס יעלענא האָט דערשפּירט, ווען זי האָט זיך אויפגעכאַפּט אין דער פריה, איז געווען א מין פריידיגער דערשרעק: „שוין־זשע? שוין־זשע?" האָט זי ביי זיך געפרעגט, און איהר האַרץ איז פאַרשטאַרבען פון גליק. עס האָבען זיך א שאָט געטאָן אויף איהר עראינערונגען... זי איז פאַרטרונקען געוואָרען אין זיי. דערנאָך איז זי ווידער אַריינגעפאַלען אין יענער געטליכער ענטציקענדער שטילקייט. אָבער אין לויף פון פריהמאָרגען איז יעלענא אונרוהיגער געוואָרען, און אין די פאָלגענדע טעג איז איהר געוואָרען אַזוי שווער און לאַנגווייליג. אמת, אז איצט האָט זי געוואוסט, וואס זי האָט געוואָלט, אבער דערפון איז איהר ניט גרינגער געוואָרען. יענע אונפאַרגעסליכע באַגעגעניש האָט זי אויף אייביג אַרויסגעוואָרפען פון דער אַלטער קאָליע: זי איז שוין מעהר ניט געווען קיין מיטגליעד פון דעם אַרומיגען לעבען. ווייט, ווייט איז זי געווען פון דאַנעט, צו דערזועלבער צייט איז אַלץ אַרום אָנגעגאַנגען מיט זיין געוועהנליכען סדר, אַזוי ווי קיין זאַך וואָלט זיך ניט געענדערט. דאָס פריהערדיגע לעבען איז זיך אָנגעגאַנגען אויפ'ן אַלטען שטייגער, און ווי פריהער געפאָדערט פון איהר אייגטייל, מיטהילף. יעלענא האָט זיך געפּרואווט אָנשרייבען א בריעף צו אינסאַראָוו'ען, נאָר דאָס האָט זיך איהר ניט איינגעגעבען:

אויפ'ן פאפיר זיינען די ווערטער ארויסגעקומען אזוי טרוקען, כמעט טויט, און אפילו ליגנעריש. איהר טאג־בוך האט זי פארענדיגט, און אונטער דער לעצטער שורה אונטערגעפיהרט א גרויסען פאס. דאס איז געווען די פארגאנגענהייט און זי איז מיט אלע איהרע געדאנקען מיט'ן גאנצען וועזען אוועק אין דער צוקונפט. איהר איז געווען שווער צו זיצען מיט דער מוטער, וועלכע האט קיין זאך ניט פארדעכטיגט. זי אויסהערען, איהר ענטפערען, און רעדען מיט איהר, האט אויסגעזעהן אין יעלענא'ס אויגען פארברעכעריש; זי האט געפיהלט אין זיך א מין פאלשקייט; עס האט זי געשווי־דערט, באטש רויט צו ווערען האט זי ניט געהאט פארוואס; ניט איינמאל פלעגט זיך אויפברויזען אין איהר נשמה א שטארקער פארלאנג ארויסצוזאגען אלעס ביז'ן סוף, וואס עס זאל דערנאך ניט זיין. „צו וואס — האט זי געטראכט — דמיטרי האט דאך מיך ניט אוועקגעפיהרט פון שטיבעל אין יענעם מאמענט, אהין, וואו ער האט געוואלט? האט ער דען מיר ניט געזאגט, אז איך בין זיין פרוי פאר גאט און פאר לייט? צו וואס זשע בין איך דא?" פלוצלונג האט זי אנגעהויבען אויסמיידען אפילו אוואר איוואנא־וויטש'ען, וועלכער האט מעהר ווי ווער עס איז ניט פארשטאנען און געשפיעלט מיט די פינגער. שוין ניט גוט און ליעב האט איהר אויסגעזעהן דאס ארומיגע, נאר ווי א שווארצער, באוועגלאז־טווי־טער שטיין האט דאס ארומיגע זיך געלייגט אויף איהר הארצען און מורא'דיג שווער געדריקט די ברוסט: אלעס ארום האט זיך ווי געבייזערט אויף איהר, איהר פארגעהאלטען און ניט געוואלט ווי־סען פון איהר... „די ביזט פון דעסטוועגען דאך אונזערע". אפילו איהרע ארימע קעסט קינדער, די דערשלאגענע פויגלען און חיות, האבען געקוקט אויף איהר, אלענפאלס, אזוי האט זיך איהר אויס־געדוכט, מיט אונצופריעדען און פיינדליך. איהר איז געווען אונ־אנגענעם. זי האט זיך געשעמט פאר איהרע געפיהלען. „דאס איז דאך, פונדעסטוועגען, מיין הויז, מיין פאמיליע, מיין היימ־לאנד..." „ניין, דאס איז מעהר ניט דיין היים־לאנד, און ניט דיין פאמיליע", — האט איהר אליץ ווידערהאלט אן אנדער שטים. עס האט זי אנגענומען א מורא, און איהר האט פארדראסען איהר קליינ־מוטיגקייט. די צרה האט זיך ערשט אנגעהויבען און זי האט

שוין פארלארען איהר געדולד. האט זי דען דאס צוגאזעגט? ניט אזוי שנעל האט זיך איהר איינגעגעבען זיך צו באהערשען. נאך עס איז אוועק א וואך און א צווייטע... יעלענא האט זיך אביסעל באַרוהיגט און זיך צוגעוואוינט צו איהר נייער לאגע. זי האט אנגעשריבען צוויי קליינע צעטעלאך צו אינסאראוו׳ען און האט זיי אליין אוועקגעטראגען אין פאסט: זי וואלט זיך בשום אופן ניט פארטרויט איהר הויז־מיידעל. ערשטענס האט זי זיך געשעמט, צווייטענס איז זי געווען צו שטאלץ. זי האט שוין אנגעהויבען צו ווארטען אויף איהם אליין, ווען אין איין שעהנעם פריהמארגען איז אנגעקומען ניקאלאי ארטעמאוויטש.

## 22

עס האט נאך קיינמאל קיינער אין הויז ניט געזעהן דעם גע־וועזענעם פארוטשיק פון דער גווארדיע, סטאכאוו׳ן מיט אזא זויערען פנים, וועלכער איז, צו דערזועלבער צייט, געווען פול מיט אזוי פיעל זעלבסט־גלויבען און גרויסקייט ווי אין יענעם טאג. ער איז אריין אין גאסט צימער אין הוט און מאנטעל: אריין איז ער לנגזאם, ברייט פאנאנדערשטעלענדיג די פיס און קלאפענדיג מיט די אפ־טשאסען; ער איז צוגעגאנגען צום שפיגעל און האט לאנג געקוקט אויף זיך מיט א רוהיגער שטרענגקייט, ער האט אונטערגעשאקעלט מיט׳ן קאפ און דערביי געביסען די ליפען. אננא וואסילעוונא האט איהם באגעגענט מיט אן אויסערליכער רעגונג און א פארבאהאל־טענער אינערליכער פרייד (זי האט איהם קיינמאל אנדערש ניט באגעגענט); ער האט אפילו די הוט ניט ארונטערגענומען, זיך ניט געגריסט מיט איהר, נאר שווייגענדיג דערלאנגט יעלענא׳ן צום קו־שען, ניט די האנט, נאר די זאמשעווע הענטשקע. אננא וואסילעוונא האט זיך גענומען פאנאנדערפרעגען ביי איהם, ווי עס געהט אן דער קורס פון זיין היילונג, — ער האט איהר גאר ניט געענטפערט; עס איז געקומען אוואר איוואנאוויטש, — ער האט א קוק געטאן אויף איהם און געזאגט: „בא". אויף אוואר איוואנאוויטש׳ען האט ער אין אלגעמיין געקוקט פון אויבען אראפ,

און איז זיך באגאנגען מיט איהם זעהר קאלט, כאָטש ער האָט אנערקענט אין איהם די שפּורען פון „אמת'ער סטאכאווער בלוט.״

עס איז באקאנט, אז כמעט אלע אדעליגע רוסישע פאמיליעס זיינען איערצייגט אין דער עקזיסטענץ פון באזונדערע מינים אייגענשאפטען, וועלכע בלויז זיי אליין באזיצען; אונז איז ניט איינמאָל אויסגעקומען צו הערען שמועסען „צווישען אייגענע״ ווע־גען „פּאָדסאלאָסקינער נעזער״ און פּרעפּערעיעווסקער פּאָטילני־צעס. זאיא איז אריינגעקומען און האָט זיך פארנייגט פאר ניקא־לאָי ארטעמאוויטש'ען. ער האָט עפּעס אָ בורטשע געטאָן, און האָט זיך אראפּגעלאזען אין פּאָטער־שטול. ער האָט געבעטען פאר זיך קאווע, און ערשט דאן האָט ער ארונטערגענומען די הוט. מען האָט איהם געבראכט קאווע, ער האָט אויסגעטרונקען גלאָז, דער־נאָך האָט ער איינציגווייז אלעמען באטראכט, און ארויס־געברומט צווישען די ציין: — ‘‘Sortez, s’il vous plait, און וועגדענדיג זיך צו זיין פרוי האָט ער צוגעגעבען: — et vous—Madame, restez, je vous prie.’’ אלע זיינען ארוים אויסער אננא וואסילעוונא. ביי איהר האָט דער קאפּ גענומען ציטערען פון אויפרעגונג. דאָס ערהאבענקייט פון זיין האלטען זיך האָט זי ער־שטוינט. זי האָט ערווארטעט עטוואס אויסערגעוועהנליכעס.

— וואס האָט פּאסירט, — האָט זי אויסגעשריען, — ווי נאר די טיר האָט זיך פארמאכט.

ניקאָלאי ארטעמאוויטש האָט גלייכגילטיג אָ קוק געטאָן אויף איהר און געענטפערט:

— קיין אויסערגעוועהנליכעס, גאר ניט. און וואס איז דאס ביי אייך פאר א מאנער, גלייך אָנצונעמען דעם אויסזעהן פון אָ קרבן? — האָט ער אָנגעהויבען, אָהן נויט ארונטערלאזענדיג די ווינקלען פון די ליפּען ביי יעדען וואָרט. — איך האָב אייך בלויז געוואלט אָנזאגען, אז ביי אונז וועט היינט עסען מיטאָג אָ נייער גאַכט.

— ווער איז דאָס?

— קורנאטאווסקי, יעגאָר אנדרעיעוויטש. איהר קענט איהם ניט. דער אבער־סעקרעטאר אין סענאט.

— ער וועט היינט ביי אונז עסען מיטאָג?

— יא.

— און איהר האָט בלויז צוליעב דעם, איהר זאלט דאָס מיר זאגען, געהייסען אלעמען ארויסגעהן?

ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט ווידער א בליק געוואָרפען אויף אננא וואסילעוונא, דעם מאָל שוין אן איראָנישען.

— דאָס וואונדערט אייך? וואונדערט זיך נים. — ער איז אנטשוויגען געוואָרען. אננא וואסילעוונא האָט אויך א ווײלע געשוויגען.

— איך וואלט וועלען, — האָט זי אָנגעהויבען...

— איך ווייס, איהר האָט מיך אימער געהאלטען פאר אן „אומ־מאָראלען" מענשען, — האָט מיט אמאָל אָנגעהויבען ניקאָלאַי אר־טעמאָוויטש.

— איך! — האָט מיט איבערראשונג ארויסגערעדט אננא וואסילעוונא.

— און עס קען זיין, אז איהר זענט גערעכט. איך וויל ניט אָפּלייקענען אז פון צייט צו צייט האָב איך אייך ווירקליך געגעבען א גערעכטע אורזאכע פאר אונצופרידענהייט. (די גרויסע פערד! איז דורכגעפלוינען ביי אננא וואסילעוונא אין קאָפּ), — כאָטש איהר מוזט אליין אנערקענען, אז לויט דעם צושטאנד פון אייער קאָנסטי־טוציע, ווי איהר ווייסט דאָס אליין...

— איך באשולדיג אייך אפילו קיין קאָפּ ניט, ניקאָלאַי אר־טעמאָוויטש.

— C'est possible. — אלענפאלס, איך דענק זיך ניט פאר־ענטפערען. מיך וועט די צייט פארענטפערען. אָבער איך רעכען פאר מיין חוב צו פארזיכערען אייך, אז איך ווייס מיינע פליכטען און קען טאָן אלעס און זארגען פאר די אינטערעסען פון מיין פא־מיליע.

„וואס מיינט דאָס אלעס?" האָט געטראכט אננא וואסילעוו־נא. (זי האָט דאָך ניט געקענט וויסען, אז ערשט נעכטען אין אָוועגט, האָט זיך אין ענגלישען קלוב אויפגעהויבען א דיסקוסיע מכח דער אונפעהיגקייט פון די רוסען צו „ספּיטשען". ווער קען ביי אונז רעדען האָט אויסגעשריען איינער פון די דיסקוסאַנטען. — נו, סטאכאוו, צום ביישפּיעל, האָט געענטפערט דער צוויי־

טער, און האָט אָנגעוויזען אויף ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש'ען, וועלכער איז געשטאַנען דערביי, ער האָט שיער ניט א פּיסטשע געטאָן פון פאַרגעניגען.)

— צום ביישפּיעל, מיין טאָכטער יעלענא, — האָט פאָרטגעזעצט ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש. — דענקט איהר ניט, אז אם ענדע איז איהר שוין צייט זיך שטעלען מיטביידע פיס אויף א פעסטען באָדען... איך מיין צו זאָגען, חתונה האָבען, אָט דאָס גאַנצע חכמ'ענען זיך, צוזאַמען מיט דער פּילאַנטראָפּיע זיינען גוט בלויז ביז א געוויסען גראַד און ביז אַ צייט. עס איז איהר שוין צייט צו פאַרלאָזען איהרע נעבלען און אויך אַרויסגעהן פון דער געזעלשאַפט פון פאַרשיעדענע אַרטיסטען, שטודענטען און אַלערליי בולגאַרען, און ווערען ווי אַלע.

— ווי דאַרף איך פאַרשטעהן אייערע ווערטער, — האָט געפרעגט אננאַ וואַסילעוונאַ.

— אָט, זייט אַזוי גוט אויסצוהערען, — האָט געענטפערט ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש אַלץ מיט דעמזעלבען אַרונטערלאָזען די ליפּען. — איך וועל אייך זאָגען גלייך אָהן פאָררעדעס: איך האָב זיך באַקאַנט און באַפריינדעט מיט אָט דעם יונגען מאַן, העך קורנאַטאָווסקי, מיט דער האָפנונג צו האָבען איהם פאַר אַן איידעם. איך וואַג צו דענקען, אז ווען איהר וועט איהם דערזעהן וועט איהר מיך ניט באַשולדיגען אין לייכטזיניגקייט, אָדער איבערטריבענקייט. (ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט גערעדט און האָט זיך געשפּיגעלט אין זיין שעהנעם רעדען). ער האָט איין אויסגעצייכענטע בילדונג, איז א יוריסט, מיט שעהנע מאַנערען, און צו דריי און דרייסיג יאָהר אַן אָבער סעקרעטאַר אין סענאַט. קאַלעזשסקי ראַטגעבער און א סטאַניסלאַוו אויפ'ן האַלז — איהר, האָף איך, וועט אַנערקענען אז איך באַלאַנג ניט צו דער צאָהל פון יענע un vrais stoicien, וועלכע טראָגען זיך נאָר אַרום מיט „טשינען”, נאָר איהר האָט מיר אַליין געזאָגט, אז יעלענא ניקאָלאַיעוונאַ'ן געפעלען ערנסטע און טיכטיגע מענשען: יעגאָר אַנדרעיעוויטש איז דער טיכטיגסטער מאַן אין זיין פאַך; איצט, פון דער אַנדער זייט, מיין טאָכטער האָט א שוואַכקייט צו גרויסמוטיגע האַנדלונגען: טאָ ווייסט־זשע, אז ווי נאָר יעגאָר אַנדרעיעוויטש האָט דערגרייכט די מעגליכקייט אָהן נויט

זיך דורכצוזעבעלן מיט זיין געהאלט, האט ער זיך גלייך אפגעזאגט פון דער יעהרליכער סומע, וועלכע דער פאטער האט איהם געגעבען, לטובת פון זיינע אינגערע ברידער.

— און ווער איז זיין פאטער? — האט געפרעגט אננא ניקאלאיעוונא.

— זיין פאטער? — דער פאטער זיינער איז אויך א באוואוסטער מענש, פון זעהר א הויכער מאראל, un vrais ztoicien, דאכט זיך א געוועזענער מאיאר, ער איז דער אויפפאסער פון אלע גיטער פון גראף ב. א.

— א! — האט ארויסגערעדט אנא וואסילעוונא.

— און וואס: א?... — האט אונטערגעכאפט ניקאלאי ארטעמאוויטש. — שוין זשע זיינט איהר אנגעשטעקט מיט אבערגלויבענם?

— יא, איך האב גארניט געזאגט, — האט אנגעהויבען אננא וואסילעוונא...

— ניין, איהר האט געזאגט: א!... ווי עס זאל דארטען ניט זיין, האב איך געפונען פאר נויטיג אייך פריהער צו באקענען מיט מיין ארט דענקען, און איך וויל האפען... אז דער הער קורנאטאוסקי וועט אויפגענומען ווערען a bras ouverts. דאס איז ניט אבי וואס פאר א בולגאר דארטען.

נו, עס פארשטעהט זיך, מען וועט נאר דארפען ארייגרופען וואנקע דעם קוכער און באפוילען מאכען מעהר מיט א געריכט.

— איהר פארשטעהט דאך, אז מיט אזוינע זאכען האב איך ניט צו טאן, — האט געזאגט ניקאלאי ארטעמאוויטש. ער איז אויפגעשטאנען און האט אנגעטאן די הוט און אונטערפייפענדיג איז ער אוועק אין גארטען (ער האט פון אימיצען געהערט, אז פייפען מעג מען נאר ביי זיך אין זומער־וואוינונג, איז ער אוועק שפאצירען אין גארטען). שובין האט א קוק געטאן אויף איהם פון פענסטער פון זיין שטיבעל און האט איהם שווייגענדיג ארויסגעשטעקט דעם צונג.

צעהן מינוט צו פיער איז צום גאניק פון סטאכאוו'ס זומער־וואוינונג צוגעפאהרען א געדונגענע קארעטע, פון וועלכער עס איז ארוים א יונגער מענש, פון זעהר בעלעבאטישען אויסזעהן,

פשוט און שעהן געקליידעט. ער האט געהייסען מעלדען וועגען זיך. דאס איז געווען יעגאר אנדרעיעוויטש קורנאטאווסקי.

אט וואס יעלענא האט, צווישען אנדערע זאכען, געשריבען וועגען איהם אינסאראוו׳ען:

„גיב אפ מזל־טוב, ליבער דמיטרי, איך האב שוין א חתן. ער האט ביי אונז נעכטען געגעסען מיטאג. דער טאטע האט זיך באקאנט מיט איהם, דאכט זיך, אין ענגלישען קלוב, און האט איהם איינגעלאדען. פארשטעהט זיך, אז נעכטען איז ער געקומען נאך ניט אלס חתן. נאר די גוטע מאמע, וועלכער דער טאטע האט דערצעהלט זיינע פלענער, האט מיר אריינגערוימט א סוד אין אויער, וואס דאס איז פאר א גאסט. זיין נאמען איז יעגאר אנדרעיעוויטש קורנאטאווסקי. ער דיענט אלס אבער־סעקרעטאר אין סענאט. צוערשט וועל איך דיר באשרייבען זיין אויסזעהן. ער איז פון מיטעלען וואוקס, אביסעל קלענער פון דיר, גוט געבוים. די שטריכען פון געזיכט ריכטיגע, קורץ געשוירענע האר, ער טראגט קליינע באקענבארדען. אויגען האט ער קליינע (ווי ביי דיר), ביסטרע, ליפען פלאכע, ברייטע; אין די אויגען און אויף די ליפען שפילט ביי איהם אימער א שמייכעל, אזא מין אפיציעלער, פונקט ווי אט דער שמייכעל זאל אימער שטעהן אויף דער וואך.

„ער האלט זיך זעהר פראסט, רעדט דייטליך, אלץ איז ביי איהם דייטליך: ער געהט לייכט, אט אזוי ווי ער זאל טאן געשעפט. „ווי זי האט דאס איהם דערלערענט!״ — טראכסטו געוויס אין דער מינוט. יא, אבער בלויז צוליעב דעם איך זאל איהם קענען דיר באשרייבען. און ווי שטודירט מען דאס ניט אן אייגענעם חתן; דאס איז אייזערנער... טעמפער, פוסטער, און צו דער זעלבער צייט עהרליכער מענש, מען זאגט אז ער איז ווירקליך זעהר אן עהרליכער. דו ביזט ביי מיר אויך אן אייזערנער, אבער ניט אזוי ווי ער. ביים טיש איז ער געזעסען נעבען מיר, אנטקעגען אונז איז געזעסען שובין. צוערשט האט מען גערעדט וועגען געוויסע קאמערציע אונטערנעהמונגען; מען זאגט, אז ער איז געניט אין אזוינע זאכען און האט שיער ניט פארלאזען זיין רעגירונגס שטעל און גענומען אויף זיך די אויפזיכט פון א גרויסען פאבריק. עס וואלט געווען א גרויסע חכמה. דערנאך

האָט שובין גענומען רעדען פון טעאַטער; הערר קורנאַטאָווסקי האָט דערקלערט, — און איך מוז דאָס אויך מודה זיין, — אַז ער פאַרשטעהט אין קונסט גאָר ניט. דאָס האָט מיר אין דיר דער־מאָנט... אָבער איך האָב אַ טראַכט געטאָן: ניין, פונדעסטוועגען איז אונזער ביידענס ניט פאַרשטעהן קיין קונסט פאַרשידען. ער האָט ווי געוואָלט זאָגען: איך פאַרשטעה ניט קיין קונסט און מען דאַרף זי דולדען. צו פעטערבורג און צו די comme il faut איז ער גאַנץ גלייכגילטיג. ער האָט זיך אַפילו איין מאָל אָנגערופען פראָ־לעטאַריער. מיר, האָט ער געזאָגט, זיינען פשוטו'ע שוואַרצע ארביי־טער! איך האָב געטראַכט: אַז ווען דמיטרי זאָל דאָס געווען זאָגען, וואָלט דאָס מיר ניט געפעלען, אָבער ער, זאָל ער זיך רע־דען! זאָל ער זיך באַריהמען! מיט מיר איז ער געווען זעהר העפליך; נאָר מיר האָט זיך אַלץ געדוכט, אַז מיט מיר רעדט אַ זעהר און זעהר גוטער נאַטשאַלניק. ווען ער וויל אימיצען לויי־בען, זאָגט ער אַז דער און דער פאַרמאָגט רעגעלען, — דאָס איז זיין באַליבטער וואָרט. ער מוז זיין זעלבסט באַגלויבט און אַר־בייטסזאַם, פעהיג צו זעלבסט אָפּפערונג (זעהסט, איך בין אָב־יעקטיוו), דאָס הייסט, ער קען אָפּפערען מיט זיינע אינטערעסען, נאָר ער איז אַ גרויסער דעספּאָט. עס איז שרעקליך אריינצופאַ־לען אין זיינע הענט! ביים טיש האָט ער זיך צורעדט פון כאַ־באַר און לאַפּקע־געלט. — איך פאַרשטעה, — האָט ער געזאָגט, אַז אין פיעלע פעלע איז דער וואָס נעהמט, ניט שולדיג; ער קען אַנדערש ניט האַנדלען און פונדעסטוועגען, ווען ער פאַלט דורך, מוז מען איהם דערשטיקען.

„איך האָב אַ געשריי געטאָן: דערשטיקען אַן אונשולדיגען!

„יאָ, צוליעב דעם פרינציפּ.

„וואָסער'ן? — האָט געפרעגט שובין.

„קורנאַטאָווסקי האָט זיך אַזוי ווי פאַרלאָרען, אָדער פאַר־חידוש'ט, און געזאָגט: דאָס דאַרף מען ניט דערקלערען.

דער טאַטע, וואָס פאַרגעטערט איהם, האָט גלייך אונטערגע־געבאַפּט: געוויס דאַרף מען ניט, און צו מיין גרויסען באַדויערען

האט זיך דער געשפרעך איבערגעריסען. אין אווענט איז געקומען בערעזענוו און האט פארפיהרט מיט איהם א גרויסען דיספוט. איך האב נאך קיינמאל ניט געזעהן אונזער אנדרעי פעטראָוויטש'ען אין אזא אויפגערעגטען צושטאנד. הערר קורגאטאווסקי האט חלילה ניט אפגעלייקענט די ניצליכקייט פון דער ווימענשאפט און אוניווערסיטעטען און דאס גלייכען... און דאך האב איך פארשטא־ נען די ענטריסונג פון אנדרעי פעטראָוויטש'ען. יענער קוקט אויף דעם, ווי אויף א מין פיזישע איבונג. נאָכ'ן עסען איז שובין צוגעגאנגען צו מיר און געזאָגט: אָט דער און אימיצער אנדערש (ער האט ניט געוואָלט אָנרופען דיין נאָמען) זיינען ביידע פראק־ טישע מענשען, און זעהט נאָר ס'אַרא אונטערשיעד: דאָרטען איז אַן אמת'ער לעבעדיגער, פון לעבען געגעבענער אידעאל; און דאָ אפילו ניט קיין געפיהל פון חוב, נאָר א פשוט'ע, אינהאלטס־ לאָזע עהרהליכקייט און טיכטיגקייט פון א באאמטען. — שובין איז קלוג און איך האב צוליעב דיר פארדענקט זיינע קלוגע ווערטער; לויט מיין מיינונג, איז צווישען אייך ניטאָ קיין געמיינשאפטליכעס. דו גלויבסט, און יענער ניט, ווייל בלויז אין זיך אליין קען מען ניט גלויבען.

„ער איז אוועק פון אונז שפעט, נאָר די מאַמע האט מיר ארייננערופען, אז איך בין איהם געפעלען געוואָרען, און דער טאטע טאנצט אזש פון פרייד... צי האָט ער שוין ניט געזאָגט ווע־ גען מיר, אז איך האב רעגעלען? איך האב שיער ניט געענטפערט דער מאַמען, אז עס טוט מיר לייד, אָבער איך האב שוין א מאַן. ווארום האסט דיך דער טאַטע אזוי שטאַרק? מיט דער מאַמען וואָלט מען נאָך ווי ניט איז דורכגעקומען...

אָ, מיין ליבער! איך האָב דיר אזוי אויספיהרליך באשרי־ בען אָט דעם הערר אום צו פארטויבען מיין בענקשאַפט. איך לעב ניט אָהן דיר, איך זעה און הער דיך אימער... איך ווארט אויף דיר, אָבער ניט ביי אונז, ווי דו האסט עס געוואָלט. שטעל זיך נאָר פאָר, ווי אונז וועט זיין שווער און אונאנגענעהם! — איך וועל ווארטען אויף דיר דאָרטען, אין יענעם וועלדעל, ווי איך האב דיר געשריבען... אָ. מיין ליבער, מיין טייערער, ווי שטאַרק איך האָב דיך ליעב!"

.23

אין א וואָכען דריי נאָך קורנאטאָווסקי'ס ערשטען באזוך האָט אננא וואסיליעוונא, צו יעלענעס גרויסער פרייד, זיך איבערגעקלי־בען קיין מאָסקווע אין איהר גרויס הילצערן הויז ארום פרעטשיסטענקע. דאָס איז געווען א הויז מיט קאָלאָנעס און קרענץ איבער יעדען פענסטער, מיט א מעזאנין און צימערען פאר די דיענער, מיט א סעדעל ארום, און א גרויסען גרינעם הויף מיט א ברונען און א שטעלכעלע פאר'ן הונט ארום דעם ברונען. אננא וואסיליעוונא האָט קיינמאָל אזוי פריה ניט פארלאָזען איהר זומער־וואוינונג. אָבער אין דעם יאָהר האָבען זיך ביי איהר, פון די ער־שטע הערבסט־קעלטען, צושפּיעלט די פלוסען; ניקאָלאי ארטעמאָ־וויטש האָט פארענדיגט זיין קוראציע. ער האָט זיך פארביינקט נאָך זיין פרוי; דערצו איז אווגוסטינא כריסט'אנאָוונא אוועקגע־פאָהרען צו־גאסט צו איהר קוזינע אין רעוועל. קיין מאָסקווע איז געקומען צו פאָהרען עפּעס אן אויסלענדישע פאַמיליע, וועלכע האָט געוויזען „פּלאסטישע פּאָזעס", וועלכע זיינען אין „די מאָסקווער וועדאָמאָסטי" אזוי באשריבען געוואָרען, אז זיי האָבען אויפגעוועקט א שטארקע נייגעריגקייט אין אננא וואַ־סיליעוונא. מיט איין וואָרט, לענגער צו פארבלייבען אויף דער דאטשע איז געווען זעהר אונבאקוועם, און לויט ניקאָלאי ארטעמאָ־וויטש'עס איז דאָס אויך געווען ניט אין איינקלאנג מיט זיינע פּלע־נער. די לעצטע צוויי וואָכען האָבען זיך אויסגעצויגען פאר יע־לענען זעהר לאנג. קורנאטאָווסקי איז געקומען נאָך צוויי מאָל, ביידע מאָל זונטאָג, ווייל אין אנדערע טעג איז ער געווען פארנומען. קומען פלעגט ער אייגענטליך אויסשליסליך צוליעב יעלענען, אָבער רעדען פלעגט ער מעהר מיט זאָיען, וועלכער ער איז זעהר געפעלען געוואָרען. „דאָס איסט איין מאַנן!" האָט זי געטראַכט פאר זיך, קוקענדיג אויף זיין טונקעלען מענליכען געזיכט און הערענדיג ווי ער רעדט מיט אזא דרייסטקייט און זיכערקייט. לויט איהר מיינונג האָט קיינער ניט געהאַט אזא וואונדערבארע שטימע, און קיינער האָט ניט געקענט אזוי אויסגעצייכענט ארויסרעדען: „איך

האָב געהאַט די עהרע", אָדער „איך בין זעהר צופרידען". אינסאַראָוו איז ניט געוועזן ביי די סטאַכאָווס, נאָר יעלענאַ האָט איהם איינמאָל געזעהן בגנבה אין דעם קליינעם וועלדעל איבער דעם טייך מאָסקווא, וואו זיי האָבען אָפּגעמאַכט זיך צו טרעפען. זיי האָבען קוים דערוויזען אומצובייטען איינגע מיט די אַנדערע מיט אַ פּאָר ווערטער. שובין האָט זיך אומגעקעהרט קיין מאָסקווא צוזאַמען מיט אַננאַ וואַסיליעוונאַ; און בערסענעוו מיט עטליכע טעג שפּעטער.

אינסאַראָוו איז געזעסען ביי זיך אין צימער און האָט שוין צום דריטען מאָל איבערגעלייענט די בריעף, וואָס מען האָט איהם צוגעשטעלט פון בולגאַריע מיט „ניסים". מיט פּאָסט האָט מען זיי מורא געהאַט צו שיקען. ער איז געוועזן זעהר באַאונרוהיגט פון די בריעף. אין מזרח האָבען זיך מורא'דיג שנעל ענטוויקעלט די געשעהענישען; דאָס וואָס די רוסישע חיל האָט פאַרנומען יענע מלוכה'לעך האָט אויפגערעגט און אויפגעקאָכט אַלע מוחות; אַרום און אַרום האָט זיך אויפגעהויבען אַ שרפה, און קיינער האָט ניט געקענט פאָראויסזעהן וואוהין דאָס פייער וועט אוועקגעהן און וואו עס וועט זיך אָפּשטעלען; אַלטע באַליידיגונגען, פאַרבאַהאַלטענע אַלטע האָפנונגען. אַלץ און אַלעס האָט זיך אַ ריהר געטאָן. אינסאַראָוו'ס האַרץ האָט שטאַרק געשלאָגען: און זיינען האָפנונגען האָבען אָנגעהויבען מקוים ווערען. און אפשר איז נאָך צו פריה? אומזיסט אפשר? — האָט ער געטראַכט צוזאַמענדריקענדיג די הענט. מיר זיינען נאָך ניט גרייט, אָבער אַזוי מוז דאָס שוין זיין. מען וועט דאַרפען פאָהרען.

עס האָט אַ לייכטען רויש געטאָן אונטער'ן טיר, די טיר האָט זיך שנעל צועפענט און אין צימער איז אריין יעלענאַ.

אינסאַראָוו האָט אויפגעציטערט מיט זיין גאַנצען וועזען. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו איהר, איז געפאַלען פאַר איהר אויף די קני, האָט זי אַרומגענומען און האָט זיך שטאַרק צוגעדריקט מיט'ן קאָפּ צו איהר.

— דו האָסט מיך ניט ערוואַרטעט? — האָט זי אָנגעהויבען קוים כאַפּענדיג דעם אָטעם (זי איז פלינק, אין איין אָטעם ארויפגעלאָפען די שטיגען.) ליבער! ליבער! זי האָט איהם ארויפ-

געלענטביידע הענט אויפ'ן קאפ און האט זיך ארומגעקוקט. — איז אט וואו דו וואוינסט? איך האב דיך שנעל געפונען, דיין באלע־באס'ס טאכטער האט מיך באגלייט אהער. מיר האבען זיך אייער־נעכטען איבערגעקליבען. איך האב דיר געוואלט שרייבען, און דערנאך האב איך באשלאסען בעסער אליין קומען. איך בין גע־קומען צו דיר אויף א פערטעל שטונדע. שטעה אויף און פארשליס די טיר.

ער האט זיך אויפגעהויבען און האט פלינק פארשלאסען די טיר. דאן האט ער זיך אומגעקעהרט צו איהר און האט זי אנגע־נומען פאר ביידע הענט. ער האט ניט געקענט רעדען. די פרייד האט איהם געשטיקט. זי האט מיט א שמייכעל איהם אריינגע־קוקט אין די אויגען. אין זיי איז געווען אזוי פיעל גליק. זי האט זיך פארשעמט.

— ווארט, — האט זי געזאגט, צארט אוועקנעהמענדיג זיינע הענט. — לאז מיך אראפנעהמען די הוט. זי האט צובונדען די לענטעס פון דער הוט, זי אראפגעווארפען און דאן האט זי אראפ־געלאזען די פעלירינע פון די פלייצעס, פאררינכט די האר און זיך אוועקגעזעצט אויף דער אלטינקער קליינינקער סאפע. אינסאראוו האט זיך קיין ריהר ניט געטאן און האט געקוקט אויף איהר ווי א פאר'כשופ'טער.

— זעץ זיך, — האט זי געזאגט, אנווייזענדיג א פלאץ נעבען זיך און ניט אויפהויבענדיג אויף איהם די אויגען.

אינסאראוו האט זיך געזעצט, אבער ניט אויפ'ן דיוואן, נאר אויפ'ן דיל ביי איהרע פיס.

— נא, נעהם אראפ פון מיר מיינע הענטשקעס, — האט זי ארויסגערעדט מיט אן אויפגערעגטער שטים. עס האט זי ארומ־געכאפט א שרעק.

ער האט זיך גענומען צוערשט צושפיליען, דערנאך ארונטער־שלעפען איין הענטשקע. ער האט איהר אראפגעשלעפט ביז האלב און איז דורשטיג צוגעפאלען מיט די ליפען צו איהר צארטער דינער האנט וואס האט זיך געווייסט אונטער דער הענטשקע.

יעלענא האט אויפגעציטערט און האט געוואלט מיט דער צוויי־

מע׳ האנט אפּבויגען די ערשטע, האָט ער גענומען קושען אויך די צווייטע.

יעלענא האָט א ציה געטאָן די האנט צו זיך, האָט ער אָפּגע־בייגען דעם קאָפּ. זי האָט איהם א קוק געטאָן אין פּנים, זיך אָב־געבויגען און זייערע ליפּען האָבען זיך צוזאמענגעגאָסען...

עס איז פאָראיבער איין אויגענבליק... זי האָט זיך ארויסגע־ריסען, איז אויפגעשטאַנען און שטיל געזאגט: „ניין, ניין!" דאַן שנעל צוגעגאַנגען צום שרייב־טיש.

— איך בין דאָך דאָ די באַלעבאָסטע, דאָ דארף פאר מיר קיין סודות ניט זיין, — האָט זי געזאגט, און דערביי זיך באמיהט אויסצוזעהן זאָרגלאָז. זי האָט זיך געשטעלט צו איהם מיט די פּלייצעס. — „וויפיעל פאפּירען! וואס זיינען דאָס פאר בריעף?"

אינסאראוו האָט פארקנייטשט די ברעמען.

— אָט די בריעף? — האָט ער געזאָגט אויפשטעהענדיג פון דער ערד, — דו קענסט זיי לעזען.

יעלענא האָט זיי א דרעה געטאָן אין האנט.

— זיי זיינען אזוי פיעל, און זיי זיינען אזוי דראָבנע אנגע־שריבען, און איך דארף באלד אוועקגעהן... שוין, זיי זיינען דאָך זיכער ניט פון קיין קאָנקורענטען?..

— זיי זיינען אויך ניט אין רוסיש געשריבען, — האָט זי צוגעגעבען, דורכקלייבענדיג די דינע בלעטער.

אינסאראָוו האָט זיך דערנעהענטערט צו איהר און האָט זיך צוגעריהרט מיט'ן האנד צו איהר טאַליע. זי האָט זיך פּלוצלונג אויסגעקערעוועט, האָט א ליכטיגען שמייכעל געטאָן צו איהם, און זיך אנגעשפּארט אָן זיין פּלייצע.

— אָט די בריעף זיינען פון בולגאריע, יעלענא. מיינע פריינד שרייבען מיר, זיי רופען מיך אהין.

— איצט? אהין?

— יא, איצט... ביז וואנענט עס איז נאָך דאָ צייט, אזוי לאנג ווי מען קען נאָך פאָרען.

זי האָט פּלוצלונג מיטביידע הענט ארומגענומען זיין האלז.

— דו וועסט דאָך מיך מיטנעהמען מיט זיך?

ער האָט זי צוגעדריקט צום הארצען.

— אָ, מיין טייערע מיידעלע, אָ, מיין העלדין, ווי דו האָסט דאָס ארויסגערעדט אָט די ווערטער! אָבער איז דאָס דען ניט פארברעכעריש, איז דאָס דען ניט משוגעת, אז איך, אַן איינזאמער און היימלאָזער, זאָל דיך מיטשלעפּען מיט זיך, און וואוהין?

— טס שאַ... אז ניט וועל איך מעהר קיינמאָל ניט קומען צו דיר. שוין־זשע איז נאָך ניט אלעס באשלאסען און ניט אלעס אפּגעמאכט צווישען אונז? בין איך דען ניט דיין ווייב? צושיידט זיך דען א ווייב מיט א מאן?

— קיין פרויען געהען ניט אין דער מלחמה, — האָט ער צוגעגעבען מיט א האלב טרויעריגען שמייכעל.

— יא, ווען זיי קענען בלייבען. קען איך דען בלייבען דאָ?

— יעלענא, דו ביזט א מלאך!.. נאָר דו גיב נאר א טראכט, מיר קען זיין, זאָל אויסקומען ארויספאהרען פון מאָסקווא... אין צוויי וואכען ארום. איך קען שוין מעהר ניט דענקען ניט וועגען די לעקציעס אין אוניווערסיטעט, ניט וועגען פארענדיגען די ארבייט.

— טאָ וואס־זשע איז? — האָט איהם איבערגעשלאָגען יעלענא. — דו דארפסט אין גיכען פאהרען? אויב דו ווילסט נאָר, וועל איך גלייך אָט די מינוט בלייבען ביי דיר, מיט דיר אויף אייביג, און וועל זיך איינגאנצען ניט אומקערען אהיים, ווילסטו? לאָמיר שוין פאהרען, אויב דו ווילסט?

אינסאראוו האָט זי מיט א צווייענדיגער קראפט ארומגענומען.

— טאָ זאָל מיך גאָט שטראפען אויב איך טו א שלעכטע זאך, — האָט ער אויסגעשריען, — פון היינטיגען טאָג אָן זיינען מיר פאראייניגט אויף אייביג!

— איך בלייב? — האָט געפרעגט יעלענא.

— ניין, מיין שיין מיידעלע, ניין, מיין עוצר, דו וועסט זיך אומקערען אהיים! דאָס איז א זאך וועלכע מען קען ניט טאָן אזוי ספּאָנטאַן; פריער דארף מען אלץ גוט באטראַכטען. דערצו דאַרף מען האָבען געלד און אַ פּאַספּאָרט...

— געלד האָב איך, — האָט איבערגעשלאָגען יעלענא, — אכטציג רובעל.

— נו, דאס איז ניט זעהר פיעל, — האָט באמערקט אינסאַראָוו, — אָבער דאס וועט אויך צוניץ קומען.

— אבער איך קען קריגען, איך וועל באָרגען, איך וועל בעטען ביי דער מאמען... ניין, ביי דער מאמען וועל איך ניט בעטען... נאָר איך קען פארקויפען מיין זייגער... איך האָב אוירינגלעך... צוויי בראסלעטען... שפּיצען...

— ניט אין געלד האנדעלט זיך, יעלענא; א פּאספּאָרט, דיין פּאספּארט, וואס טוט מען דערמיט?

— יא, וואָס טוט מען טאקע דערמיט? און א פּאספּארט איז אונבאדינגט נויטיג?

— אונבאדינגט.

יעלענא האָט א שמייכעל געטאָן.

— ווייסט וואָס מיר איז איינגעפאלען! עס געדענקט זיך, איך בין נאָך געווען א קליינינקע... איז פון אונז אוועק א הויז־מיידעל... מען האָט זי דערנאָך געפונען. מ'זין האָט איהר פאר־געבען די זינד, און זי האָט לאנג געוואוינט ביי אונז..." מען האָט זי געקרוינט מיט'ן נאָמען די אנטלאָפענע, און אזוי האָט מען זי אימער גערופען טאטיאנא, די אנטלאָפענע. איך האָב דאן ניט גע־דענקט, אז עס איז מעגליך, אז איך זאָל אויך זיין אן אנטלאָפענע.

— יעלענא, ווי שעמסטו זיך ניט!

— וואס איז דען? זיכער איז בעסער צו פאהרען מיט א פּאספּארט, אבער אויב מען קען ניט...

— דאָס וועלען מיר שוין שפּעטער גוט מאכען, שפּעטער, ווארט, — האָט געזאָגט אינסאראָוו. — גיב מיר בלויז די מעג־ליכקייט זיך ארומקוקען, א טראכט טאָן. מיר וועלען וועגען אלעס איבערערעדען ווי געהעריג איז. און געלט האָב איך אויך.

יעלענא האָט מיט'ן האנט פארשארט זיינע האָר פון שטערן.

— אוי, דמיטרי! ווי גוט עס וועט אונז זיין צו פאָהרען צוזאמען

— יא, — האט געזאגט אינסאראוו. — אָבער דאָרטען, וואו־הין מיר וועלען קומען...

— איז וואס, — האט איבערגעשלאָגען יעלענא, — שוין־זשע איז אפילו שטארבען צוזאמען אויך ניט פרעהליך? נאָר ניין, צו וואס שטארבען? מיר וועלען לעבען, מיר זיינען יונג. וויפיעל ביזטו אלט? זעקס און צוואנציג?

— זעקס און צוואנציג.

— און איך בין אלט צוואנציג יאהר. עס איז נאָך זעהר פיעל צייט פאר אונז. און דו האסט געוואלט אנטלויפען פון מיר? דו האסט ניט געדארפט קיין רוסישע ליבע, בולגאר! מיר וועלען שוין זעהן ווי דו וועסט פון מיר איצט פטור ווערען! אָבער וואס וואלט געווען מיט אונז ווען איך זאָל דאן ניט געווען געהן צו דיר!

— יעלענא, ווייסטו וואס מיך האט דאן געצוואונגען זיך צו דערווייטערען?

— איך וויים: דו האסט זיך פארליעבט און האסט זיך אי־בערגעשראָקען. נאָר שוין־זשע האסטו אפילו ניט פארדעכטיגט, אז איך האב דיר אויך ליעב געהאט?

— איך שווער דיר ביי מיין עהרע, אז ניט.

זי האט פלינק און אונערווארטעט איהם א קוש געטאָן.

— אַט דערפאר האב איך דיך טאקע ליעב, און יעצט זיי געזונט.

— דו קענסט מעהר ניט בלייבען? — האט געפרעגט אינ־סאראוו.

— מיין, מיין ליעבער. דו דענקסט, אז עס איז געווען גרינג אוועקצוגעהן איינע אליין? א פערטעל שטונדע איז שוין לאנג פאראיבער. — זי האט אנגעטאָן די הוט מיט דער פעלערינע. — און דו קום צו אונז מאָרגען אין אָוועגט. ניין, איבערמאָרגען. עס וועט זיין אזא אָנגעצויגענע לאנג און לאנגווייליג, אָבער מען קען זיך ניט העלפען: אלענפאלס וועלען מיר זיך כאָטש זעהן. זיי געזונט און לאָז מיך ארויס. — ער האט זי ארומגענומען צום לעצטען מאָל. — אוי! זעה נאָר, האסט דאָך צובראָכען מיין קייטעלע. אָ, געראָטענער מיינער! נו, גוט. אזוי איז נאָך בע־סער. איך וועל אריבערגעהן אויפ'ן קוזנעצקי בריק און וועל דאס

אוועקגעבען פאררייכטען. און אז מען וועט מיך פרעגען, וועל איך זאָגען, אז איך בין געווען אויף קוזנעצקי בריק.

זי האָט זיך גענומען פאַר׳ן הענטעל פון דער טיר.

— יאָ, איך האָב דיר גאָר פארגעסען צו זאָגען, אז מסתמא די טעג וועט הער קורנאַטאָווסקי בעטען מיין האנט, נאָר איך וועל איהם מאכען... אָט אזוי. זי האָט צוגעשטעלט דעם גרויסען פינ־גער פון דער לינקער האנט צום שפּיץ נאָז, און מיט די איבעריגע פינגער האָט זי אַ שפּיעל געטאָן אין דער לופטען. — זיי געזונט. צום ווידערזעהן. איצט ווייס איך שוין דעם וועג... און דו פאר־ליר ניט קיין צייט...

יעלענאַ האָט עטוואָס אַן עפען געטאָן די טיר, זיך איינגע־הערט אַ ווײַלע, דאַן האָט זי זיך אויסגעקערעוועט צו אינסאַראָוו׳ען, איהם אַ שאָקעל געטאָן מיט׳ן קאָפּ און האָט זיך ארויסגעגליטשט פון צימער.

אינסאַראָוו איז געשטאַנען אַ ווײַלע פאַר דער פארמאַכטער טיר און האָט זיך אויך צוגעהערט. די טיר פון הינטען, אין הויף אריין, האָט אַ קלאַפּ געטאָן. ער איז צוגעגאַנגען צום סאָפע, האָט זיך אוועקגעזעצט און פארמאַכט מיט דער האנט די אויגען. מיט איהם האָט נאָך קיינמאָל קיין עהנליכע זאַך ניט געטראָפען. „מיט וואָס פאַרדין איך אזאַ ליעבע? — האָט ער געטראַכט. — אפשר איז דאָס גאָר אַ חלום?"

אָבער דער דינער ריח פון רעזעדאַ, וואָס יעלענאַ האָט איבער־געלאָזען נאָך זיך אין זיין אָרימען צימערל, האָט דערמאָנט אָן איהר באַזוך. צוזאַמען מיט אָט דעם ריח איז נאָך, דאַכט זיך, פאר־בליבען אין דער לופטען די קלאַנגען פון דער יונגער שטים און דער רושם פון לייכטע יונגע טריט צוזאַמען מיט דער וואַרימקייט און פרישקייט פון אַ יונגען מיידעל־קערפּער.

## .24

אינסאַראָוו האָט באַשלאָסען צו וואַרטען אויף מעהר אויס־געשפּראָכענע ידיעות און אַליין האָט ער זיך דערווײַלע גענומען גרייטען אין וועג. דאָס איז געווען זעהר אַ שווערע זאַך. פאַר

איהם אליין איז אייגענטליך ניט געווען קיינע שטערונגען: מען האט בלויז באדארפט ארויסקריגען א פאספארט. — אבער וואס טוט מען מיט יעלענען? קריגען פאר איהר א פאספארט אין א געזעצליכען וועג איז געווען אונמעגליך. שטעלען א חופה בסוד און דערנאך קומען צו איהרע עלטערען... „דאן וועלען זיי אונז אפלאזען.— האט ער געטראכט. — און אויב ניט? מיר וועלען דאך אלענפאלס אוועקפאהרען. און אויב זיי וועלען זיך קלאגען... טאמער... ניין, בעסער זעהן ווי ניט איז אזוי קריגען א פאספארט.״

ער האט באשלאסען זיך אן עצה האלטען (פארשטעהט זיך, ניט אנרופענדיג קיין נעמען) מיט זיינעם א באקאנטען, א געוועזענעם פראקוראר. דאס איז געווען אן אלטער מאן מיט זעהר פיעל ערפאהרונג אין אלע מינים טריפה אדער געהיימע ענינים. אט דער ווערטער הער האט געוואוינט גאנץ ווייט, און אינסאראוו האט זיך געשלעפט צו איהם א גאנצע שטונדע, אויף א שלעכטען פוהרעל. צו אלע גליקען האט ער איהם ניט געטראפען אין דער היים. אויף צוריקוועגס איז ער אינגאנצען דורכגעווייקט געווארען, ווייל עס האט פלוצלונג א גאס געטאן א שלאקס רעגען. אויף מארגען פריה, ניט קוקענדיג אויפ׳ן שטארקען קאפ-וועהטאג, איז אינסאראוו נאך אמאל אוועק צום געוועזענעם פראקוראר.

דער געוועזענער פראקוראר האט איהם זעהר אויפמערקזאם אויסגעהערט, און דערביי אונטערגעשמעקט טאבאק פון זיין טאבאק-פושקע, אויף וועלכער עס איז געווען אויסגעמאלען א פולברוסטיגע נימפע. פון דער זייט האט ער געווארפען אלע ווייל א בליק אויף זיין גאסט, מיט זיינע גנב׳ישע אויגלאך. ער האט איהם אויסגעהערט און געפאדערט מעהר קלארקייט אין „די פאקטען״. זעהענדיג אז אינסאראוו לאזט זיך ניט זעהר גערן אריין אין דעטאלען (און אויף קומען צו איהם האט ער זיך געמאכט הארץ), האט ער זיך באנוגענט מיט דעם, וואס ער האט איהם געראטען פריהער פון אלץ זיך באוואפענען מיט „פענענזעס״ און געבעטען קומען א צווייטען מאל, „ווען ביי אייך, האט ער צוגעגעבען, שמעקענדיג טאבאק פון דער טאבאק-פושקע, וועט ווערען אביסעל מעהרער צוטרויען און אביסעל וועניגער אונצוטרויען״. „און א פאספארט, האט ער פארגעזעצט ווי פאר זיך, איז א זאך וואס ליגט אין מענשליכע

הענט; צום ביישפּיעל, איהר פאהרט: וועד וויסט אייך צי זענט איהר מאריא אָדער פּרעדיכינא צי גאר קאראָלינא פּאגעלמאיער?"

ביי איסאראָוועז האָט זיך ערוועקט א געפיהל פון עקעל, אָבער ער האָט באדאנקט דעם פּראָקוראָר און האָט איהם פארשפּראָכען צו קומען אין א פּאָר טעג ארום.

אין דעם זעלבען אָוועגט איז ער אוועק צו די סטאבוום. אננא וואסיליעוונא האָט איהם זעהר פריינדליך אויפגענומען. זי האָט איהם אויסגערעדט, וואָס ער האָט זיי גאר איגנאנצען פארגעסען, און געפינענדיג, אז ער איז זעהר בלאס, האָט זי ביי איהם געפרעגט, וואָס ער מאכט אין געזונט. ניקאָלאי ארטעמאָוויטש האָט איהם קיין וואָרט ניט געזאָגט; ער האָט בלויז נייגעריג א קוק געטאָן אויף איהם מיט א נאכלעסיג-פארטראכטען בליק. שובין איז זיך באגאנגען מיט איהם זעהר קאלט. נאָר יעלענא האָט איהם איבער-ראשט. זי האָט געוואָרט אויף איהם; צוליעב איהם האָט זי אָנ-געטאָן דאָס קלייד, וואָס זי האָט געטראָגען אין דעם טאָג ווען זיי האָבען זיך צום ערשטען מאָל געטראָפען אין שטיבעל. אָבער זי האָט איהם אזוי רוהיג באגריסט, און איז געווען אזוי ליעב און זאָרגלאָז פרעהליך, אז קוקענדיג אויף איהר וואָלט קיינעם ניט איינ-געפאלען, אז דער שיקזאל פון אָט דער מיידעל איז שוין באשטימט און, אז בלויז דער געהיימניספולער באוואוסטזיין פון גליקליכער ליעבע האָט באלעבט איהרע שטריכען און געמאכט לייכט און גרינג אלע איהרע באוועגונגען. זי האָט אליין אנגעגאָסען טעע, אָנ-שטאָט זאָיען. זי האָט געשפּאסט און געפלאפּעלט; זי האָט גע-וואוסט, אז שובין וועט זי באאָבאכטען און אז אינסאראָוו וועט ניט קענען אָנטאָן קיין מאסקע פון גלייכגילטיגקייט און זי האָט זיך באוואפענט פאראויס. זי האָט קיין טעות ניט געמאכט: שובין האָט קיין אויג פון איהר ניט אראָפּגעלאָזט, און אינסאראָוו איז געווען זעהר שווייגענדיג און אומעטיג דעם גאנצען אָוועגט. יע-לענא האָט זיך געפיהלט אויף אזוי פיעל גליקליך, אז איהר האָט זיך פארגלוסט אביסעל צו רייצען מיט איהם.

— נו, וואָס? — האָט זי איהם פלוצלונג א פרעג געטאָן. — איהר האלט שוין ווייט מיט אייער פלאן?

אינסאראָוו איז צומישט געוואָרען.

— מיט וואָסער פּלאַן ? — האָט ער געפרעגט.

— און איהר האָט שוין פאַרגעסען ? — האָט זי געענטפערט מיט א געלעכטער: בלויז ער אליין האָט געקענט פאַרשטעהן די באַדייטונג פון אָט דעם גליקליכען געלעכטער: — אייער בולגאַרישער לעהרע־בוך פאַר די רוסען ?

— Quelle bourde! — האָט צווישען די צייהן ארויסגעברומט ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש.

יעלענא האָט קוים באמערקבאר א דריק געטאָן מיט די פּלייצעס און האָט אָנגעוויזען אינסאראָווען מיט די אויגען אויפ׳ן טיר, אָט ווי זי וואָלט איהם אָפּגעלאָזען אהיים. דערנאָך האָט זי לאנגזאָם צוויי מאָל זיך צוגעריהרט מיט׳ן פינגער צום טיש און האָט א קוק געטאָן אויף איהם. ער האָט פאַרשטאַנען, אז זי האָט באַשטימט זיך צו טרעפען מיט איהם אין צוויי טעג ארום. זי האָט א פלינקען שמייכעל געטאָן ווען זי האָט דערזעהן אז ער האָט זי פאַרשטאַנען. אינסאראָוו איז אויגעשטאַנען און זיך אָנגעהויבען געזעגענען: ער האָט זיך געפיהלט ניט אינגאַנצען געזונט.

עס איז געקומען קורנאטאָווסקי. ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש איז אויפגעשפּרונגען. ער האָט אויפגעהויבען די רעכטע האַנט העכער פון זיין קאָפּ און האָט זי ווייך אראָפּגעלאָזען אויף דער דאָלאָניע פון דעם אָבער־סעקרעטאַר. אינסאראָוו איז פאַרבליבען אויף נאָך א פּאָר מינוט, אום א קוק צו טאָן אויף זיין קאָנקורענט. יעלענא האָט בגנבה צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. דער באַלעבאָס האָט ניט געפונען פאַר נויטיג זיי פאַרצושטעלען איינע די אַנדערע, און אינסאראָוו איז אוועק, צום לעצטען מאָל זיך איבערוואַרפענדיג מיט א בליק מיט יעלענען. שובין האָט געטראַכט, געטראַכט, דערנאָך — מיט ווילדען כעס גענומען דיסקוטירען מיט קורנאטאָווסקי׳ן יורידישע פראַגען, וועלכע ער האָט פאַרשטאַנען ווי א האָן אין בני־אדם.

אינסאראָוו איז א גאַנצע נאַכט ניט געשלאָפען און אין דער פריה האָט ער זיך דערפיהלט שלעכט; דאָך האָט ער זיך פאַרנומען מיט דער ארבייט צו ברענגען אין אָרדנונג זיינע פּאַפּירען און שרייבען בריעף, אָבער דער קאָפּ איז איהם געווען שווער און עפּעס אזוי מאָדנע פאַרדרעהט.

מיטאָג־צייט האָט ער באַקומען היץ און ער האָט גאָר ניט גע־
קענט עסען. די היץ איז שנעל געוואַקסען צום אָווענט־צו; עס
האָט איהם אָנגעהויבען ברעכען אַלע אברים, און דער קאָפּ־וועהטאָג
איז געוואָרען אונערטרעגליך. אינסאַראָוו האָט זיך אָוועקגעלעגט
אויף דעם זעלבען דיוואַן, אויף וועלכען עס איז אַזוי ניט לאַנג צוריק
געזעסען יעלענאַ; ער האָט געטראַכט: „ניט אומזיסט בין איך
באַשטראָפט. נאָך וואָס האָב איך זיך געשלעפּט צו אָט דעם אַלטען
פּלוט?“, און האָט זיך געמיהט איינצושלאָפען... אָבער איהם האָט
שוין באַהערשט די קראַנקהייט. מיט אַ מורא'דיגער קראַפט האָבען
גענומען שלאָגען אין איהם די אָדערן און פייערדיג־הייס האָט זיך
צוברענט אין איהם דאָס בלוט, ווי פויגלען האָבען זיך גענומען
דרעהען זיינע געדאַנקען. ער איז אריינגעפאַלען אין אַ באַוואוסט־
לאָזען צושטאַנד. ווי אַ צודריקטער איז ער געלעגען אויפ'ן בויך
און מיט אמאָל האָט זיך איהם אויסגעדאַכט, אַז אימיצער שטעהט
איבער איהם און לאַכט, פאַרגעהט זיך פון געלעכטער און מורמעלט
וואָס מיט גרויס אנשטרענגונג — האָט ער געעפענט די אויגען.
די שיין פון דער ברענענדער ליכט האָט איהם אַ שניט געטאָן ווי
מיט מעסערס... וואָס איז דאָס? פאַר איהם שטעהט דער אַלטער
פּראָקוראָר אין אַ מאָדנעם כאַלאַט אונטערגעגאַרטעלט מיט אַ גאַר־
טעל, ווי ער האָט איהם ניט לאַנג געזעהן... „קאַראָלינא פאַנעל־
מאַיער“, מורמעלט זיין צאָהנלאָזער מויל. אינסאַראָוו קוקט, און
דער אַלטער ווערט אַלץ ברייטער, ווערט געשוואָלען און וואַקסט;
ער איז שוין מעהר נישט קיין מענש — ער איז שוין אַ בוים...
און אינסאַראָוו מוז קריכען איבער זיינע ווילדע צווייגען. ער קלע־
טערט, פאַרטשעפּעט זיך און פאַלט מיט'ן ברוסט אויף אַ שאַרפען
שטיין, און קאַראָלינא פאַנעלמאַיער זיצט מיט די פיס אונטער זיך,
ווי אַ קרעמערין, און שרייט: קנישעס, קנישעס, קנישעס — דאָר־
טען גיסט זיך בלוט און עס פאַכען די שווערדען, עס איז אונ־
ערטרעגליך!... יעלענאַ! און אַלעס פאַרשווינדט אין אַ פייער־רויט־
טען תהו ובהו.

.25

— צו אייך איז דאָרטען אימיצער געקומען, עפּעס אַ שמיד, צי ווער ווייסט איהם דאָרטען, — האָט אויף מאָרגען אין אָווענט געזאָגט צו בערסענעוו'ען זיין דינער, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין שטרענגער באַנעמונג צום פּריץ און בכלל מיט זיין סקעפּטישען אַרט שכל. — ער וויל אייך זעהן.

— רוף איהם אַריין — האָט געזאָגט בערסענעוו.

עס איז אריינגעקומען דער „שמיד". בערסענעוו האָט דערקענט אין איהם דעם שניידער, דעם באַלעבאָס פון צימער, וואו אינסאַראָוו האָט געוואוינט.

— וואָס ווילסטו? — האָט ביי איהם געפרעגט בערסענעוו.

— איך בין געקומען צו אייך, — האָט ער אָנגעהויבען לאַנגזאַם פאַרנאַנדערשטעלענדיג די פיס, — ווייל אונזער שכן איז זעהר קראַנק.

— אינסאַראָוו?

— יאָ, יאָ, אונזער שכן. ווער ווייסט איהם. אין דער פריה איז ער נאָך געווען אויף די פיס. אין אָווענט האָט ער געבעטען בלויז טרינקען, האָט איהם מיינע געבראַכט אַביסעל וואַסער, און ביינאַכט האָט ער גענומען רעדען פון היץ. מיר הערען אַלץ, ווייל עס איז בלויז איבערגעצאַמט מיט אַ דין ווענטעל; היינט אין דער פריה איז ער שוין געבליבען ליגען אָהן לשון, ווי אַ שטיין, און פון איהם שלאָגט אַ היץ, אָה גאָט מיינער! איך האָב געדענקט, אפשר וועט ער נאָך שטאַרבען, ווער ווייסט איהם, דאַרף מען געבען צו וויסען דער פּאָליציי, ווייל ער איז אַליין; אָבער די באַלעבאָסטע האָט מיר געזאָגט: געה זיך דורך צו דעם שכן, וואו אונזערער האָט זומער געוואוינט, אפשר וועט ער דיר עפּעס זאָגען, און אפשר וועט ער גאָר אַליין קומען. און אַזוי בין איך צו אייך געקומען, ווייל מיר קענען ניט אַזוי, דאָס הייסט... .

בערסענעוו האָט געכאַפּט זיין היטעל, ער האָט אריינגעשטופּט דעם שניידער אין האַנט אַריין אַ רובעל, און איז אַוועקגעגאַנגען צו אינסאַראָווען.

ער האָט איהם געפונען אין אַ באַוואוסטלאָזען צושטאַנד, ליגענדיג אויפ'ן סאָפע אין די קליידער. זיין געזיכט האָט זיך מוראְ'דיג פאַרענדערט. בערסענעוו האָט גלייך באַפוילען דעם באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע איהם אויסטאָן און אריינלייגען אין בעט, און אליין איז ער אַוועק נאָכ'ן דאָקטאָר און האָט זיך אומגעקערט מיט איהם. דער דאָקטאָר האָט מיט אַמאָל צוגעשריבען פיאַווקעס, מושקעס, קאַלאָמעל און געהייסען לאָזען בלוט.

— ער איז געפעהרליך? — האָט געפרעגט בערסענאָוו.

— יאָ, זעהר, — האָט געענטפערט דער דאָקטאָר, — עס איז לונגען-ענטציענדונג אין אַן ערנסטער פאָרם. מעגליך אַז דער מוח איז אויך אָנגעריהרט. דאָס איז אַ יונגע פערזאָן, זיינע אייגענע קרעפטען זיינען געריכטעט געגען איהם. שפּעט האָט איהר זיך דערמאָנט ברענגען דעם דאָקטאָר, אָבער מיר וועלען טאָן אַלעס וואָס די וויסענשאַפט פאָדערט.

דער דאָקטאָר איז נאָך געווען יונג און האָט געגלויבט אין דער וויסענשאַפט.

בערסענעוו איז געבליבען נעכטיגען. דער באַלעבאָס מיט דער באַלעבאָסטע האָבען זיך ארויסגעוויזען פאַר גוטע און פאַר־שטענדליכע מענשען. ווי נאָר עס האָט זיך געפונען אַ מענש וואָס האָט זיי געזאָגט וואָס צו טאָן. עס איז געקומען דער פעלד־שער און עס האָבען זיך אָנגעהויבען מעדיצינישע מאַטערנישען.

פאַרטאָג איז אינסאַראָוו געקומען צו זיך אויף אַ פּאָר מינוט און געפרעגט ביי בערסענעוו'ן: „איך בין דאכט זיך ניט גע־זונט, צי וואָס?" ער האָט אַ קוק געטאָן ארום זיך מיט אַ טעמפּען, פוילען אומפאַרשטענדליכען בליק פון אַ שווערען קראַנקען און האָט זיך ווידער פאַרגעסען. בערסענעוו איז צוגעפאָהרען אַהיים, וואו ער האָט זיך איבערגעטאָן, גענומען מיט זיך עטליכע ביכער און האָט זיך צוריק אומגעקערט צו אינסאַראָוו'ן. ער האָט באַ־שלאָסען זיך באַזעצען ביי איהם כאָטש אויף דער ערשטער צייט. בערסענעוו האָט אָפּגעצאַמט אינסאַראָוו'ס בעט מיט אַ שפּאַניער־ווענטעל, און פאַר זיך האָט ער געמאַכט אַן אָרט ארום דער סאָפע. טרויעריג און לאַנגזאַם איז פאַריבער דער טאָג. בערסענעוו איז ארויס בלויז אויף אַ קורצער ווייל'ע פאַר מיטאָג. אין אָוועגט

האט ער אנגעצונדען א ליכט און האט זיך גענומען לעזען. אלץ ארום איז געווען שטיל. ביי די באלעבאטים אונטער'ן ווענטעל האט זיך געהערט אן איינגעהאלטענער געמורמעל, זיפץ אדער געגעץ. אימיצער האט דארטען א ניס געטאן, האט מען איהם שטילערהייט אויסגעזידעלט; פון הינטער'ן ווענטעל האט זיך דערטראגען צו זיי דאס שווערע אטעמען, וואס איז פון צייט צו צייט איבערגעריסען געווארען פון א קרעכץ און שמערצליכען אומווארפען די קאפ איבער'ן קישען... מאדנע געדאנקען זיינען באפאלען בערסענעוו'ן. ער האט זיך געפונען אין צימער פון א מענשען וועמעס לעבען עס איז געהאנגען אויף א האר, א מענשען וועמען עס האט ליעב געהאט יעלענא... עס האט זיך איהם דערמאנט יענע נאכט, ווען שובין האט איהם אנגעיאגט און האט איהם דערצעהלט, אז יעלענא האט ליעב איהם, בערסענאוו'ען! און איצט... וואס זאל איך איצט טאן? — האט ער געפרעגט ביי זיך אליין. — געבען צו וויסען יעלענא'ן וועגען זיין קראנקהייט? אדער צו ווארטען? אט די ידיעה איז טרויעריגער פון יענער, וועלכע איך האב איהר שוין אמאל געגעבען צו וויסען. מאדנע, ווי דער שיקזאל שטעלט מיך כסדר אלס די דריטע פערזאן צווישען זיי! באשלאסען האט ער צו ווארטען מיט דער ידיעה. זיינע בליקען זיינען געפאלען אויפ'ן טיש, וועלכער איז געווען באדעקט מיט מאסען פאפיר... צי וועט ער דורכפיהרען זיינע פארלאנגען? — האט געטראכט בערסענעוו. — שוין זשע וועט אלעס פארשווינדען? עס האט איהם גענומען באנג טאן דאס יונגע לעבען, וואס געהט איצט צו גרונט, און ער האט זיך געגעבען דאס ווארט איהם צו ראטעווען.... עס איז געווען א שלעכטע נאכט. דער קראנקער האט א סך גערעדט פון היץ. בערסענעוו איז עטליכע מאל אויפגעשטאנען פון זיין סאפע און איז אויף די שפיץ פינגער צוגעגאנגען צום קראנקען און זיך צוגעהערט צו זיין זינלאזען פלאפלען. בלויז איין מאל האט אינסאראוו מיט א פלוצלונגער קלארקייט ארויסגערעדט: „איך וויל ניט, איך וויל ניט, דו טארסט ניט...” בערסענעוו האט אויפגעציטערט און האט א קוק געטאן אויף אינסאראוו'ען: זיין געזיכט, א ליידענדער, כמעט טויטער, איז געווען באוועגלאז; די הענט זיינען מאכטלאז אראפ־

געהאנגען.... „איך וויל ניט", — האט ער ווידערהאלט זעהר שטיל.

אין דער פריה איז געקומען דער דאקטאר. ער האט א שאקעל געטאן מיט'ן קאפּ און צוגעשריבען נייע רפואות.

— עס איז נאך ווייט צום קריזיס, — האט ער געזאגט, אנ־טוענדיג די הוט.

— און נאכ'ן קריזיס? — האט געפרעגט בערסענעוו.

— נאכ'ן קריזיס קען דער אויסגאנג זיין א צווייענדיגער: Aut Caesar, aut nihil.

דער דאקטאר איז אוועקגעפאהרען. בערסענעוו איז זיך איי־ניגע מאל דורכגעגאנגען אין גאס. ער האט זיך געגוטיגט אין פרישער לופט. ער האט זיך אומגעקערט און זיך גענומען פאר'ן בוך.

ראומער'ן האט ער שוין פון לאנג געענדיגט, אין האט זיך גענומען פאר גראטען. מיט אמאל האט די טיר א שטילען סקריפּ געטאן און דעם באלעבאס' מיידעל האט פארזיכטיג ארייננעשטעקט דאס קעפּעל אין צימער אריין. איהר קאפּ איז, ווי אימער, געווען צוגעדעקט מיט א שווערען טיכעל.

— דא, — איז יענע פריילין, — האט זי אנגעהויבען אין דער שטיל, — וועלכע האט מיר לעצטען מאל געגעבען צעהן קאפּיקעס...

בערסענעוו איז אויפגעשפּרונגען, אט ווי א שלאנג וואלט איהם א ביס געטאן; אבער יעלענא האט זיך קיין דיהר ניט געטאן און ניט ארויסגעלאזען קיין קול.... עס האט אויסגעזעהען, ווי זי וואלט אלעס אין איין אויגענבליק פארשטאנען. א שרעק־ליכע בלאסקייט האט באדעקט איהר געזיכט, זי איז צוגעגאנגען צום ווענטעל, ארייננעקוקט אהין. זי האט א פּאטש געטאן מיט די הענט און איז פארשטיינערט געווארען. נאך א רגע און זי וואלט זיך א ווארף געטאן צו אינסארעוו'ען, נאר בערסענעוו האט זי אפּגעשטעלט.

— וואס טוט איהר? — האט ער געזאגט מיט א ציטער אין זיין שטים. — איהר קענט איהם אומברענגען!

זי האָט זיך א וואקעל געטאָן. ער האָט זי צוגעפיהרט צום סאָפע און זי אוועקגעזעצט אויף איהר.

זי האָט איהם אריינגעקוקט אין פּנים, דערנאָך האָט זי איהם אינגאַנצען ארומגענומען מיט איהר בליק און דאן ארונטערגע־לאָזט די אויגען אויפ'ן דיל.

— ער שטאַרבט? — האָט זי געפרעגט אַזוי קאַלט און רו־היג, אַז בערסענעוו האָט זיך דערשראָקען.

— אום גאָטעס ווילען, יעלענא ניקאָלאַיעוונא, — האָט ער אָנגעהויבען, — וואָס רעדט איהר? ער איז ווירקליך זעהר קראַנק, — און אפילו אַז איהר ווילט, געפעהרליך... נאָר מיר וועלען איהם אָפּראַטעווען, איך גיב אייך מיין וואָרט...

— ער איז אין א באַוואוסטלאָזען צושטאנד? — האָט זי געפרעגט ווי פריהער.

— יאָ, דאָס טרעפט שטענדיג אין אָנפאַנג פון אָט די קראַנק־הייטען. אָבער דאָס מיינט אבסאָלוט גאָרניט, — איך פאַרזיכער אייך. טרינקט אוים אביסעל וואַסער.

זי האָט אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט גאָר ניט געהערט זיין ענטפער.

— אויב ער וועט שטאַרבען, — האָט זי געזאָגט מיט דער זעלבער שטים, — וועל איך אויך שטאַרבען.

אין דער רגע האָט אינסאַראָוו ארויסגעלאָזען א שטילען קרעכץ; זי האָט אָנגעהויבען ציטערען און האָט זיך געכאַפּט פאַר'ן קאָפּ, דערנאָך האָט זי גענומען צובינדען די סטענגעס פון איהר הוט.

— וואָס טוט איהר? — האָט געפרעגט ביי איהר בערסענעוו.

זי האָט ניט געענטפערט.

— וואָס טוט איהר? — האָט ער ווידערהאָלט.

— איך בלייב דאָ.

— ווי... אויף לאַנג?

— איך ווייס ניט, מעגליך אויפ'ן גאַנצען טאָג, אויף א גאַנצער נאַכט, און אפשר אויף אייביג... איך ווייס ניט.

— אום גאָטעס ווילען, יעלענא ניקאָלאַיעוונא, קומט צו זיך. איך האָב, פאַרשטעהט זיך, בשום אופן ניט געקענט ערוואַרטען צו

טרעפען אייך דאָ, נאָר פונדעסטוועגען... דענק איך, אז איהר זייט אריינגעקומען אהער אויף א קורצער ווייל. דערמאָנט זיך נאָר אז מען קען זיך נאָך כאפען אין דער היים...

— איז וואָס?

— מען וועט אייך נעמען זוכען... מען וועט אייך געפינען...

— איז וואָס?

— יעלענא ניקאָלאיעוונא! איהר זעהט... ער קען אייך איצט ניט באשיצען.

זי האָט אראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ, אָט ווי זי וואָלט זיך פאר־טראַכט. זי האָט צוגעטראָגען דאָס טיכעלע צו די ליפען, און א שרעקליכער יאָמערליכער געוויין האָט מיט א מורא'דיגער קראַפט זיך פלוצלונג ארויסגעריסען פון איהר ברוסט... זי האָט זיך א וואָרף געטאָן מיט'ן פּנים אין דיוואַן און זיך באמיהט דעם געוויין צו פארטויבען, אָבער איהר גאנצער קערפּער האָט זיך געהויבען און געשלאָגען ווי א געפאנגענע פויגעלע.

— יעלענא ניקאָלאיעוונא... ווי גאָט איז אייך ליעב... — האָט זיך געבעטען ביי איהר בערסענעוו.

— א? וואָס איז? — האָט זיך מיט אמאָל דערהערט אינ־סאראוו'ס שטימע.

יעלענא האָט זיך אויסגעגלייכט און בערסענעוו איז אזוי פאר־שטאַרבען אויפ'ן אָרט... א ווייל שפּעטער איז ער צוגעגאנגען צום בעט. אינסאראָוו'ס קאָפּ איז מאַכטלאָז, ווי פריהער, געלעגען אויפ'ן קישען. זיינע אויגען זיינען געווען פארמאַכט.

—ער רעדט פון היץ? — האָט ארויסגעמורמעלט יעלענא.

— דאַכט זיך, — האָט געענטפערט בערסענעוו, — אָבער דאָס איז גאָר ניט; דאָס איז אויך אימער אזוי, באזונדערס אויב...

— ווען איז ער קראַנק געוואָרען? — האָט איבערגעשלאָגען יעלענא.

— אייערנעכטען; פון נעכטען אָן בין איך דאָ. פארלאָזט זיך אויף מיר, יעלענא ניקאָלאיעוונא. איך וועל פון איהם ניט אָפּטרעטען; עס וועלען אָנגעווענדעט ווערען אלע מיטלען איהם צו ראַטעווען. אויב מען וועט דאַרפען וועלען מיר צוזאַמענרופען א קאָנסיליום.

— ער וועט שטארבען אהן מיר! — האט זי אויסגעשריען, ברעכענדיג די הענט.

— איך גיב אייך מיין ווארט אלע טאג אייך לאזען וויסען ווי עס געהט אן די קראנקהייט, און אויב עס זאל, ווירקליך, קומען צו אן ערנסטער געפאהר...

— שווערט מיר אז איהר וועט גלייך שיקען נאך מיר, ווען דאס זאל ניט זיין, בייטאג אדער ביינאכט. שרייבט א צעטעלע דירעקט צו מיר... מיר איז איצט אלץ איינס. איהר הערט? זאגט איהר מיר צו דאס צו טאן?

— איך זאג אייך צו, גאט איז מיין עדות.

— שווערט מיר.

— איך שווער.

מיט אמאל, האט זי געכאפט זיין האנט און איידער ער האט דערוויזען אפרייסען איהר, איז יעלענא צוגעפאלען צו איהר מיט די ליפען.

— יעלענא ניקאלאיוונא... וואס טוט איהר דאס, — האט ער ארויסגעמורמעלט. — ניין... ניין... מען דארף ניט... — האט אונקלאר געזאגט אינסאראוו און האט א שווערען זיפץ געטאן.

יעלענא איז צוגעגאנגען צום ווענטעל, זי האט מיט די צייהן צוזאמענגעדריקט דאס נאזטיכעל און לאנג, לאנג געקוקט אויפ'ן קראנקען. שטילע טרערען האבען זיך געקייקעלט איבער איהרע באקען.

— יעלענע ניקאלאיעוונא, — האט צו איהר געזאגט בער־סענעוו, — ער קען נאך קומען צו זיך און אייך דערקענען, איין נאט ווייסט אויב דאס וועט איהם גוטס טאן. אויסער דעם ערווארט איך דעם דאקטאר...

יעלענא האט גענומען איהר הוט פון סאפע, האט זי אנגעטאן און האט זיך אפגעשטעלט. איהרע אויגען האבען אומעטיג אומ־געבלאנזשעט איבער'ן צימער. עס האט אויסגעזעהן, ווי זי וואלט זיך דערמאנען אן עפעס...

— איך קען ניט אוועקגעהן, — האט זי ארויסגעשעפטשעט אם ענדע.

בערסענעוו האָט איהר געדריקט די האַנד.

— נעהמט זיך אָן מיט כוח , האָט ער געזאָגט, — און באַ־רוהיגט זיך ; איהר לאָזט איהם איבער אויף מיינע הענט.

— איך וועל נאָך היינט אין אָווענט קומען צו אייך.

יעלענאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם, און האָט אַרויסגע־רעדט : „אַ מיין גוטער פריינד !״ זי האָט זיך צואווייגט און איז געשווינד אַרויס פון צימער.

בערסענעוו האָט זיך אָנגעשפאַרט אין טיר, אַ שווערער ביטע־רער געפיהל, וועלכער האָט דאָך ענטהאַלטען אין זיך אַ געוויסע נחמה, האָט איהם פאַרדריקט דאָס האַרץ. „מיין גוטער — גוטער פריינד !״ — האָט ער געטראַכט און דערביי געדריקט מיט די פלייצעס.

— ווער איז דאָ דאָ ? — האָט זיך דערהערט אינסאַראָוו׳ס שטימע.

בערסענעוו איז צוגעגאַנגען צו איהם.

— איך בין דאָ, דמיטרי ניקאָנאַראָוויטש. איהר ווילט עפּעס ? ווי פיהלט איהר זיך ?

— אַליין ? — האָט געפרעגט דער קראַנקער.

— אַליין.

— און זי ?

— ווען מיינט איהר, — האָט כמעט מיט שרעק אַרויס־גערעדט בערסענעוו.

אינסאַראָוו האָט געשוויגען אַ ווייל. „רעזעדאַ״, האָט ער אַ מורמעל געטאָן און זיינע אויגען האָבען זיך ווידער צוגעשלאָ־סען.

## 26

אינסאַראָוו האָט זיך גאַנצע אַכט טאָג געפונען צווישען לע־בען און טויט. דער דאָקטאָר איז געקומען אונאויפהערליך, וויייל ער, אַלס אַ יונגער דאָקטאָר, האָט זיך זעהר אינטערעסירט מיט דעם שווערען קראַנקען. שוּבין האָט זיך דערוואוסט, אַז אינסאַראָוו

איז געפעהרליך קראנק און האָט איהם באזוכט; עס זיינען אויך געקומען צו איהם זיינע מיטבירגער, די בולגארען. צווישען זיי האָט בערסענעוו דערקענט יענע מאָדנע באזוכער, וועלכע האָבען ארויסגערופען זיין ערשטוינונג אין זייער ערשטען באזוך אין זיין זומער וואוינונג. אלע האָבען ארויסגעוויזען אן אויפריכטיגען מיטגעפיהל, און אייניגע האָבען פאָרגעשלאָגען בערסענעוו'ען איהם פארבייטען ביים קראנקען'ס בעט, אָבער ער האָט ניט איינגעשטימט, געדענקענדיג דעם פארשפּרעכען וואס ער האָט געגעבען יעלענא'ן. ער האָט זי געזעהן יעדען טאָג און האָט איהר בגנבה איבערגעגעבען, ווען פערזענליך און ווען דורך א קליינעם צעטעלע, אלע דעטאלען, ווי עס געהט אָן די קראנקהייט. מיט א מין הארץ־קלאפעניש האָט זי איהם ערווארט, און ווי אזוי זי האָט איהם אויסגעהערט און פאנאנדערגעפרעגט! זי האָט זיך אלץ אליין געריסען צו אינסאראוו'ען; אבער בערסענעוו האָט זיך געבעטען ביי איהר, אז זי זאל דאָס ניט טאָן; אינסאראוו איז זעלטען געווען אליין. דעם ערשטען טאָג ווען זי האָט זיך דערוואוסט וועגען זיין קראנקהייט, איז זי שיער אליין אויך ניט קראנק געווארען; ווי נאר זי האָט זיך אומגעקערט א היים האָט זי זיך פארשלאָסען אין איהר צימער; ווען מען האָט זי גערופען עסען מיטאָג, איז זי אריינגעקומען אין עס־צימער מיט אזא פּנים, אז אננא וואסילעווגא האָט זיך דערשראָקען און האָט געוואָלט זי אומבאדינגט ארייגלעגען צוריק אין בעט. יעלענע'ן האָט זיך דאָך איינגעגעבען זיך איבערצוברעכען. זי האָט זיך איינגע'חזר'ט: „אויב ער וועט שטארבען, וועל איך אויך ניט לעבען". אָט דער געדאנק האָט זי בארוהיגט און איהר געגעבען כוחות אויסצוקוקען גלייכגילטיג. איבריגענס האָט זי קיינער צופיעל ניט באאונרוהיגט: אננא וואסילעווגא האָט זיך גע'עסק'ט מיט איהרע נעשווירען; שובין האָט געארבייט ווי א טייפעל; זאיא האָט זיך איבערגעגעבען צו מעלאנכאָליע און האָט זיך געקליבען איבערצולייענען ווערטער'ן; ניקאָלאי ארטעמאָוויטש איז געווען זעהר אומצופרידען פון דעם „פּראָפעסאָר'ס" אָפטע באזוכען, נאָך מעהר דערפאר, ווייל זיינע האָפנונגען מכוח קורנאטאווסקי זיינען צוגעגאנגען אזוי לאנגזאם און שווער: דער פּראקטישער אָבער־סעקרעטאר האָט ניט פארשטאנען יעלענע'ן און

האָט אויסגעוואַרט. יעלענאַ האָט אַפילו ניט געדאַנקט בערסע־נעוו'ן. עס זיינען דאָ טובות, פאַר וועלכע צו דאַנקען איז אונמעג־ליך. בלויז איין און איינציגען מאָל, דאָס איז געווען דעם פער־טען מאָל, ווען זיי האָבען זיך געטראָפען, (אינסאַראָוו האָט געהאַט אַ שלעכטע נאַכט און דער דאָקטאָר האָט דערמאָנט וועגען אַ קאָנ־סיליום) בלויז דעם מאָל האָט איהם יעלענאַ דערמאָנט וועגען זיין שבועה. „נו, אויב אַזוי, קומט זשע", — האָט ער איהר גע־זאָגט; זי האָט זיך אויפגעהויבען און שוין געוואָלט געהן זיך אָנטאָן. — „ניין," האָט ער געזאָגט, „מיר וועלען צואוואַרטען ביז מאָרגען". אין אָווענט איז אינסאַראָוו'ען גרינגער געוואָרען.

אַכט טאָג לאַנג האָט אָנגעהאַלטען אָט די שרעקליכע לאַגע. יעלענאַ האָט אויסגעזעהן רוהיג, זי האָט בלויז גאַר ניט געקענט עסען, און איז ניט געשלאָפען דורך די נעכט. אַ טעמפּער וועהטאָג איז געווען צוגאָסען איבער אַלע איהרע אברים. עפּעס אַ מין מאָד־נע טרוקענער רויך האָט אָנגעפילט איהר קאָפּ. „אונזער פריילין צאַנקט ווי אַ ליכט", האָט גערעדט וועגען איהר דאָס הויז־מיידעל.

אַם ענדע, אויפ'ן ניינטען טאָג, האָט די קראַנקהייט געבראָ־כען. יעלענאַ איז געזעסען אין גאַסט צימער אַרום אַננאַ וואַסי־לעוונאַ, און אַליין ניט פאַרשטעהענדיג וואָס זי טוט, האָט זי איהר געלעזען „די מאָסקווער וועדאָמאָסטיען". בערסענעוו איז אַריינ־געקומען. יעלענאַ האָט אויפגעהויבען אויף איהם איהר בליק. (פלינק, אונרוהיג און דורכדרינגענד איז געווען דער ערשטער בליק, וואָס זי האָט אויף איהם יעדעס מאָל געוואָרפען.) און זי האָט גלייך פאַרשטאַנען אַז ער האָט איהר געבראַכט אַ גוטע בשורה. ער האָט געשמייכעלט און לייכט געשאָקעלט צו איהר מיט'ן קאָפּ. זי האָט זיך אויפגעהויבען צו באַגעגענען איהם.

— ער איז געקומען צו זיך, ער איז שוין אויסער געפאַהר, אין אַ וואָך אַרום וועט ער זיין אינגאַנצען געזונט, — האָט ער איהר איינגערוימט.

יעלענאַ האָט אויסגעצויגען די הענט, ווי זי וואָלט זיך פאַר־היטען פון אַ קלאַפּ, און האָט גאַרנישט געזאָגט, בלויז די ליפּען האָבען איהר אָנגעהויבען ציטערען, און דאָס בלוט האָט זיך איהר אַ לאָז געטאָן איבער'ן געזיכט. בערסענעוו האָט אָנגעהויבען רע־

ד'ען מיט אננאַ וואסילעווגא, און יעלענאַ איז אוועק צו זיך אין צימער. זי איז געפאַלען אויף די קני און גענומען תפילה טאָן און גאָט דאנקען... ליכטיגע, גרינגע טרערן האָבען זיך א גאס געטאָן פון איהרע אויגען. זי האָט זיך מיט אמאָל דערפיהלט שרעקליך מיד. זי האָט ארויפגעלעגט דעם קאָפּ אויפ'ן קישען און ארויסגעמורמעלט: „אָרימער אנדרעי פּעטראָוויטש!" און איז גלייך איינגעשלאָפען. איהרע וויעס און באקען זיינען געוועזען נאס פון טרערען. זי איז שוין לאנג ניט געשלאָפען און האָט שוין לאנג ניט געוויינט.

## 27

בערסענעוו'ס ווערטער זיינען טיילוויז מקוים געווארען: די געפאהר איז פאריבער, אבער צוריק צו די כוחות איז אינסאראוו געקומען זעהר לאנגזאם. דער דאָקטאָר האָט אַלץ גערעדט וועגען דער אלגעמיינער אויפטרייסלונג פון דעם גאנצען אָרגאַניזים. ניט קוקענדיג דאַרויף האָט דער קראַנקער פארלאזען דאס בעט און האָט אָנגעהויבען ארומגעהן איבער'ן צימער; בערסענעוו האָט זיך איבערגעקליבען צו זיך אהיים, אבער ער פלעגט אלע טאָג קומען געוואר ווערען צו זיין שוואכען חבר און האָט, ווי פריהער, יעדען טאָג געגעבען צוואויסען יעלענע'ן וואס ער מאכט אין געזונט. אינסאראוו האָט ניט געוואגט צו שרייבען צו איהר און בלויז פארביינעהענדיג אין די געשפרעכען מיט בערסענעוו'ען האָט ער אזוי אדער אנדערש גערעדט וועגען איהר. בערסענעוו האָט מיט א געמאכטער גלייכגילטיגקייט איהם דערצעהלט וועגען זיינע באזוכען צו די סטאַכאָווס, דערביי האָט ער זיך געמיהט איהם געבען צו פארשטעהן, אז יעלענאַ'ן האָט שרעקליך באאונרוהיגט זיין קראַנקהייט און אז איצט האָט זי זיך שוין אביסעל בארוהיגט. יעלענאַ האָט אויך ניט געשריבען צו אינסאראוו'ען; זי האָט עפּעס אנדערש אין זינען געהאַט.

איינמאָל, ווען בערסענעוו האָט מיט א פרעהליך פּנים איהר נאָר וואָס דערצעהלט, אז דער דאָקטאָר האָט שוין ערלויבט אינסאַ־

ראוו׳ען עסען א קאָטלעטקע און אַז ער וועט שוין מן הסתם אין גיכען אַרויסגעהן אין גאַס, האָט זי אַראָפּגעלאָזען דעם קאָפּ און האָט זיך פֿאַרטראַכט...

— טרעפֿט וואָס איך וויל אייך זאָגען, — האָט זי געזאָגט. בערסענעוו איז רויט געוואָרען, ער האָט זי פֿאַרשטאַנען.

— וואַרהשיינליך ווילט איהר מיר זאָגען, אַז איהר ווילט איהם זעהן, — האָט ער געענטפֿערט, קוקענדיג אין אַ זייט.

יעלענאַ איז רויט געוואָרען און האָט זעהר שטיל געזאָגט:

— יאָ.

— טאָ, אין וואָס איז דאָ די מניעה? איך דענק, אַז איהר קענט דאָס לייכט אויספֿיהרען. „פֿע, האָט ער געטראַכט, ס׳אַרא מיאוס׳ער געפֿיהל, עס דריקט מיין האַרץ.״

— איהר ווילט זאָגען, אַז איך בין שוין פֿריהער... — האָט אַרויסגערעדט יעלענאַ — אָבער איך האָב מורא — איהר דער־צעהלט, אַז לעצטענס בלייבט ער זעלטען אַליין.

— דערצו איז ניט שווער צו העלפֿען, — האָט אָפּגעענטפֿערט בערסענעוו, ניט קוקענדיג אויף איהר. — זאָגען איהם, פֿאַרשטעהט זיך, קען איך ניט, אָבער גיט מיר אַ צעטעלע. ווער קען אייך פֿאַר־ווערען צו שרייבען צו איהם, ווי צו אַ גוטען באַקאַנטען אין וועלכען איהר נעמט אַן אייננטייל; אין דעם איז ניטאָ קיין שלעכטס. זאָגט איהם . . . דאָס הייסט, שרייבט איהם אָן, ווען איהר ווערט זיין.

— מיר איז אונאַנגענעהם, — האָט אַרויסגעמורמעלט יעלענאַ.

— גיט מיר אַ צעטעלע, איך וועל דאָס אוועקטראָגען.

— דאָס דאַרף מען ניט, נאָר איך האָב אייך געוואָלט בעטען... זייט ניט בייז אויף מיר, אַנדרעי פּעטראָוויטש . . . קומט ניט צו איהם מאָרגען.

בערסענעוו האָט פֿאַרביסען די ליפּ.

— אָ, יאַ, געוויס, איך פֿאַרשטעה, זעהר גוט, זעהר גוט. — ער האָט צוגעגעבען נאָך צוויי־דריי ווערטער און האָט זיך געזע־געגט און איז אוועקגעגאַנגען.

„אַזוי איז נאָך בעסער, נאָך בעסער,״ האָט געטראַכט בער־סענעוו זיך איילענדיג אַהיים. — „איך האָב זיך קיין נייעס ניט דערוואוסט, אָבער וואָס איז דאָס פֿאַר פֿאַרגעניגען זיך קלעפּען צו

א ברעגעלע פון א פרעמדען נעסט? איך האב ניט אויף וואס חרטה צו האבען. איך האב געטאן אלעס, וואס מיין געוויסען האט מיר דיקטירט. אבער איצט גענוג, גענוג! ניט אומזיסט פלעגט מיר דער טאטע אלץ זאגען: איך מיט דיר ברודער לעבען, זיינען ניט קיין אריסטאקראטען און ניט קיין צולאזענע, ניט באַ־ליבט פון דער נאטור; מיר זיינען אפילו קיין מארטירער אויך ניט... מיר זיינען בלויז הארעפאשניקעס. הארעפאשניקעס — און שוין. טא טו־זשע אן דיין לעדערנעם שירץ, הארעפאשניק, און שטעל זיך צו דיין ארבייטס־טיש אין דיין טונקעלען אר־בייטס־צימער. זאל די זון שיינען פאר נדערע! אין אונזער טוי־טען לעבען איז דא זיין אייגענער שטאלץ און זיין אייגענער גליק!"

אויף מארגען אין דער פריה האט אינסאראוו געקראגען דורך פאסט א קליינינקען בריוועלע: ווארט אויף מיר, — האט איהם געשריבען יעלענא, — היים קיינעם ניט אויפנעהמען. א. פ. וועט היינט ניט קומען.

## 28

אינסאראוו האט איבערגעלעזען יעלענא'ס צעטעלע און האט זיך גלייך גענומען מאכען ארדנונג אין צימער. ער האט געבעטען די באלעבאסטע זי זאל צונעהמען אלע פלעשעלאך מיט די רעצעפ־טען. ער האט אראפגענומען זיין שלאפראק און אנגעטאן זיין סור־דוט. פון שוואכקייט און פרייד האט זיך ביי איהם פארדרעהט דער קאפ און עס האט שטארק גענומען קלאפען דאס הארץ. די פיס האבען זיך איהם אונטערגעהאקט: ער האט זיך אראפגעלא־זען אויפ'ן סאפע און גענומען קוקען אויפ'ן זייגער.

— איצט איז א פערטעל צו צוועלף — האט ער געזאגט צו זיך אליין — פריהער ווי צוועלף קען זי זיכער ניט קומען; איך וועל בעסער טראכטען פון עפעס אנדערש פאר דער פערטעל שעה, אז ניט וועל איך דאס ניט אריבערטראגען. פריהער פון צוועלף קען זי בשום אופן ניט קומען..."

די טיר האט זיך אויפגעעפענט און אין א לייכטען זיידענעם

קלייד איז אריינגעקומען יעלענא. זי איז געווען גליקליך פון פרייד אין גאנצען בלאס און פריש, פול מיט יוגענד צויבער. מיט א שוואכען פריידיגען אויסגעשריי איז זי איהם ארויפגעפאלען אויפ'ן האלז. „דו ביזט לעבען געבליבען, דו ביזט מיינער" — האט זי גע'חזר'ט, ארומגעהמענדיג און צערטלענדיג זיין קאפּ. ער איז אינגאנצען פארשטארבען, עס האט איהם פארכאפּט דער אָטעם פון אָט דער נאָהענטקייט, פון אָט דער באריהרונג און פון גרוים גליק.

זי האָט זיך אוועקגעזעצט נעבען איהם, האָט זיך צוגעדריקט צו איהם און גענומען קוקען אויף איהם מיט יענעם פארליעבטען, לאבענדיגען בליק, וועלכער לייכט בלויז אין די אויגען פון א פאר־ליעבטער פרוי.

פלוצלונג האָט א טרויער פארצויגען איהר געזיכט.

— ווי דו ביזט דאָס ארונטער, מיין אָרימער דמיטרי, — האָט זי געזאגט, פיהרהענדיג מיט דער האנט איבער זיין באק, — און ס'ארא באָרד עס איז ביי דיר אויסגעוואקסען.

— דו ביזט אויך שטארק ארונטער, מיין ארימע יעלענא, — האָט ער געענטפערט, כאפּענדיג מיט די ליפּען איהרע פינגער.

זי האָט פרעהליך אויפגעטרייסעלט איהרע קרויזען.

— דאָס איז גאר נימ. דו וועסט זעהן, ווי מיר וועלען זיך ערהאָלען! דער שטורעם איז אָנגעקומען פלוצלונג, אונערווארטעט, ווי אין יענעם טאָג, ווען מיר האָבען זיך געטראפען אין שטיבעל, און ער איז פאריבער. איצט וועלען מיר לעבען!

ער האָט געענטפערט בלויז מיט א שמייכעל.

— אך, ס'ארא טעג, דמיטרי, ס'ארא טעג! ווי לעבען דאָס מענשען איבער די, ווען זיי ליעבען! איך האָב יעדעס מאָל גע־וואוסט אויף פריהער, וואָס אנדרעי פעטראָוויטש וועט מיר זאָ־גען, און באמת, אז מיין לעבען האָט זיך געהויבען און איז געפא־לען צוזאמען מיט דיינעם. לעבען זאָלסטו, מיין דמיטרי.

ער האָט נימ געוואוסט וואס איהר צו זאגען. איהם האָט זיך געגלוסט פאלען צו איהרע פיס.

— אָט וואָס איך האָב באמערקט, (איך האָב פיעל געלערענט פאר דער צייט). ווען א מענש איז זעהר, זעהר אומגליקליך פאלגט

ער נאָך מיט א נארישער אויפמערקזאמקייט אלעם וואס עס טוט זיך ארום איהם. און ווירקליך, איך האָב זיך אמאָל צוגעקוקט צו א פליעג, ווען אין מיין אייגענער נשמה האָט געהערשט אזא מורא'דיגע קעלט און גרויל! אבער דאס אלעס איז פאריבער', ניט אזוי? אלעס פאראויס איז אזוי העל און ליכטיג, ניט אמת, אפשר?

— פאר מיר ביזטו פאָראויס — האָט געענטפערט אינסאַראוו, — איז מיר ליכטיג.

— און פאר מיר? געדענקסטו, ווען איך בין דאן געוועזן ביי דיר, ניט דעם לעצטען מאָל, ניט דעם לעצטען מאָל, — האָט זי ווידערהאָלט מיט א ניט-ווילענדיגען ציטער, — ווען איך האָב דאן גערעדט מיט דיר, ווייס איך אליין ניט פאר וואס איך האָב דערמאָנט וועגען טויט, איך האָב אפילו קיין אהנונג ניט געהאט, אז דער טויט היט אונז. אבער איצט ביזטו דאָך געזונט?

— מיר איז א סך בעסער, איך בין כמעט געזונט.

— דו ביזט געזונט, דו ביזט ניט געשטארבען, אָה, גאָט, ווי איך בין דאס גליקליך!

עס האָט געפאלגט א קורצער שווייגען.

— יעלענא! האָט געזאָגט אינסאראוו.

— וואס, מיין ליעבער?

— איז דיר ניט איינגעפאלען, אז אָט די קראנקהייט איז אויף אונז אָנגעשיקט געווארען אלס שטראף?

יעלענא האָט ערנסט אויף איהם א קוק געגעבען.

— מיר איז יאָ איינגעפאלען אָט דער געדאנק, דמיטרי, אבער איך האָב געטראכט, פארוואס זאל איך דאס ווערען באשטראפט? וואס פאר א חוב האָב איך ניט ערפילט, און געגען וואס האָב איך זיך פארזינדיגט? פילייכט איז מיין געוויסען ניט ווי ביי אנדערע, אבער מיין געוויסען האָט געשוויגען; אבער אפשר בין איך געגען דיר עפּעס שולדיג? — איך שטער דיר, אָדער איך שטעל דיך אפּ...

— דו וועסט מיך ניט אפּשטעלען, יעלענא, מיר וועלען געהן צוזאמען.

— יא, דמיטרי, מיר וועלען געהן צוזאמען, איך וועל געהן

מיט דיר... דאָס איז מיין חוב, איך האָב דיך ליעב און קיין אנ־דער חוב ווייס איך ניט.

— אָ, יעלענא, וואָס פאר אַ שטארקע קייטען עס לייגט אויף מיר ארויף יעדעס ווארט דיינס!

— צו וואס רעדען וועגען קייטען — האָט אונטערגעכאפּט יעלענא. — מיר זיינען ביידע פרייע מענשען. יאָ — האָט זי פארגעזעצט, און מיט איין האנט ווי פריהער געגלעט זיינע האָר, קוקענדיג דערביי פארטראכט אויף'ן דיל.—איך האָב אַ סך איבערגע־לעבט אין דער צייט, אזוינס, וועגען וואָס איך האָב קיינמאָל אפילו קיין אהנונג ניט געהאט! ווען אימיצער זאָל מיר געוועזן פאראויס־זאגען, אז איך, אזא גוט־ערצויגענע פריילין, וועל אונטער פארשי־דענע אויסגעטראכטע תירוצים אוועקגעהן איינע אליין פון הויז, און נאָך וואוהין! צו אַ יונגען מאַן אַ היים, וואָלט איך אַן אויפ־געטראָגענע געוואָרען! און דאָך איז דאָס אלעס מקוים געוואָרען, און איך פיהל דערביי ניט קיין שום ענטריסטונג! אויף מיין ווארט! — האָט זי צוגעגעבען און האָט זיך אויסגעדרעהט צו אינסאראוו'ען.

ער האָט געקוקט אויף איהר מיט אזא מין אויסדרוק פון פאר־געטערונג, אז זי האָט שטילענקערהייט אראפּגעלאָזען איהר האנט פון זיינע האָר אויף די אויגען.

— דמיטרי! — האָט זי אָנגעהויבען נאָך אמאָל, — אמת, דו ווייסט דאָך ניט, אז איך האָב דיך געזעהן דארטען אויף יענעם שלעקליכען געלעגער. איך האָב דיך געזעהן אין די נעגעל פון טויט, אַ באוואוסטלאָזען.

— דו האָסט מיך געזעהן?

— יאָ.

ער האָט געשוויגען אַ ווײַלע.

— און בערסענעוו איז דאָ אויך געווען?

— זי האָט אַ שאָקעל געטאָן מיט'ן קאָפּ.

אינסאראוו האָט זיך איינגעבויגען צו איהר.

— אָה, יעלענא! — האָט ער ארויסגעמורמעלט: איך וואג ניט צו קוקען אויף דיר.

— ווארום? אנדרעי פעטראָוויטש איז אזאַ גוטער! איך

האָב זיך ניט געשעמט פאר איהם. און וואס האָב איך זיך צו שע־מען? איך בין גרייט צו זאגען דער גאנצער וועלט, אז איך בין דיינע. און אדרעי פעטראוויטש'ען געטרויע איך ווי א ברודער.

— ער האָט מיך געראטעוועט! — האָט אויסגעשריען אינ־סאראָוו. — ער איז דער איידעלסטער, דער בעסטער מענש!

— יא... ווייסטו אז איך האָב אלעס, אלעס איהם צו פאר־דאנקען? ווייסטו, אז ער האָט מיר דער ערשטער געזאָגט אז דו האָסט מיך ליעב? און ווען איך זאָל קענען אלעס דערצעהלען... יא ער איז דער שעהנסטער מענש.

אינסאראָוו האָט דורכדרינגענד א קוק געטאָן אויף יעלענען.

— ער איז פארליעבט אין דיר, אמת?

יעלענא האָט אראָפּגעלאָזט די אויגען.

— ער האָט מיך ליעב געהאט, — האָט זי שטיל ארויסגערעדט.

אינסאראָוו האָט איהר שטארק געדריקט די האנט.

— אָ, איהר רוסען! גאָלדענע הערצער פארמאָגט איהר! — האָט ער געזאָגט. — און ער איז ארומגעגאנגען ארום מיר, קיין נעכט ניט געשלאָפען... און דו, דו, מיין מלאך... ניט קיין פאר־וואורף, ניט קיין צווייפעל... און דאָס אלעס פאר מיר, פאר מיר...

— יא, יא, אלץ פאר דיר, ווייל דיך האָט מען ליעב.

— אך, דמיטרי! ווי מאָדנע דאָס איז! איך האָב שוין דאכט זיך דיר אמאָל דערצעהלט דערפון, אָבער עס מאכט ניט אויס, מיר איז דאָס אנגענעהם צו ווידערהאָלען און דיר וועט דאָס זיין אנ־גענעהם צו הערען — ווען איך האָב דיך דערזעהן צום ערשטען מאָל . . .

— וואָרום זיינען דיינע אויגען פול מיט טרעהרען? — האָט איהר אינסאראָוו איבערגעשלאָגען די רייד.

— ביי מיר? טרעהרען? — זי האָט אויסגעווישט מיט א טיכעל די אויגען. — אָ, נאר איינער! נאָך ווייסט ער ניט, אז פון גליק וויינט מען אויך. איך האָב געוואָלט זאָגען, ווען איך האָב דיך דערזעהן דעם ערשטען מאָל האָב איך אין דיר גאָר ניט געקענט געפינען קיין אויסערגעוועהנליכעס. ווירקליך איך געדענק, אז אין אָנפאנג איז מיר שובין א סך מעהר געפעלען געוואָרען, כאָטש איך האָב איהם קיינמאָל ניט ליעב געהאט. אָבער וואָס אנבאלאנגט

אנדרעי פעטראָוויטשען — אָ! דאָ איז געווען אַ מאָמענט, ווען איך האָב געדענקט: אפשר איז דאָס ער? און דו — גאָרניט; דערפאר דערנאָך... דערנאָך... דערנאָך... האָסטו מיין הארץ מיט ביידע הענט צוגענומען!

— האָב רחמנות אויף מיר . . — האָט ארויסגערעדט איני־סאראָוו. ער האָט געוואָלט אויפשטעהן, אָבער ער האָט זיך גלייך צוריק אראָפגעלאָזען אויפ'ן סאָפע.

— וואָס איז מיט דיר? — האָט באזאָרגט געפרעגט יעלענא.

— גאָרניט... איך בין נאָך צו שוואך... דאָס גליק איז דער־וויילע איבער מיינע כחות.

— טאָ זיי רוהיג. קיין ריהר זאָלט איהר זיך ניט געבען. רעגט זיך ניט, איך בעט אייך, — האָט זי צוגעגעבען, דראָהענדיג איהם מיט'ן פינגער. — און נאָך וואָס האָט איהר אראָפגענומען אייער שלאָפראָק? עס איז נאָך צו פריה פאר אייך זיך צו פוצען! זיצט און איך וועל אייך מעשה'לעך דערצעהלען. הערט זיך איין און שווייגט. גלייך נאָך אייער קראנקהייט איז צופיעל רעדען אומגעזונט.

זי האָט איהם אָנגעהויבען דערצעהלען וועגען שובינען און קורנאטאָווסקי'ן, ווי אויך וועגען דעם, וואָס זי האָט געטאָן די לעצטע צוויי וואָכען; דערפון, אז לויט דעם ווי די צייטונגען שריי־בען איז אַ מלחמה אונפארמיידליך; אזוי אז גלייך ווי ער וועט געזונט ווערען וועט מען דארפען ניט פארלירענדיג קיין אייכציגע מינוט געפינען מיטלען צום אָפפאָהרען... דאָס אלעס האָט זי גע־רעדט זיצענדיג נעבען איהם און זיך אָנשפארענדיג אָן זיין פלייצע...

דאַן האָט זי אויפגעהערט און זיך געמינעט — אָט רויט און אָט בלאַס געוואָרען... ער האָט עטליכע מאָל געוואָלט זי אָפשטע־לען און מיט אמאָל האָט ער זיך אויסגעגלייכט.

— יעלענא, — האָט ער געזאָגט מיט אַ מאָדנער שארפער שטימע, — לאָז מיך איבער, געה אוועק.

— וואָס? — האָט זי ארויסגערעדט מיט פארוואונדערונג. — דו פיהלסט זיך שלעכט? — האָט זי פלינק צוגעגעבען.

— ניין... מיר איז גוט... נאָר איך בעט דיך, לאָז מיך אליין.

— איך פארשטעה דיך ניט. דו טרייבסט מיך ארויס?... — וואס טוסטו דאס?... — האט זי פלוצלונג געזאגט.

ער האט זיך איבערגעבויגען פון סאפע, כמעט ביז'ן דיל און איז צוגעפאלען מיט די ליפען צו איהרע פיס. — טו דאס ניט, דמיטרי... דמיטרי...

ער האט זיך אויפגעהויבען.

— טא פארלאז מיך! זעהסטו, יעלענא, ווען איך בין קראנק געווארען האב איך ניט גלייך פארלארען דעם באוואוסטזיין; איך האב געוואוסט, אז איך בין אויפ'ן ברעג פון אן אפגרונט, אפילו אין היץ האב איך פארשטאנען און קלאר געפיהלט אז עס קומט, עס דערנעהנט זיך צו מיר דער טויט... איך האב זיך געזעגענט מיט'ן לעבען, מיט דיר, מיט אלעס און מיט אלעמען. כ'האב זיך גע־שיידט מיט דער האפנונג... מיטאמאל אט דער ווידערגעבורט, אט די ליכט נאך דער פינסטערניש. דו... דו נעבען מיר, ביי מיר... דיין שטים, דיין אטעם... דאס איז איבער מיינע כחות! איך פיהל, אז איך האב דיך ליידענשאפטליך ליעב, און הער, אז דו אליין רופסט זיך מיינע. איך בין פאר גאר ניט, פאר קיין זאך ניט פאראנטווארטליך... געה אוועק!

— דמיטרי... — האט ארויסגעמורמעלט יעלענא און האט באהאלטען איהר קאפ ביי איהם אויפ'ן אקסעל. ערשט איצט האט זי איהם פארשטאנען.

— יעלענא, — האט ער פארטגעזעצט, — איך האב דיך ליעב. דו ווייסט דאס. איך בין גרייט אוועקצוגעבען מיין לעבען פאר דיר... נאך וואס־זשע ביזטו געקומען צו מיר איצט, ווען איך בין שוואך, ווען איך קען זיך ניט באהערשען ווען מיין גאנצע בלוט איז אנגעצונדען... דו ביזט מיינע זאגסטו... דו האסט מיך ליעב...

— דמיטרי, — האט זי ווידערהאלט און האט זיך אינגאנצען אנגעצונדען. זי האט זיך נאך שטארקער, נאך נעהנטער צוגע־דריקט צו איהם.

— יעלענא, האב רחמנות אויף מיר: געה אוועק. איך פיהל, אז איך קען אויסגעהן. איך וועל ניט אריבערטראגען אט די אלע איבערלעבונגען... מיין גאנצע נשמה שטרעבט, ציהט זיך צו דיר...

שטעל זיך נאָר פאָר: שיער האָט אונז דער טויט ניט צושיידט... און איצט ביזטו דאָ אין מיינע אָרעמס... יעלענאַ...

זי האָט אַ ציטער געטאָן.

— טאָ נעהם־זשע מיך, — האָט זי קוים ארויסגע־רעדט...

.29

ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש איז אָן אַנגעבלאָזענער אומגעגאַנגען הין און צוריק איבער זיין קאַבינעט. שובין איז געזעסען ביים פענסטער פארלעגט אַ פוס אויף אַ פוס און רוהיג גערויכערט אַ ציגאַר.

— הערט אויף, איך בעט אייך, אומגעהן פון איין ווינקעל צום אַנדערען, — האָט ער געזאָגט, אָפטרייסלענדיג דעם שטויב פון ציגאַר, — איך וואַרט אַלץ, אַז איהר זאָלט אָנהויבען רעדען און פאָלג אייך אַלץ נאָך, אַז דער האַלז האָט מיר אויש אָנגעהויבען וועה טאָן. דערצו איז נאָך אין אייער גאַנג אומגעהן דאָ עטוואָס אָנגעשטרענגטעס, מעלאָדראַמאַטישעס.

— איהר דאַרפט בלויז חוזק מאַכען, — האָט געענטפערט ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש. — איהר ווילט ניט אריינגעהן אין מיין לאַגע, איהר ווילט ניט פארשטעהן אַז איך בין צוגעוואוינט גע־וואָרען צו אָט דער פרוי, אַז איך בין אַם ענדע צוגעבונדען צו איהר און אַז איהר אָבוועזענהייט מוז מיך מאַטערען. אָט איז שוין אָק־טאָבער אין דרויסען, דער ווינטער איז שוין אויפ'ן נאָז. וואָס קען זי טאָן אין רעוועל?

— עס ווייזט אויס, אַז זי אַרבייט זאָקען... פאַר זיך, פאַר זיך — ניט פאַר אייך, חלילה.

— לאַכט, לאַכט, און איך וועל אייך זאָגען, אַז איך קען ניט נאָך אַזאַ פרוי. איהר ערליכקייט, איהר אָפפערווילינגקייט...

— האָט זי דערלאַנגט דעם וועקסעל צום אויפמאַנען? — האָט געפרעגט שובין...

— איהר ערליכקייט און ריינקייט, — האָט ווידערהאָלט

אביסעל העכער ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש, — איז צו באוואונדערען. מען דערצעהלט מיר, אז אויף דער וועלט זיינען דאָ מיליאָנען אַנ־דערע פרויען; און איך זאָג, ציינט מיר אָט דעם מיליאָן, יאָ, ווייזט מיר אָט דעם מיליאָן זאָג איך: ces femmes—qu'on me le montre און שרייבט נאָך אויך ניט, דאָס איז דאָס שווידער־ליכסטע!

— איהר זיינט אַ רעדנער ווי פּיפּאַגאָר, — האָט באַמערקט שובין. — אָבער ווייסט איהר וואָס איך וואָלט אייך געראַטען?

— וואָס?

— ווען אווגוסטינא כריסטיאַנאָווגא וועט זיך אומקעהרען... איהר פאַרשטעהט מיך?

— נו, יאָ, איז וואָס?

— ווען איהר וועט זי דערזעהן . . . פאָלגט איהר נאָך די ענט־וויקלונג פון מיין געדאַנק?

— נו, יאָ, יאָ.

— פּרואווט זי שלאָגען. וועט איהר זעהן וואָס דערפון וועט אַרויסקומען?

ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט זיך מיט ענטריסטונג אָפּגעקע־רעוועט.

— און איך האָב געדענקט, אַז ער וועט מיר ווירקליך עפּעס אַ גוטע עצה געבען. און וואָס קען מען פון איהם ערוואַרטען? אַ קינסטלער, אַ מענש אָהן רעגעלען!...

— אָהן רעגעלען! און אָט דערצעהלט מען, אַז אייער ליעב־לינג, הער קורנאַטאָווסקי, אַ מענש מיט רעגעלען, האָט נעכטען ביי אייך געוואונען גאַנצע הונדערט רובעל. גיט צו, אַז דאָס איז שוין ניט אַזוי איידעל.

— וואָס זשע איז? מיר האָבען געשפּיעלט ווי סוחרים אויף געלט. פאַרשטעהט זיך, אַז איך האָב געקענט ערוואַרטען... אָבער איהם קען מען אַזוי ווענינ שעצען אין דעם הויז...

— אַז ער האָט זיך געטראַכט: עס מאַכט ניט אויס! — האָט אונטערגעכאַפּט שובין, — צי איז ער מיר אַ שווער אָדער ניט...

דאָס איז נאָך פאַרבאָהאַלטען אין די געהיימניסע פון שיקזאַל,

און הונדערט רובעל וועלען א גוטען מענשען וואס נעהמט ניט קיין כאבאר, שטענדיג צוניץ קומען.

— שווער! וואס פאר א שווער בין איך, צום טייפעל! Vous revez, mon cher! געוועהנליך, וואלט זיך יעדער אנדער מיידעל דערפרעהט מיט אזא חתן. זאגט אליין: א לעבעדיגער קלוגער בחור, מיט זיינע אייגענע כחות געקומען צו אזא שטופע, געווארען א מענש, אין צוויי גובערניעס געטראגען דעם יאך...

— אין דער גובערניע „א..." האט ער דעם גובערנאטאר פאר'ן נאז געפיהרט, — האט באמערקט שובין.

— עס קען זעהר זיין. און אזוי האט דאס, ווייזט אויס, באדארפט זיין. ער איז א פראקטיקער. א טיכטיגער מענש...

— און אין קארטען שפיעלט ער אויך גוט, — האט ווידער באמערקט שובין.

— נו יא, און אין קארטען שפיעלט ער אויך גוט. אבער יעלענא ניקאלאיעווגא . . . זי איז אונמעגליך צו פארשטעהן? איך וואלט וועלען וויסען וואו איז יענער מענש, וועלכער וואלט זיך אונטערגענומען צו דערגעהן וואס זי וויל? אט איז זי פרעהליך, אט לאנגווייליגט זי זיך, מיט אמאל ווערט זי אזא תל, ממש אש ווערט פון איהר, כאטש ניט צו קוקען אויף איהר. פלוצלונג ער־האלט זי זיך און דאס אלעס אהן יעדער אויסערליכער אורזאכע...

עס איז אריינגעקומען א דיענער און האט אריינגעטראגען אויף א טעצעל א גלאז קאווע, מילך און סוכארעס.

— דעם טאטען געפעלט דער חתן, — האט פארגעזעצט ני־קאלאי ארטעמאוויטש, פאכענדיג מיט'ן סוכאר, — אבער וואס געהט דאס אן דער טאכטער! דאס איז געווען גוט אמאל, אין די אלטע פאטריארכאלישע צייטען, אבער איצט האט מען דאס אלעס פארוואָרפען. Nous avons change tout ca. היינטיגע צייטען לייענט א פריילין וואס איהר געפעלט, געהט און רעדט מיט וועמען איהר געפעלט, לאזט זיך ארויס אליין איבער מאסקווע, אהן א לאקעי, אהן א דיענסט־מיידעל, ווי אין פאריז. און דאס אלעס איז אנגענומען. די טעג פרעג איך, וואו איז יעלענא ניקאלאיעווגא? ענטפערט מען מיר, זי איז ארויסגעגאנגען. וואוהין? קיינער ווייס ניט. וואס מיינט דאס? וואס איז דאס פאר א וועלט?

— נעהמט שוין אייער קאווע און לאזט געהן דעם דיענער, — האט געזאגט שובין. — אליין זאגט איהר, אז מען דארף ניט, — האט ער שטיל צוגעגעבען. —

דער דיענער האט א בייזען בליק געווארפען אויף שובינען, און ניקאלאי ארטעמאוויטש האט דערווייל צוגענומען זיין קאווע מיט די סוכארקעס.

— איך האב בלויז געוואלט זאגען, — האט ער אנגעהויבען, ווי נאר דער דיענער איז ארויס, — אז איך האב דא אין הויז קיין שום ווערט ניט. דאס אלעס. ווייל אין אונזערע צייטען קוקט מען בלויז אויפ'ן אויסזעהן: איינער איז פוסט און נאריש און האלט זיך בלויז זעהר גרויס, — רעספעקטירט מען איהם, א צוויי־טער באזיצט אפשר אייניגע טאלאנטען, וועלכע וואלטען געקענט... ברענגען פיעל נוצען, נאר צוליעב זיין באשיידענהייט...

— זייט איהר א שטאטסמאן, ניקאלענקא? — האט גע־פרעגט שובין מיט א דין קול'כעל.

— גענוג שוין אייך צו שפאטען! — האט מיט הארץ אויס־געשריען ניקאלאי ארטעמאוויטש. — איהר פארגעסט זיך, מיין ליע־בער הער! — אט האט איהר אייך א נייעם באוויז, אז איך האב דא אין הויז קיין שום ווערט ניט. אבער גאר קיין ווערט ניט!

— אננא וואסיליעוונא שטערט אייער פרייהייט!... ארימינ־קער! — האט, זיך ציהענדיג, ארויסגערעדט שובין. — אך, ניקאלאי ארטעמאוויטש, מיר זינדיגען ביידע! איהר וואלט בעסער צוגע־גרייט א מתנה'לע פאר אננא וואסיליעוונא. עס איז שוין נאהענט צו איהר געבורטס־טאג. איהר ווייסט דאך, ווי טייער זי האלט יעדער צייכען פון אייער אויפמערקזאמקייט צו איהר.

— יא, יא, — האט אין איילעניש געענטפערט ניקאלאי אר־טעמאוויטש. — איך דאנק אייך זעהר, וואס איהר האט מיר דער־מאנט. ווי דען אנדערש; זיכער, זיכער. יא, אט האב איך א זאכעלע: א מעדאליאן; איך האב דאס די טעג געקויפט ביי ראזענשטראוכען; אבער איך ווייס באמת ניט צי דאס טויג?

— איהר האט דאס דעם מעדאליאנטשיק געקויפט פאר **יענער**, פאר דער איינוואוינערין פון רעוועל?

— וואס הייסט ... איך ... יא ... איך האב גערענקט ...

— נו, אויב אזוי, וועט דאָס זיכער טויגן.

שובין האָט זיך אויפגעהויבן פון בײנקעל.

— וואוהין זאָלען מיר היינט אָוועגט געהן פארברענגען, פאָ־ וועל יאַקאָוולעוויטש? — האָט געפרעגט ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש און האָט איהם אזוי ליבליך אריינגעקוקט אין די אויגען.

— איהר פאָהרט דאָך אין קלוב.

— נאָכ׳ן קלוב . . . נאָכ׳ן קלוב.

שובין האָט זיך ווידער גענומען ציהען.

— ניין, ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש, איך דאַרף מאָרגען אר־ ביימען. צום ווידערזעהן. — און ער האָט זיך אויפגעהויבן און איז ארויסגעגאנגען.

ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט זיך אָנגעכמורעט. ער איז זיך דורכגעגאנגען א פאָר מאָל איבער׳ן צימער, דאַן האָט ער ארויסגע־ נומען פון ביורא א פליושען קעסטעלע מיט׳ן מעדאַליאָן און האָט איהם לאנג באטראכט. דערנאָך האָט ער זיך אוועקגעזעצט אנט־ קעגען שפּיגעל און האָט זיך גענומען אזוי פאמעלאָך און אויפמערק־ זאם צוקאמען זיינע שווארצע געדיכטע האָר. ער האָט גאוה׳דיג געבויגען זיין קאָפּ רעכטס און לינקס; דאָס אלעס האָט ער געטאָן אונטערשפּארענדיג מיט דעם צונג די באַק און ניט אראָפּלאָזענדיג קיין אויג פונ׳ם מעדאַליאָן. אימיצער האָט א הוסט געטאָן הינ־ טער זיינע פּלייצעס. ער האָט זיך אומגעקוקט און האָט דערזעהן דעם דיענער, וואָס האָט איהם פריהער געבראַכט קאַווע.

— וואָס ווילסטו? — האָט ער איהם געפרעגט.

— ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש, — האָט מיט גרויסקייט ארויס־ גערעדט דער דיענער. — איהר זיינט אונזער פּריץ!

— איך וויים דאָס. און ווייטער וואָס?

— ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש, איך בעט אייך, איהר זאָלט נאָר ניט זיין בייז אויף מיר. איך, וועלכער איז א משרת ביי אייער גנעדיגקייט פון קינדוויז אָן, מוז, ארויסגעהענדיג פון שקלאַפּישער איבערגעבענהייט, אייך דערצעהלען . . .

— אָבער וואָס, וואָס?

דער דיענער האָט זיך געקווייקעלט און גערדעהט אויפ׳ן פלאַץ.

— איהר האָט נאָר־וואָס געזאָגט, אז איהר האָט קיין אהנונג

ניט און ווייסט ניט וואוהין יעלענא ניקאָלאַיעוונא געהט אוועק איינע אליין, האָב איך זיך דערוואוסט וועגן דעם.

— וואָס לייגסטו, דו אָפּגעריסענער נאַר איינער?

— דאָס איז אינגאַנצען אין אייער ווילען, אָבער איך האָב אליין געזעהן מיט פיער טעג צוריק ווי זיי זיינען אריינגעגאַנגען אין א הויז.

— וואו? וואָס? וואָסער הויז?

אין — הינטערגעסעל, ארום פּאָווארסקי, ניט ווייט פון דאַנען. איך האָב אפילו געפרעגט ביים הויף־משרת וואָס פאַר שכנים וואוינען דאָרט ביי זיי.

ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט גענומען טופּען מיט די פיס.

— שווייג, דו לעדיג־געהער! ווי וואגסטו?... יעלענא ניקאָלאַיעוונא פון גרויס גוטסקייט באזוכט אָרימע, און דו... טראָג זיך אָפּ, פאַרדאַמטער נאַר!

דער דערשראָקענער דיענער האָט זיך געוואָלט א לאָז טאָן צום טיר.

— וואַרט! — האָט אויסגעשריען ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש.

— וואָס האָט דיר געזאָגט דער הויף־משרת?

— ניין, ניין... ער האָט גאָרניט געזאָגט. ער זאָגט א סטו... א סטודענט.

— שווייג, דו לעדיג־געהער! הער זיך איין, דו נידערטרעכטיגער איינער, אויב דו וועסט זיך אפילו אין חלום וואגען אויסצוריידען וועגען דעם פאַר ווער נישט איז א וואָרט...

— גאָט באהיט...

—שווייגען זאָלסטו, דו גאָרנישט, דו. אויב דו וועסט נאָר א פּיפּס טאָן... אויב אימיצער... אויב איך וועל זיך דערוויסען... וועסטו ביי מיר אפילו אונטער דער ערד קיין אָרט ניט געפינען: הערסט? טראָג זיך אָפּ!

דער דיענער איז פאַרשוואונדען.

אָ, גאָטעניו, גאָט מיינער! וואָס זאָל דאָס באַטייטען?—האָט א טראַכט געטאָן ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש, ווען ער איז געבליבען אליין. — וואָס האָט מיר אָט דער נאַר געזאָגט? א? אָבער מען דאַרף אויסגעפינען וואָס איז דאָס פאַר א הויז, און ווער עס וואוינט

דאָרטען. אליין צוגעהן. אָט צו וואָס עס איז אָם ענדע דער־גאַנגען! ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט צוריק פארשלאָסען דעם מעדאַליאָן אין ביוראָ און איז אוועק צו אננאַ וואסיליעוונא.

ער האָט זי געפונען אין בעט מיט אַ פאַרבונדענער באַק. אָבער איהרע ליידען האָבען איהם בלויז נאָך מעהר אויפגערייצט, און ער האָט זי זעהר שנעל געבראַכט צו טרעהרען.

## 30

דערוויילע האָט דער שטורעם, וואָס האָט זיך אָנגעקליבען אין מזרח, אויסגעבראָכען. טערקיי האָט אָנגעהויבען אַ מלחמה מיט רוסלאַנד; דער דאַטום צו וועלכען מען האָט געדאַרפט אפּריינינגען די קליינע מלוכה'לאַך איז שוין פון לאַנג פאַריבער; עס איז שוין געווען זעהר נאָהענט צום טאָג פון דעם סינאָפּער פּאָגראָם. די לעצטע בריעף, וואָס אינסאַראָוו האָט ערהאַלטען, האָבען איהם אָהן אן אויפהער גערופען צוריק אהיים. אין געזונט האָט ער זיך נאָך אַלץ געפיהלט זעהר ניט גוט. ער האָט געהוסט, געפיהלט זעהר שוואַך, פון צייט צו צייט האָט ער געהאַט לייכטע אויסברוכען פון פיבער, נאָר ער איז כמעט ניט געזעסען אין דער היים. זיין נשמה האָט זיך צופלאַקערט און ער האָט שוין ניט געטראַכט וועגען זיין קראַנקהייט. ער איז אונערמידליך ארומגעפאָהרען איבער מאָסקווע און שטילערהייד זיך געזעהן מיט פאַרשידענע מענשען. ער האָט גע־שריבען גאַנצענע נעכט, און פלעגט פאַרפאַלען ווערען אויף גאַנצע טעג; דעם באַלאַבאָס האָט ער געזאָגט, אז ער קלייבט זיך אין גיכען ארויס, און האָט איהם פאַראויס אָוועקגעשענקט זיין ביסעל אַרימקייט. יעלענאַ, פון איהר זייט, האָט זיך אויך געגרייט אין וועג. און איין רעגענדיגען אָוונט איז זי געזעסען ביי זיך אין צימער און האָט פאַרזוימט נאָז־טיכלאַך. זי האָט זיך מיט אַ ניט־ווילענדיגען אומעט צוגעהערט צום קלינגענדיגען רוישען פון ווינט. עס איז אריינגעקומען איהר קאַמערמיידעל און האָט איהר געזאָגט, אז דער פאָטער איהרער איז אין דער מוטער'ס שלאָפצימער

און רופט זי אהין... „די מאמע וויינט"... — האָט זי איהר שטיל איינגערױמט, און דער טאַטע כעס'עט זיך".

יעלענא האָט לייכט געדריקט מיט די פּלייצעס און איז אריין צו אננא וואסילעוונא.

ניקאלאי ארטעמאוויטש'עס גוטמוטיגע פרוי איז האלב ליגענדיג געזעסען אין א טיפען פאָטער־שטול און האָט געשמעקט א טיכעלע מיט א'דע קאלאָן. ער אליין איז געשטאַנען ביים פייער פּלאַץ, פאַרקנעפּעלט אויף אלע קנעפּלאך אין א הויכען הארטען שניפּס מיט א שטייפען, אַנגעקראָכמאַלעטען קאָלנער. אונקלאָר דערמאָנענדיג מיט זיין אויסזעהן עפּעס א מין רעדנער פון פּארלאַמענט. מיט אַן אָראַטאָרישער באַוועגונג פון דער האַנט האָט ער איינגעלאַדען זיין טאָכטער זיך זעצען, און ווען יענע האָט נים פארשטאַנען זיין זשעסט און פרעגענדיג א קוק געטאָן אויף איהם, האָט ער מיט ווירדע, נים אויסדרעהענדיג צו איהר דעם קאָפּ, ארויסגערעדט: „איך בעט אייך זיך זעצען". (ניאָלאי ארטעמאַוויטש האָט אימער געאיהרצט זיין פרוי און טאָכטער אין אויסערגעוועהנליכע פעלע).

יעלענא האָט זיך געזעצט.

אננא וואסילעוונא האָט וויינענדיג אויסגעווישט די נאָז. ניקאָלאי ארטעמאוויטש האָט פארלייגט זיין רעכטע האַנט אונטער דער פאָלע פון ראָק.

— איך האָב אייך אהער גערופען, יעלענא ניקאלאיעוונא, — האָט ער אָנגעהויבען נאָך א לאַנגען שווייגען, — אום זיך דורכרעדען מיט אייך, אבער בעסער געזאגט, אום צו פאָדערען פון אייך אַן ערקלערונג. די ווערטער: איך בין נים צופרידען מיט אייך, זאָגען צו ווענים. אייער אויפפיהרען זיך קרענקט מיך, באַליידיגט מיך, — מיך און אייער מוטער. . . אייער מוטער, וועלכע איהר זעהט דאָ.

ניקאָלאי ארטעמאוויטש האָט זיך אין דעם פאל באנוצט בלויז מיט די באַוואוסטע טענער פון זיין שטים. יעלענא האָט שווייגענדיג א קוק געטאָן אויף איהם, דערנאָך אויף אננא וואסילעווונא און איז בלאַס געוואָרען.

— עס איז געווען אמאָל א צייט, ווען טעכטער האָבען זיך

ניט ערלויבט צו קוקען פון אויבען אראפ אויף זייערע עלטערען, —
ווען, יא, עס איז געווען א צייט, ווען די עלטערען'ס מאכט האט געצוואונגען צו ציטערען די ניט געהארכזאמע קינדער. די צייט איז שוין, צום באדויערען, פאריבער. אזוי, אלענפאלס, דענקען אנדערע, אבער גלויבט מיר, אז עס עקזיסטירען נאך געזעצען . . . וועלכע ערלויבען ניט . . . וועלכע ערלויבען ניט . . . מיט איין ווארט, עס עקזיסטירען נאך געזעצע. איך בעט אייך געדענקען, אז עס עקזיסטירען געזעצען.

— אבער, פאפא, — האט יעלענא אנגעהויבען.

— איך בעט אייך מיך ניט אונטערברעכען; לאמיר זיך מיט די געדאנקען איבערטראגען אין דער פארגאנגענהייט. מיר, דאס הייסט, איך מיט אננא וואסילעוולא, האבען ערפילט אונזער חוב. מיר: אננא וואסילעוונא און איך, האבען ניט געקארגט קיין זאך פאר אייער ערציהונג, ניט קיין געלט און ניט קיין מיה. וואסערע נוצען האט איהר געצויגען פון אט דער גאנצער מיה, און פון אלע קאסטען, דאס איז אן אנדער פראגע; אבער איך האב געהאט דאס רעכט צו דענקען . . . איך מיט אננא וואסילעוונא האבען געהאט דאס רעכט צו דענקען, אז איהר וועט אלענפאלס היילי האלטען יענע רעגעלען פון מאראל, וועלכע . . . וועלכע מיר האבען אין אייך, ווי אין אונזער איין און אייניציגער טאכטער, איינגע פלאנצט. מיר האבען געהאט דאס רעכט צו דענקען, אז קיינע נייע אידעען, אזוי צו זאגען, וועלען ניט אנריהרען אט דאס היי ליגטום. און וואס זעהען מיר? איך רעד שוין ניט פון דער לייכט זיניגקייט, וועלכע איז די אייגענשאפט פון אייער געשלעכט, און אייער עלטער. . . אבער ווער האט דאס געקענט ערווארטען אז איהר וועט זיך ביז אזא גראד פארגעסען...

— טאטוניו, איך וויים וואס איהר ווילט זאגען, — האט ארויסגערעדט יעלענא...

— ניין, דו ווייסט ניט, וואס איך וויל זאגען! — האט ני קאלאי ארטעמאוויטש אויסגעשריען מיט א דינינקער פאלצעטא, פלוצלונג אומבייטענדיג די גרויסארטיגקייט פון דער פארלאמענטא רישער האלטונג, צוזאמען מיט דער פליסיגער שעהנקייט פון רעדען:
— דו ווייסט ניט, דו חצופה'דיגע מויד...

— אום גאָטעס ווילען, ניקאָלאַס, — האָט ארויסגעמורמעלט אננא וואסילעווונא, — .vous me faites mourir

— דערצעהלט מיר ניט קיין מעשות, אננא וואסי־לעוונא! איהר קענט זיך אפילו ניט פארשטעלען, וואס איהר וועט באַלד דערהערען! גרייט זיך צו צום ערגסטען, איך זאג אייך דאָס פאראוים!

אננא וואסילעוונא איז געבליבען א טויטע.

— ניין, — האָט פארטגעזעצט ניקאלאי ארטעמאוויטש, ווענ־דענדיג זיך צו יעלענאַ'ן — דו ווייסט ניט, וואס איך וויל דיר זאגען!

— איך בין שולדיג געגען אייך, — האָט זי אָנגעהויבען...

— אָם ענדע!

— איך בין שולדיג געגען אייך, — האָט זי פארטגעזעצט, — אין דעם וואס איך האָב זיך שוין לאנג ניט מודה געווען.

— יא, אָבער ווייסטו, אז איך קען דיר פארניכטען מיט איין וואָרט? — האָט ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש איבערגעשלאָגען איהרע רייד.

יעלענאַ האָט אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען.

— יאָ, יאָ, מיין גנעדיגע פריילין, מיט איין וואָרט! נישטאָ וואָס צו קוקען! (ער האָט צונויפגעלעגט די הענט אויפ'ן ברוסט.) ערלויבט מיר אייך צו פרעגען, איז אייך באקאנט דאָס הויז אין מ . . . ער הינטערגעסעל, נעבען פאוואָרסקי? האָט איהר באזוכט יענע הויז? (ער האָט א טופע געטאָן מיט'ן פוס.) ענטפער־זשע, דו נידערטרעכטיגע! אָבער זאָלסט אפילו ניט דענקען זיך ארויס־דרעהען. מענשען, מענשען, די דיענער גנעדיגע פריילין, האָבען געזעהן, ווי איהר זיינט אהין אריינגעגאנגען, צו אייער . . .

יעלענאַ איז אינגאנצען רויט געוואָרען, איהרע אויגען האָבען גענומען שיינען.

— איך האָב ניט וואָס צו באהאלטען, — האָט זי געזאָגט. — יא, איך האָב באזוכט יענע הויז.

— אויסגעצייכענט! איהר הערט, איהר הערט, אננא וואַ־סיליעוונא? און אויך ווייסט איהר געווים ווער עס וואוינט דאָרט?

— יאָ, איך ווייס: מיין מאַן וואוינט דאָרטען.

ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט אויסגעשטעלט אַ פּאָר אויגען.

— דיין . . .

— מיין מאַן, — האָט ווידערהאָלט יעלענא. — איך האָב חתונה געהאַט מיט דמיטרי ניקאָנאָראָוויטש אינסאַראָוו'ען.

— דו? . . . ביזט פארהייראט? . . . — האָט קוים אַרויסגערעדט אַננאַ וואַסיליעוונאַ.

— יאַ, מאַמעניו . . . זייט מיר מוחל. מיט צוויי וואָכען צוריק האָבען מיר אין געהיים געשטעלט אַ חופּה.

אַננאַ וואַסיליעוונאַ איז געפאַלען אין חלשות, און ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש האָט אָפּגעטראָטען אויף צוויי שפּאַן צוריק.

— פאַרהייראַט צו אַט דעם אָפּגעריסענעם בולגאַר! די טאָכטער פון אַזאַ מיוחס'דיגער אַדעל־פאַמיליע, סטאַכאָוו'ס טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ שלעפּער, מיט גאָט ווייסט וועמען! אָהן דער עלטערען'ס ברכה! און דו דענקסט, אַז איך וועל דאָס אַזוי לאָזען? אַז איך וועל זיך ניט באַקלאָגען? . . . אַז איך וועל דיר ערלויבען . . . אַז דו . . . אַז . . . דיך וועל איך פאַרשפּאַרען אין מאָנאַסטיר, און איהם וועל איך פאַרשיקען אויף קאַטאָרגע אין די אַרעסטאַנטסקע ראָטעס! אַננאַ וואַסיליעוונאַ, איך בעט אייך, זאָגט איהר גלייך, אַז איהר לאָזט איהר ניט קיין ירושה!

— ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטש, אום גאָטעס ווילען! — האָט אַרויסגעקרעכצט אַננאַ וואַסיליעוונאַ.

— און ווען, אויף וואָס פאַר אַן אופן האָט זיך דאָס אָפּגעטאָן? ווער האָט אייך מסדר קדושין געווען? וואו? ווי אַזוי? וואָס וועלען איצט זאָגען אַלע באַקענטע, די גאַנצע וועלט! און, דו, אונפאַרשעמטע, האָסט נאָך אַזאַ האַנדלונג געקענט וואוינען אונטער'ן דאַך פון דיינע עלטערען! דו האָסט גאָר ניט מורא געהאַט . . . אַז עס זאָל דיך טרעפען אַ דונער פון הימעל?

— טאַטעניו, — האָט אַרויסגערעדט יעלענא (זי האָט אינגאַנצען פון קאָפּ ביז די פיס געציטערט, אָבער איהר שטים איז געווען שטאַרק). — איהר קענט טאָן מיט מיר וואָס איהר ווילט, אָבער אומזיסט באַשולדיגט איהר מיך אין אונפאַרשעמטקייט און אין מאַכען אַן אָנשטעל. איך האָב ניט געוואָלט . . . אייך ווען

טאָן פּאָראויס, נאָר ווילענדיג ניט ווילענדיג וואָלט איך אייך די טעג געמוזט וועגען אַלעם דערצעהלען, ווייל קומענדע וואָך פאָהרען מיר, איך מיט׳ן מאַן, אוועק פון דאַנען.

— איהר פאָהרט אוועק? וואוהין?

— צו איהם אַהיים, אין בולגאַריע.

— צו די טערקען! — האָט אויסגעשריען אננא וואסיליעוונא און איז נאָך אמאָל געפאַלען אין חלשות.

יעלענאַ האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער מוטער.

— אוועק! — האָט נים מיט זיין קול געשריען ניקאָלאַי אר־טעמאָוויטש. ער האָט אָנגעכאַפּט די טאָכטער פאר׳ן האנט און געשריען: — אוועק, דו אויסוואורף!

אין דעם אויגענבליק האָט זיך די טיר פון שלאָפצימער גע־עפענט און עס האָט זיך באוויזען אַ בלאַסער קאָפּ מיט צוויי פלא־מענדיגע אויגען. דאָס איז געווען שובין׳ס קאָפּ.

— ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש! — האָט ער אויסגעשריען הויך אויפ׳ן קול, — אווגוסטינא קריסטיאַנאָוונא איז געקומען צופאָהרען און זי רופט אייך!

ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש האָט זיך אין אַ ווילדער רציחה אויס־געקערעוועט און דראָהענדיג שובינ׳ן מיט׳ן פויסט, האָט ער זיך אַ מינוט אָפּגעשטעלט און איז פלינק ארויס פון צימער.

יעלענאַ איז געפאַלען צו דער מוטער׳ס פיס און האָט ארומ־גענומען איהרע קני.

אואוואַר איוואַנאָוויטש איז געלעגען אויף זיין געלעגער אין אַ העמד אָהן אַ קאָלנער. די העמד האָט זיך ביים האַלז פארקנע־פּעלט מיט אַ גרויסער זאַפּאָנקע און איז געפאַלען מיט ברייטע פאַלדען איבער זיין כמעט פרויען־ברוסט און דערביי פרייגעלאָזען דעם גרויסען קיפּאַריסען צלם און קאַמייע אויף זיין ברוסט. אַ לייכ־טע קאָלדרע האָט איבערגעדעקט זיינע פרעכטיגע גלידער. אויפ׳ן נאַכט־טישעל, נעבען איהם, איז געשטאַנען אַ קוואָרט מיט קוואַס און עס האָט שטאַר געברענט אַ ליכט. שטאַרק פארצאָרענט, צו־פוסענס ביי אואוואַר איוואַנאָוויטש׳ען אין בעט איז געזעסען שובין.

— יאַ, — האָט ער פאַרטראַכט געוועדט. — זי איז פאַר־היירעט און קלייבט זיך אַוועקפאָהרען. אייער פלימעניק האָט גע־טומעלט און געגוואַלדעוועט איבער'ן גאַנצען הויז; ער האָט זיך פאַרשלאָסען פאַר'ן גרויסען סוד אַזש אין שלאָף־צימער, נאָר דער־ביי האָט ער געמאַכט אַזוינע קולות, אַז ניט נאָר די דינער מיט די דינסט־מיידלאַך נאָר אפילו די פערד־טרייבער האָבען אויך געקענט אַלעס הערען! גאָך איצט שרייט ער און יאָמערט. מיט מיר האָט ער זיך שיער נישט צוקריגט. ער טראָגט זיך ארום מיט זיין פאַטערליכע קללה, ווי א בער מיט א טאָץ; אָבער ניט אין זיינע הענט ליגט די מאַכט. אננא וואַסיליעוונאַ איז דערשלאָגען. עס פאַרדריסט זיי פיעל מעהר דער טאָכטער'ס אַוועקפאָהרען ווי איהר הייראַט.

אואוואַר איוואַנאָוויטש האָט זיך געשפּיעלט מיט די פינגער.

— אַ מוטער, — האָט ער ארויסגערעדט. — נו, דאָס איז פאַר־שטענדליך...

— אייער פלימעניק, — האָט פאָרגעזעצט שובין, — דראָהעט זיי צו פאַרקלאָגען צום מעטראָפּאָליט, צום גענעראַל־גובערנאַטאָר און צום מיניסטער, און ענדיגען וועט זיך דערמיט, פאַרשטעהט זיך, וואָס זי וועט אַוועקפאָהרען. וועמען קען דאָס ווירקליך גע־פעלען צו אומברענגען אַן אייגענע טאָכטער! נו, בלאָזט ער זיך און מאַכט קולות, אַזוי לאַנג ביז וואַנען ער וועט זיך באַרוהיגען.

— זיי האָבען . . . קיין רעכט ניט, — האָט באַמערקט אואוואַר איוואַנאָוויטש און האָט אָפּגעטרונקען אַביסעל קוואַס פון קוואָרט.

— יאַ, יאַ. אָבער וואָס פאַר אַ וואָלקענס פון רכילות און איבעררעדען וועט זיך אויפהויבען אין מאָסקווע! זי האָט זיך פאַר זיי ניט דערשראָקען... איבעריגענס, זי איז העכער פון זיי. זי פאָהרט אַוועק — און וואוהין! עס כאַפּט אָן אַ שרעק. אין אַזאַ וויסטעניש, אין אַזאַ טויבען־ווינקעל! וואָס ערוואַרטעט זי דאָרטען? איך קוק אויף איהר אַזוי, אַט ווי זי וואָלט ביינאַכט, אין אַ שניי־שטורם ביי אַ 30 גראַד פראָסט ארויסגעפאָהרען פון אַן איינפאָהר. זי צושיידט זיך מיט איהר היים־לאַנד, מיט איהר פאַמיליע; און איך פאַרשטעה זי. וועמען לאָזט זי דאָ איבער? וועמען האָט זי

געזעהן? די קורנאטאווסקים מיט די בערסענעווס; און אויך אונ־זערען א ברודער; און דאס זיינען דאך נאך די בעסערע: וואס איז דא פאראן צו באדויערען? בלויז איינס איז ניט גוט דערביי: מען זאגט, אז איהר מאן, ווייסט עס דער טייפעל, עפעס לעגט זיך ניט דער צונג אויסצורעדען דאס ווארט, — מען זאגט אז אינסאראוו הוסט מיט בלוט; דאס איז ניט גוט דאס איז זעהר שלעכט. כ'האב איהם געזעהן די טעג: א פנים האט ער, כאטש נעהם און שניץ פון איהם גלייך ברוטען... אואוואר איוואנאוויטש, ווייסט איהר, ווער ברוט איז געווען?

— וואס איז דא צו וויסען? — א מענש!

— אמת, טאקע: א מענש איז ער געווען. יא, יא, א וואונ־דערליכער פנים, אבער ניט קיין געזונטער זעהר ניט קיין געזונטער.

— געהן אין שלאכט אריין . . . איז אלץ איינס — האט ארויסגערעדט אואוואר איוואנאוויטש.

— אין שלאכט זיך ווארפען, איז ווירקליך אלץ איינס, אמת טאקע; איהר רעדט היינט פאלשטענדיג צו דער זאך, אבער לעבען איז שוין גאר ניט אלץ איינס. און איהר וועט זיך דאך וועלען מיט איהם א לעבט טאן.

— עס איז א יוגענד'ס זאך, — האט זיך אפגערופען אואוואר איוואנאוויטש.

— יא, דאס איז, דאס איז א וואוילע, יונגע און געוואגטע זאך. טויט, לעבען, קאמף, א נידערלאגע אדער טריאומף, ליעבע, פרייהייט, דאס היימלאנד . . . גוט . . . זעהר גוט, גיב גאט יע־יעדען איינעם! דאס איז ניט ווי צו זיצען איבער'ן האלז אין בלאטע, און דערצו זיך מיהען צו מאכען דעם אנשטעל, אז דיר איז אלץ איינס, ווען דיר איז באמת אלץ איינס. עט, זאלען די אנגעצויגענע סטרונעס קלינגען איבער דער גאנצער וועלט אדער זיך גאר צורייסען!...

שובין האט אראפגעלאזען דעם קאפ אויפ'ן ברוסט.

— יא, — האט ער פארטגעזעצט נאך א לאנגען שווייגען:

— אינסאראוו איז זי ווערט. און איבריגענס... וואס איז דאס פאר א נארישקייטען! קיינער איז זי ניט ווערט. אינסאראוו... אינסאראוו... צו וואס אט די פאלשע געהארכזאמקייט? נו, גוט,

לאָמיר זאָגען, אז ער איז א וואוילער יונג, און וועט זיין שטעדטעל באַשטעהן. ניט קוקענדיג אויף דעם, וואס ביז אהער האט ער געטאָן דאָס זעלבע וואָס מיר, זינדיגע, גלייך ווי מיר וואָלטען שוין באמת געווען פאַלשטענדיגע טויגעניכצען. נו, איך, למשל, אוא־וואר איוואנאָוויטש, בין איך טאקע באמת אזא גרויסער גאָרנישט? האט מיר טאקע באמת דער אויבערשטער אינגאנצען פארזעהן און האט מיר ניט איינגעטיילט קיינע פעהיגקייטען, קיינע טאלאנטען? ווער ווייסט, אפשר וועט נאך פאוועל שוביג'ס נאָמען באריהמט ווערען? אָט ליגט ביי מיר אויפ'ן טיש א מעשענער גראָשען. ווער ווייסט, אפשר וועט נאך ווען ניט איז, לאָמיר זאָגען אין א הונדערט יאָהר ארום, אָט די מעש פארנוצט ווערען אויף פאוועל שוביג'ס א דענקמאָל, וועלכען עס וועלען פאר איהם מאכען די דאנקבארע צוקונפטיגע דורות, אפשר?

אואוואר איוואנאָוויטש האט זיך אָנגעשפּארט אויפ'ן עלענ־בויגען און האט אָנגעשטעלט א פּאָר אויגען אויפ'ן צוהיצטען קינסטלער.

— חלומות, חלומות, — האט אם ענדע ארויסגע־רעדט אואוואר איוואנאָוויטש, מיט דער געוועהנליכער שפּיעל פון די פינגער: — מיר שמועסען דאָך דאָ וועגען אנדערע, און דו... דו... רעדסט גאר וועגען זיך.

— אָ, דו גרויסער אלרוסלענדישער פילאָזאָף! — האט אויס־געשריען שובין. — יעדער וואָרט אייערס איז ווי לויטער גאָלד. ניט מיר, נאָר אייך דארף מען שטעלען א דענקמאָל, דערפאר נעהם איך זיך. אָט אזוי ווי איהר ליגט איצט אין אָט דער זעל־בער פּאָזע, — וועגען וועלכער עס איז שווער צו זאָגען, וואָס איז דאָרטען מעהר: פוילקייט צי כח? — אָט אזוי וועל איך אויסגיסען אייער פיגור. איהר האט געטראָפען מיין עגאָאיזם און מיין זעלבסט־ליעבע מיט גערעכטען פארוואורף. יאָ! יאָ! עס איז ניטאָ וואָס צו רעדען וועגען זיך, נישטאָ זיך וואָס צו באַ־ריהמען. עס איז נאָך ביי אונז ניטאָ קיינער, ניטאָ קיין מענשען, וואוהין און צו וואָס דו זאָלסט זיך ניט ווענדען. אַלעס וואָס מיר פארמאָגען איז אַלץ אזוינע נישטיגע קליינינקע ברואים'לאך, וועל־בע זיינען פעהיג זיך אליין אויפצופרעסען, האמלעט'לאך, אזוי

צו זאָגען, אָדער די טויבע אונטערערדישע פינסטערלינגע, אָדער גאָר טאָץ־פויקערס, פוסטע כּלים, וואָס גיסען פון פוסטען אין ליידיגען. מיר פארמאָגען נאָך אזוינע נפשות, וועלכע טראָגען אין זיך ביז צו יעדער שענדליכער קליינינקייט און האלטען אין איין טאפּען דעם פולסט פון יעדען געפיהל, שפּירונג, וועגען וועלכע זיי האלטען אין איין אפּגעבען חשבון זיך אליין. אָט דאָס, למשל, פיהל איך, וועגען דעם טראכט איך. זעהר א ניצליכע און טיכטיגע ארבייט! ניין, וואָלטען געווען צווישען אונז מענשען, וואָלט ניט אוועקגעגאנגען פון אונז אָט דאָס מיידעל, אָט די איידעלע עמפפיהלענדע נשמה וואָלט אונז ניט פארלאָזען און אוועקגעשוואומען ווי א פיש אין וואסער! וואָס־זשע איז דאָס, אואוואר איוואנאָוויטש? ווען זשע וועט שוין קומען אונזער צייט? ווען זשע וועלען שוין אויך ביי אונז געבוירען ווערען מענשען . .

— וואַרט, — האָט געענטפערט אואוואר איוואנאָוויטש, — עס וועלען אויך ביי אונז זיין מענשען.

— עס וועלען זיין?

— אָ דו! פּרימיטיווע קראפט אונזערע! דו האָסט געזאָגט: — עס וועלען זיין? זעהט־זשע, איך וועל פארשרייבען אייער וואָרט... צו וואָס זשע פארלעשט איהר דאָס ליכט?

— א גוטע נאכט, איך וויל שלאָפען.

### 31.

שובין האָט געזאָגט אַן אמת. די אונערווארטעטע נאכריכט וועגען יעלענא'ס חתונה האָט שיער ניט דער'הרג'ט אַנאַ וואסי־לעוונאַ. זי האָט זיך אריינגעלעגט אין בעט. ניקאָלאַי אַרטעמאַ־וויטש האָט געפאָדערט פון איהר, אז זי זאָל ניט צולאָזען יעלענא'ן צו זיך. ער האָט, ווי עס זעהט אויס, זיך שטארק דערפרעהט מיט דער געלעגענהייט זיך צו באווייזען אלס דער פאָלשטענדיגער בעל הבית פון הויז, אלס דער הויפט פון דער פאמיליע. ער האָט אָהן אויפהער געטומעלט און געדונערט און האָט געשריען אויף אַלע דינער און צו יעדער וואָרט צוגעגעבען: „איך וועל אייך

שוין ווייזען, איך וועל אייך דערווייזען ווער איך בין, ווארט אקארשט, ווארט!"

אזוי לאנג ווי ניקאלאי ארטעמאוויטש איז געזעסען אין דער היים, האט אנא וואסילעוונא ניט געזעהן יעלענא'ן און האט זיך געמוזט באנוגענען בלויז מיט זאיע'ס אנוועזענהייט, וועלכע האט איהר זעהר געטריי געדיענט, און פאר זיך געטראכט: Diesen Insaroff Vor ziehen—und wem?'' אבער ווי נאר ניקאלאי ארטעמאוויטש פלעגט אוועקפאהרען, און דאס האט פאסירט גאנץ אפט, (ווייל אווגוסטינא קריסטיאנאוונא האט זיך ווירקליך אומגעקעהרט), פלעגט יעלענא קומען צו דער מוטער. און יענע פלעגט לאנג מיט טרעהרען אין די אויגען קוקען אויף איהר אהן ווערטער. אט דער שטומער פארוואורף האט טיעפער, ווי יעדער אנדערער, אריינגעדרונגען אין יעלענא'ס הארצען. זי האט ניט געפיהלט קיין חרטה, נאר א טיעפען אינערליכען מיטלייד האט זי געשפירט, וואס איז געווען עהנליך צו חרטה.

— מאמעניו, ליעבע טייערע מאמע! — האט יעלענא אלץ גע'חזר'ט קושענדיג איהרע הענט. — וואס זאל איך געווען טאן?

— איך בין ניט שולדיג. איך האב זיך פארליעבט אין איהם, און איך האב ניט געקענט אנדערש האנדלען. באשולדיגט דעם שיקזאל, וואס האט מיך צוזאמענגעפיהרט מיט א מענשען, וועלכער געפעלט ניט דעם טאטען און וועלכער פיהרט מיך אוועק פון אייך.

— אוי! — פלעגט זי איבערשלאגען אננא וואסיליעוונא. — דערמאן נאר ניט וועגען דעם. אז איך דערמאן זיך נאר וואוהין דו ווילסט פאהרען, אזוי פאלט מיר ארויס מיין הארץ!

— ליעבע מאמע, — האט געענטפערט יעלענא, — טרייסט זיך כאטש דערמיט, אז עס וואלט געקענט זיין ערגער: איך וואלט געקענט שטארבען.

— יא, אבער אזוי האף איך אויך ניט דיר צו זעהן נאך א מאל. אדער דו וועסט דארטען ענדיגען דיין לעבען ערגעץ אונטער אביידעל (אננא וואסיליעוונא האט זיך פארגעשטעלט בולגאריע ניט בעסער ווי די סיבירער טונדרעס, אדער איך וועל ניט אריבערטראגען דאס צושיידען זיך...

— זאָג דאָס ניט, מאַמע ליעבע, גאָט וועט געבען מיר וועלען זיך נאָך זעהן. אין בולגאַריע זיינען פּונקט אַזוינע שטעדט ווי דאָ.

— וואָס זיינען דאָרטען פאַר אַ שטעדט! דאָרטען געהט איצט אָן די מלחמה. איך דענק, אַז וואו דו זאָלסט דאָרטען ניט געהן איצט, שיסט מען פון האַרמאַטען... קלייבסט זיך שנעל צו פאָהרען?

— יא, גאָר אין גיכען . . . אויב נאָר דער טאַטע . . . ער וויל אונז אָנקלאָגען, ער דראָהט אונז צו גט'ען.

אננא וואסיליעווגא האָט אויפגעהויבען די אויגען צום הימעל.

— ניין, לענאָטשקא, ער וועט אייך ניט אנקלאָגען. איך וואָלט אליין גיכער געשטאָרבען איידער צוגעשטימט צו אייער חתונה. אָבער וואָס איז אָפּגעטאָן איז פאַרפאַלען; איך וועל ניט ער־לויבען צו מאַכען מיין טאָכטער צו שאַנד און שפּאָט.

אזוי זיינען פאַראיבער עטליכע טעג. אַם ענדע האָט אננא וואסיליעווגא זיך אָנגענומען מיט כח, און איינמאָל אין אָווענט האָט זי זיך פאַרשלאָסען מיט איהר מאַן אין שלאָפצימער. אַלע אין הויז זיינען אַזוי שטיל, שטיל געבליבען. צוערשט האָט מען גאָר ניט געהערט; דערנאָך האָט ווי אַ טרובע זיך צוקלונגען ניקאָלאַי אַרטעמאָוויטשעס שטים, דערנאָך האָט זיך פאַרבונדען אַ קריגעריי, עס האָבען זיך אויפגעהויבען געשרייען און עס האָט זיך אפילו געדוכט אַז מען קרעכצט... שובין, צוזאַמען מיט די דינסט־מיידלאך און זאָיען האָבען זיך שוין געקליבען קומען צו הילף, נאָר דער טומעל אין שלאָפצימער איז מילדער געוואָרען, איז איבערגע־גאַנגען אין אַ געשפּרעך און דערנאָך איז אינגאַנצען שטיל גע־וואָרען. בלויז פון צייט צו צייט האָט זיך דערטראָגען אַ שטילער געוויין. אַם ענדע האָט דאָס אויך אויפגעהערט. עס האָט זיך דערהערט אַ קלינגעריי פון שליסעל, אַ שאָרך פון אַ צועפּענטער ביורא...

די טיר האָט זיך געעפענט און עס האָט זיך באַוויזען ני־קאָלאַי אַרטעמאָוויטש. ער האָט אַ האַרטען בליק געוואָרפען אויף אַלעמען און איז אַוועק אין קלאָב; אננא וואסילעווגא האָט גע־שיקט נאָך יעלענא'ן. זי האָט זי שטאַרק אַרומגענומען און באַ־גיסענדיג זיך מיט ביטערע טרעהרען, געזאָגט:

— איצט האָב איך שוין אַלץ גוט געמאַכט, ער וועט שוין ניט אויפהויבען קיינע סקאַנדאַלען, קיינע געשיכטעס, און קיין זאַך שטערט דיר שוין איצט ניט אָוועקפאָהרען... אַוועקוואַרפען אונז.

— וועט איהר ערלויבען דמיטרי'ען צו קומען אייך באַזאָגקען, — האָט געפרעגט יעלענאַ ביי איהר מוטער, ווען יענע האָט זיך פיעל ווייניג באַרוהיגט.

— וואַרט אַ ווײַלע, נשמה מיינע, איך קען איצט ניט זעהן אונזער צושיידער. מיר וועלען דאָס דערוויזען צו טאָן פאַר'ן פאָהרען.

— פאַר'ן פאָהרען — האָט טרויעריג ווידערהאָלט יעלענאַ.

ניקאָלאַי ארטעמאַוויטש האָט איינגעשטימט ניט צו „מאַכען קיין סקאַנדאַל”, אָבער אננאַ וואַסילעוונאַ האָט ניט דערצעהלט איהר טאָכטער וואָס פאַר אַ פּרייז ער האָט געפאָדערט פאַר זיין צושטימונג. זי האָט איהר ניט דערצעהלט, אַז זי האָט איהם צוגעזאָגט אָפּצוצאָהלען אַלע זיינע חובות און איהם געגעבען אין האַנט טויזענט רובעל. אויסער דעם האָט ער קאַטעגאָריש ערקלערט אננאַ וואַסילעוונאַ, אַז ער וויל זיך ניט באַגעגענען מיט אינסאַראָוו'ן ביי זיך אין הויז. קומענדיג אין קלאָב האָט ער אָהן יעדער אורזאַכע אָנגעהויבען רעדען פון יעלענאַ'ס חתונה מיט זיין קאָרטען־פּאַרטנער, אַ געוועזענעם גענעראַל־אינזשענער. „נו, איהר האָט געהערט, — האָט ער ארויסגערעדט מיט אַ געמאַכטער נאַכלעסיגקייט, מיין טאָכטער, פון זעהר גרויס געראַטענקייט, האָט חתונה געהאַט מיט עפּעס אַ סטודענט”. דער גענעראַל האָט דורך די ברילען אַ קוק געטאָן אויף איהם, און ארויסגעשטאַמעלט: „מע!” דערביי געפרעגט ביי איהם אין וואָס ער שפּיעלט.

## .32

דער טאָג פון אוועקפאָהרען האָט זיך דערנעהנטערט. עס איז שוין געוועזען ענדע נאָיאַב, דאָס הייסט אויך די לעצטע מעגליכקייט צו פאָהרען. אינסאַראָוו האָט שוין פון לאַנג פאַרענדיגט אַלע זייַנע פּאָרבאַרייטונגען, און האָט ממש געברענט פון דעם פאַרלאַנג

וואָס שנעלער זיך ארויסרייסען פון מאָסקווע. דער דאָקטאָר האָט איהם אויך געאייַלט: — „איהר נויטיגט זיך אין אַ ווארימען קלימאַט, — האָט ער איהם געזאָגט, — דאָ וועט איהר ניט קומען צו אייערע כחות".

יעלענא האָט אויך געברענט פון אונגעדולד; זי האָט שטאַרק באַאומרוהיגט אינסאַראָוו'ס בלאַסקייט, זיין אויסגעמאַטערט־קייט. זי האָט גאַנץ אָפט מיט אַ ניט ווילענדיגער שרעק געקוקט אויף דעם ווי שטאַרק ער האָט זיך פאַרענדערט. איהר לאַגע אין די עלטערענ'ס הויז איז געוואָרען אַלץ אונערטרעגליכער. די מוטער האָט ניט אויפגעהערט וויינען איבער איהר, ווי איבער אַ טויטער, און דער פאָטער האָט זיך באַצויגען צו איהר קאַלט, מיט פאַראַכטונג. די נאָהענטקייט פון דער שיידונג האָט איהם אויך געמאַטערט אין דער שטיל, אָבער ער האָט געהאַלטען פאַר זיין חוב, דער חוב פון אַ באַליידיגטען פאָטער, צו באַהאַלטען זיינע געפיהלען, זיין שוואַכקייט. אַם ענדע האָט אַננאַ וואַסילעוונאַ אויסגעדריקט איהר פאַרלאַנג צו זעהן זיך מיט אינסאַראָוו'ען. מען האָט איהם געבראַכט צו איהר שטילענקערהייד דורך דער הינטער־שטער טיר. ווען ער איז אריין צו איהר אין צימער, האָט זי לאַנג ניט געקענט מיט איהם רעדען, זי האָט אפילו ניט געקענט באַשליסען ביי זיך אַ קוק טאָן אויף איהם; ער האָט זיך גע־זעצט נעבען איהר פאָטער־שטול, און האָט רוהיג־רעספעקטפול געוואַרט אויף איהר ערשטען וואָרט. יעלענאַ איז אויך געזעסען דערביי און געהאַלטען דער מוטער'ס האַנט אין איהרער. אַננאַ וואַסילעוונאַ האָט אַם ענדע אויפגעהויבען אויף איהם די אויגען און אַרויסגערעדט: „זאָל גאָט זיין אייער ריכטער, דמיטרי ניקאַנאָראָוויטש..." און האָט זיך אָפּגעשטעלט: די פאָרווירפע זיי־נען פאַרשטאָרבען אויף איהרע ליפּען.

— איהר זייט קראַנק! — האָט זי אויסגעשריען: — יעלענא, ער איז קראַנק!

— איך בין געוועזן ניט געזונט, אַננאַ וואַסילעוונאַ, — האָט געענטפערט אינסאַראָוו, — און איצט בין איך נאָך אויך ניט פאָלקאָמען געזונט. אָבער איך האָף אַז די לופט פון מיין היימ־לאַנד וועט מיך פאָלשטענדיג אויסהיילען און געזונט מאַכען.

— יאָ, בולגאַריאַ! — האָט אַרויסגעמורמעלט אַננאַ וואַ־סילעווונאַ, און אַ טראַכט געטאָן: „מיין גאָט, אַ בולגאַר, וואָס קוקט אויס ווי אַ מת מיט אַ שטים ווי פון אַ פאַס, און אויגען ווי באַנקעס, אַן אויסגעטריקענטער ווי אַ סקעלעט, דער ראָק הענגט אויף איהם אַזוי, ווי מען וואָלט איהם אָראָפּגענומען פון פרעמדע פּלייצעס, נעל איז ער ווי אַ געלבען פון אַן איי, און זי איז זיין פרוי, זי האָט איהם ליעב... אָבער דאָס מוז דאָך זיין עפּעס אַ מין בייזער חלום...” זי האָט זיך גלייך פאַרכאַפּט: — דמיטרי ני־קאַנאָראָוויטש, — האָט זי געזאָגט, — איהר מוזט אומבאַדינגט פאָהרען?

— אומבאַדינגט, אַננאַ וואַסילעווונאַ.

אַננאַ וואַסילעוונאַ האָט אַ קוק געטאָן אויף איהם.

— אַך, דמיטרי ניקאַנאָראָוויטש, — האָט זי געזאָגט, — זאָל אייך גאָט אויסהיטען איבערצולעבען דאָס וואָס איך לעב איצט איבער... אָבער איהר זאָגט מיר צו זי צו היטען ווי דאָס אויג אין קאָפּ, זי ליעב האָבען... פון קיין נויט וועט איהר ניט וויסען, אַזוי לאַנג ווי איך וועל לעבען!

טרעהרען האָבען פאַרשטיקט איהר שטים. זי האָט אויפ־געעפענט איהרע אָרעמס, און יעלענאַ מיט אינסאַראָוו'ען זיינען צוגעפאַלען צו איהר.

אָט ענדע איז געקומען דער ענטשיידענער טאָג. עס איז געווען באַשטימט, אַז יעלענאַ זאָל זיך געזעגנען מיט איהרע על־טערען אין דער היים און זאָל זיך לאָזען אין וועג פון אינסאַ־ראָוו'ס צימער. אָפּפאָהרען האָט מען באַשטימט 12 אַזייגער. אַ פערטעל צו צוועלף איז געקומען בערסענעוו. ער האָט געדענקט, אַז ער וועט טרעפען ביי אינסאַראָוו'ען זיינע מיטבירגער, וועל־כע וועלען קומען איהם באַגלייטען; אָבער זיי אַלע זיינען אַוועק־געפאָהרען פריהער; עס זיינען שוין אויך אָפּגעפאָהרען די צוויי געהיימניספולע פערזאָנען, וועלכע זיינען שוין באַקאַנט דעם לעזער (זיי האָבען געדיענט אַלס עדות צו אינסאַראָוו'ס חתונה). דער שניידער האָט מיט פרייד באַגעגענט דעם גוטען פריץ; ער האָט, ווייזט אויס, פון צרות, און אפשר פון פרייד, וואָס מען האָט איהם אָוועקגעשענקט דאָס מעבעל, היבשליך אויס־

נעטרונקען. זיין פרוי האט איהם שנעל ארויסגעפיהרט. אין צימער איז שוין אלץ געווען אויפגעראמט: דער טשעמאדאן איז געשטאנען אין א ווינקעל, איבערגעבונדען מיט א שטריק. בער־סענעוו האט זיך פארטראכט. א סך עראינערונגען זיינען דורכ־געלאפען אין זיין נשמה.

דער זייגער האט שוין לאנג געשלאגען צוועלף. דער אנטרייבער האט געבראכט צופיהרען די פערד, אבער די יונגע פאר איז נאך אלץ ניט געקומען. אם ענדע האבען זיך דערהערט שנעלע טריט אויף די שטיגען און עס איז אריינגעקומען יעלענא אין דער באגלייטונג פון אינסאראוו'ען און שובינ'ען. ביי יעלענא'ן זיינען די אויגען געווען רויט, זי האט איבערגעלאזען די מוטער אין חלשות, דאס זעגענען זיך איז געווען זעהר א שווערע. יעלענא האט שוין איבער א וואך ניט געזעהן בערסענעוו'ען. די לעצטע צייט איז ער זעלטען געקומען צו די סטאכאווס. זי האט ניט ער־ווארטעט איהם צו טרעפען און האט אויסגעשריען: „איהר, א דאנק", און האט זיך ארויפגעווארפען איהם אויפ'ן האלז; אינסאראוו האט איהם אויך ארומגענומען. עס האט געפאלגט א שווערער שווייגען. וואס האבען אט די דריי מענשען געקענט זא־גען, וואס האבען אט די דריי הערצער געפיהלט? שובין האט פארשטאנען, אז מען מוז מיט א לעבעדיגען קלונג א סוף מאכען צו אט דעם שווערען שווייגען.

— אט האט זיך ווידער פארזאמעלט אונזער טריא, — שוין צום לעצטען מאל! לאמיר זיך בייגען פאר דעם שיקזאל'ס בא־פעהלען, לאמיר די פארגאנגענהייט מיט א גוט ווארט דערמאנען, מיט א ברכה פון גאט געהן אנטקעגען דעם נייעם לעבען! „גע־זונטערהייד אין ווייטען וועג" האט ער אנגעהויבען זינגען, און האט זיך אפגעריסען. עס איז איהם פלוצלונג געווארען אונאנ־גענעהם. עס איז א זינד צו זינגען דארטען, וואו עס געפינט זיך א טויטער; אין דעם אויגענבליק איז אין דעם צימער גע־שטארבען יענע פארגאנגענהייט, וועגען וועלכער ער האט דער־מאנט, די פארגאנגענהייט פון די מענשען, וואס האבען זיך פאר־זאמעלט דא. די פארגאנגענהייט איז אפגעשטארבען, לאמיר זא־גען אום ווידער געבוירען ווערען צו א נייעם לעבען... אבער פונ־

דערפֿטוועגען איז זי דאָך אָפּגעשטאָרבען.

— נו, יעלענאַ, — האָט אָנגעהויבען אינסאַראָוו, זיך וועג־דענדיג צו זיין פרוי, — דאכט זיך אַלעס? אַלע איז אָפּגע־צאָהלט און צוזאמענגעלייגט. עס בלייבט בלויז ארונטערצוטראָ־גען אָט דעם טשעמאָדאַן.

— באַלאַבאָס!

אין צימער איז אריין דער באַלאַבאָס צוזאמען מיט זיין פרוי און טאָכטער. אינסאַראָוו'ס באַפעהל האָט ער אויסגעהערט, זיך קוים האַלטענדיג אויף די פיס. ער האָט ארויפגעוואָרפען דעם טשעמאָדאַן צו זיך אויף די פּלייצעס און איז פלינק ארונטערגע־לאָפען מיט איהם פון די שטיגען, קלאַפענדיג דערביי מיט די שטיוועל.

— איצט דאַרף מען זיך זעצען לויט'ן רוסישען מנהג, — האָט באַמערקט אינסאַראָוו.

אַלע האָבען זיך צוגעזעצט: בערסענעוו האָט זיך אַוועקגע־זעצט אויפ'ן אַלטינקען דיוואַן, יעלענאַ נעבען איהם. די באַלעבאָסטע מיט איהר טאָכטער האָבען זיך צוגעזעצט אויפ'ן שוועל. אַלע זיינען אנשווייגען געוואָרען: אַלע האָ־בען אָנגעשטרענגט געשמייכעלט און קיינער האָט ניט געוואוסט פאַרוואָס ער שמייכעלט. יעדען איינעם האָט זיך געוואָלט עפּעס זאָגען צום געזעגענען זיך (געוועהנליך אויסער דער באַלאַבאָסטע און איהר טאָכטער: יענע האָבען בלויז די אויגען געגלאָצט), אָבער יעדערער האָט געפיהלט, אז אין אַזוינע מאָמענטען איז ער־לויבט צו זאָגען בלויז אַ פּאָר באַנאַלע פראַזען, און אז יעדער באַ־דייטענדער קלוגער, אָדער אפילו פּשוט האַרציגער וואָרט, איז ניט אם פּלאַץ און וואָלט געקלונגען כמעט פאַלש. אינסאַראָוו האָט זיך אויפגעהויבען דער ערשטער און האָט זיך גענומען צלמ'ען...

„זיי געזונט, אונזער צימער!" — האָט ער אויסגעשריען. עס האָ־בען זיך דערהערט קושען, אַזוינע קלינגענדיגע, נאָר קאַלטע קו־שען פון צושיידען זיך, ניט דערזאָגטע פאַרלאַנגען און פאַרשפּרע־כונגען צו שרייבען, די לעצטע האַלב־פאַרשטיקטע זעגענונגס־ווער־טער... יעלענאַ, איינגאַנצען אין טרעהרען, האָט זיך שוין געזעצט אין וואָגען; אינסאַראָוו האָט פאָרזיכטיג איינגעדעקט איהרע

פים מיט א טעפיך; שובין, בערסעניעוו, דער באלאבאס, זיין פרוי און טעכטעריל, מיט דעם אונפארמיידליכען שאלכעל אויפ'ן קאפ, דער הויף־משרת, א פרעמדער ארבייטער אין א געקעסטעלטען כאלאט — אלע זיינען געשטאנען ארום גאניק, ווען פלוצלונג זיינען ארייגעפלויגען אין הויף א רייכער שליטען מיט א טייערען גרויען פערד, און אפטרייסלענדיג דעם שניי פון קאלנער, איז פון שליטען ארויסגעשפרונגען ניקאלאי ארטעמאוויטש.

— גאט צו דאנקען! נאך ניט פארשפעטיגט, — האט ער אויסגעשריען און איז צוגעלאפען צום וואגען.

— אט האסטו דא, יעלענא, אונזער לעצטע ברכה, די ברכה פון דיינע עלטערען, — האט ער געזאגט. ער האט זיך אנגעבויגען און פון קעשענע פונ'ם ראק האט ער ארויסגענומען א קליינ הייליג בילד, וואס איז געווען איינגענעהט אין א פלושענעם זעקעלע און האט דאס אנגעטאן איהר אויפ'ן האלז. זי האט זיך שטארק צואוויינט און גענומען קושען זיינע הענט; צו דער זעלבער צייט האט דער אנטרייבער ארויסגענומען פון שליטען א האלבען באטעל שאמפאניער מיט דריי באקאלען.

— נו! — האט געזאגט ניקאלאי ארטעמאוויטש, און די טרעהרען האבען ביי איהם גערונען אויפ'ן פוטערנעם קאלנער פון מאנטעל, — מען דארף באגלייטען... און ווינשען...

ער האט גענומען אנגיסען דעם שאמפאניער אין די גלעזער. זיינע הענד האבען געציטערט, די שוים האט זיך איבערגעגאסען איבער די פולע בעכער און איז געפאלען אויפ'ן שניי. ער האט גענומען איין בעכער און די איבעריגע צוויי האט ער דערלאנגט צו יעלענא'ן מיט אינסאראוו'ען, וועלכער האט שוין באוויזען זיך אנידערזעצען נעבען איהר. — זאל אייך גאט געבען... — האט אנגעהויבען ניקאלאי ארטעמאוויטש און האט ניט געהאט קיין כח צו ענדיגען דאסווארט. ער האט אויסגעטרונקען דעם וויין; יעלענא מיט אינסאראוו'ען האבען אויך אויסגעטרונקען. — יעצט האט איהר באדארפט מיינע העררען, — האט ער צוגעגעבען, זיך ווענדענדיג צו שובינ'ען מיט בערסעניעוו'ען, אבער אין דעם זעלבען אויגענבליק האט דער אנטרייבער געריהרט פון ארט. ניקאלאי ארטעמאוויטש האט גענומען לויפען נאכ'ן וואגען. — זעה־זשע,

שרייב אונז, — האָט ער געערדט מיט אַ פאַרשטיקטען קול. יעַ־לענאַ האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ און געזאָגט: „זייט גע־זונט, טאַטעניו, אַנדרעי פעטראָוויטש, פּאַוועל יאַקאָוולעוויטש, זייט אַלע געזונט, זיי געזונט רוסלאַנד!” און האָט זיך אָפּגעוואָרפען אויף צוריק. דער אָנטרייבער האָט אַ מאַך געטאָן מיט'ן בייטש, גענומען פייפען, און דער וואָגען, סקריפּענדיג מיט אַלע רעדער, האָט פאַרקירעוועט פון טויער רעכטס — און איז פאַרשוואונדען.

## 33.

עס איז געווען אַ ליכטיגער טאָג אין אַפּריל. איבער דעם ברייטען קאַנאַל, וועלכער טיילט אָפּ ווענעציע פון אַ שמאָלען פּאַס אָנגעטראָגענער ים־זאַמד, די אַזוי גערופענע לידאָ, האָט זיך גע־גליטשט אַ שאַרף־ברוסטיגע גאָנדאָלאַ (שיפעל), וואָס האָט זיך מעסיג געוויעגט ביי יעדען שטויס וואָס איז געפאַלען אויף דער לאַנגער וועסלאָ פון שיפעל טרייבער'ס האַנט. אונטער'ן נידע־ריגען דאַך פון שיפעל, אויף ווייכע פעל־קישעלאַך, זיינען געזעסען יעלענאַ מיט אינסאַראָוו'ען.

די שטריכען פון יעלענאַ'ס געזיכט האָבען זיך אַביסעל אומ־געביטען פאַר דער צייט זינט זי האָט פאַרלאָזען מאָסקווע. דער אויסדרוק זייערער איז געוואָרען אַן אַנדערער: דער אויסדרוק פון איהר געזיכט איז געוואָרען אַ באַדענקענדערער, שטרענגערער און די אויגען האָבען געקוקט געוואָגטער. איהר גאַנצער קערפּער האָט זיך צובליהט. די האָר זיינען ווי רייכער און געדיכטער גע־לעגען איבער'ן ווייסען שטערען און אַרום די פרישע באַקען. בלויז אין די ליפען, ווען זי האָט ניט געשמייכעלט, האָט אַ קוים באַמערקבאַרער קנייטשעלע דערצעהלט וועגען אַ געהיימניספולער באַשטענדיגער זאָרג. ביי אינסאַראָוו'ען, פאַרקעהרט, איז דער אויסדרוק פון געזיכט פאַרבליבען דער זעלבער, בלויז זיינע שטרי־כען האָבען זיך גרוייזאַם פאַרענדערט. ער איז געוואָרען ווי אַ סקעלעט, זעהר בלאַס און פאַרעלטערט; ער האָט זיך אינגאַנצען איינגעבויגען און האָט כמעט ניט אויפגעהערט צו הוסטען מיט אַ טרוקענעם קורצען הוסט. דערצו האָבען נאָך זיינע אויגען גע־

ברענט מיט א מאָדנעם פייער. אויפ'ן וועג פון רוסלאַנד איז אינ־סאראָוו אָפּגעלעגען כמעט צוויי מאָנאטען קראַנק אין וויען. ערשט אין סוף מארט איז ער געקומען מיט זיין פרוי קיין ווענעציע. פון וואַנעט ער האָט געהאָפּט זיך צו דערשלאָגען דורך זארו קיין סער־ביע און בולגאריע; די אנדערע וועגען זיינען איהם געווען פאר־שטעלט, ווייל אויפ'ן דונאי האָט זיך פאנאַנדערגעפלאקערט די מלחמה. ענגלאנד און פראַנקרייך האָבען ערקלערט קריעג רוסלאנד. אלע סלאַווישע פעלקער האָבען זיך געגרייט צו אַן אויפשטאַנד.

די גאָנדאָלא איז צוגעשטאַנען צו דעם אינערליכען ברעג פון לידא. יעלענא מיט אינסאראָוו'ען זיינען מיט א שמאָלער זאמ־דיגער סטעזשקע, וועלכע איז געווען באזעצט מיט שווינדזיכטיגע בוימלאך, וואָס מען פלאנצט יעדעס יאָהר און יעדעס יאָהר שטאר־בען זיי אוועק, געגאנגען אויפ'ן אויסערליכען ברעג פון לידא, ד. ה. צום ים.

זיי זיינען אומגעגאנגען ביים ברעג. דער אדריאַטישער ים האָט געטראָגען פאר זייערע אויגען זיינע אומריינע בלויע כוואַ־ליעם; די כוואַליעם האָבען זיך געשוימט און מיט א טויבען גע־רויש אָנגעלאָפען און זיך געטראָגען אויף צוריק, איבערלאָזענדיג נאָך זיך, אויפ'ן זאמד, קליינינקע ראקאָווינעס און שטיקלאך־ברעקלאך פון די ים־גראָזען.

— ס'אַראַ אומעטיגער פּלאַץ דאָס איז, — האָט באמערקט יעלענא. — איך האָב מורא אויב עס איז ניט צו קאַלט פאר דיר דאָ; אָבער איך שטוים זיך אָן צוליעב וואָס דיר האָט זיך גע־גלוסט קומען אהער.

— קאַלט! — האָט אָפּגעענטפערט אינסאראָוו, מיט א פלינ־קען איראָנישען שמייכעל. איך וואָלט שוין זיין דער אמת'ער סאָלדאַט, אויב איך זאָל מורא האָבען פאר קעלט. און געקומען בין איך אהער... איך וועל דיר זאָגען צוליעב וואָס. איך קוק אויף אָט דעם ים און מיר דוכט זיך, אַז פון דאַנעט איז נעהענ־טער צו מיין היימלאַנד. און ווירקליך, זי איז דאָך דאָרטען, — האָט ער צוגעגעבען, אויסציהענדיג די האַנט צו מזרח צו. — אָט בלאָזט אפילו פון דאָרטען דער ווינט.

— צי וועט ניט ברענגען אַט דער ווינט די שיף, אויף וועל־כער דו וואַרטסט ? — האָט געזאָגט יעלענאַ : אַט ווייזט זיך אַ זעגעל, אפשר איז דאָס די שיף ?

אינסאַראָוו האָט זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט פון ים, וואוהין יעלענאַ האָט איהם אָנגעוויזען.

— רענדיטש האָט צוגעזאָגט אַלעס איינאָרדנען אין אַ וואָך ארום, — האָט באַמערקט אינסאַראָוו, און דוכט זיך, אַז אויף איהם קען מען זיך פאַרלאָזען... האָסטו געהערט, יעלענאַ, — האָט ער צוגעגעבען מיט אַ פלוצלונגער באַגייסטערונג, — מען זאָגט, אַז די אָרימע דאַלמאַטער פישערס האָבען אָוועקגעשענקט זייערע בליי־געוויכטען אויף קוילען. דו ווייסט, די געוויכטע, וועלכע מען לעגט אריין אין די נעצען, כדי יענע זאָלען זיך אראָפּלאָזען אויפ'ן דנאָ! קיין געלט האָבען זיי ניט געהאַט, ווייל זיי ער־נערען זיך בלויז מיט דעם פיש־פאַנגען; אָבער זיי האָבען מיט פרייד אָוועקגעגעבען זייער לעצטען פאַרמעגען און הונגערען איצט. ס'אַרא פאָלק!

— Aufgepasst! — האָט אויסגעשריען הינטער זיי אַ בייזע שטימע. און עס האָט זיך דערהערט אַ טויבער גערויש פון אַ געשמיטען פערד. אַ דייטשער אָפיצער אין אַ קורצען גרויען טוניק און גרינעם קאַרטוז איז דורכגעלאָפען פאַרביי זיי... זיי האָבען קוים דערוויזען אָפּטרעטען אין אַ זייט.

אינסאַראָוו האָט איהם בייז נאָכגעפאָלגט מיט'ן בליק.

— ער איז ניט שולדיג, — האָט געזאָגט יעלענאַ, — זיי האָבען דאָ קיין אַנדער פּלאַץ ניט וואו אויסצופאָהרען די פערד.

— ער איז ניט שולדיג, — האָט אָפּגעענטפערט אינסאַראָוו, — און דאָך האָט ער מיך אינגאַנצען אויפגעטרייסעלט, אויפ־געבראַוזט מיין גאַנצע בלוט פון זיין געשריי, פון זיינע וואָנצען, ווי פון זיין גאַנצען אויסזעהן. — לאָמיר זיך אומקעהרען.

— גוט, לאָמיר זיך אומקעהרען, דמיטרי. דערצו בלאָזט דאָ ווירקליך זעהר שטאַרק. דו האָסט זיך ניט צוגעהיט נאָך דיין מאָסקווער קרענק, און האָסט דערפאַר טייער באַצאָהלט אין ווינען. דאַרף מען שוין איצט זיין פאָרזיכטיגער.

— אויב דו ווילסט, טאָ לאָמיר זיך דורכשיפען איבער'ן

„גרויסען קאַנאַל“ — האָט פּאַרטנעזעצט יעלענא. ווירקליך, זייט מיר זיינען דאָ, האָבען מיר נאָך ניט אָנגעקוקט ווענעציע, ווי געהעריג איז. און אין אָווענט וועלען מיר געהן אין טעאַטער, איך האָב צוויי בילעטען פאַר א לאָזשע. איך האָב געהערט, אַז מען שטעלט היינט א נייע אָפּערא. ווילסט, וועלען מיר היינטיגען טאָג אָפּגעבען איינער דעם אַנדערן, מיר וועלען פאַרגעסען אויף א ווײַלע וועגען פּאָליטיק, וועגען דער מלחמה, וועגען אַלץ און אַלעם אויף דער וועלט: מיר וועלען בלויז געדענקען איין זאַך, אַז מיר לעבען, דענקען און אָטעמען צוזאַמען, אַז מיר זיינען אויף אייביג פאַראייניגט... ווילסט?

— דו ווילסט דאָך, יעלענאַ, — הייסט אַז איך וויל דאָס אויך, — האָט געענטפערט אינסאַראָוו.

— איך האָב דאָס געוואוסט, — האָט יעלענא באַמערקט מיט א שמייכעל. — קום, קום, לאָמיר געהן.

זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צום שיפעל, זיך אריינגעזעצט אינוועניג און געהייסען פיהרען איבער דעם קאַנאַל.

ווער עס האָט ניט געזעהן ווענעציע אין אַפּריל, דער קען זיך קוים פאָרשטעלען די אומבאַשרייבליכע שעהנקייט פון אָט דער צויבער־שטאָדט. די איידעלקייט, די ווייכקייט פון פריהלינג, פּאַסען זיך צו ווענעציע, ווי די העלע זון צו דער פּראַכטפולער גענוא, ווי דאָס גאָלד און די פיעל־פאַרביגע קאָלירען שפּיעל פון הערבסט צו דעם גרויסען זקן — רוים. די שעהנקייט פון ווע־נעציע איז עהנליך צו פריהלינג. גלייך ווי דער פריהלינג, ריהרט זי, רעגט און וועקט פאַרלאַנגען; אָט די שעהנקייט נוגט און רייצט דאָס אונערפאַהרענע האַרץ, ווי א צוזאָג פון נאָהענטען גליק. אַלעס אין איהר איז אַזוי העל־ליכטיג, אַזוי פאַרשטענדליך, אַלץ איז דאָרטען איינגעהילט אין א דינעם געוועב פון שטיל־שווייגען, ווי אַלעס גלעט און גריסט, אַזוי ווי די אַטמאָספערע פון ליעבע. אַלץ איז דאָ ווייבליך, אָנחויבענדיג פון דעם נאָמען. ניט אומזיסט איז בלויז זי געקרוינט געוואָרען מיט׳ן נאָמען: „שעהנע“.

ווי דער חלום פון א יונגען גאָט, אַזוי לייכט און וואַונדער־

באַר זיינען דאָרטען געבויט די אונגעהויערע פּאַלאַצען און קלויס־טערס; די גרין־גרויע אָפּשפּיגלונג און ווייכער איבערגוס פון די שטומע וואַלען אין די קאַנאַלען ענטהאַלטען אין זיך אַ מאָדנעם כשוף. צויבערהאַפט ווירקט דער טומעללאָזער לויף פון די שיפּ־לאַך, ווי די אפּוועזענהייט פון די גראָבע שטאָדטישע קלאַנגען, צוזאַמען מיט דעם שאַרפען רעש, געטומעל און ליאַרעם. „ווענע־ציע איז אויסגעליידיגט געוואָרען, ווענעציע שטאַרבט אָפּ״, דער־צעהלען אייך איהרע איינוואוינער; אָבער פיליכט האָט איהר טאַקע געפּעהלט אָט דער לעצטער צויבער, דער צויבער פון וועלקען אין דעם העכסטען מאָמענט פון בליהונג און פאַלקאָמען טריי־אומף פון שעהנקייט. ווער עס האָט ווענעציע ניט געזעהן, דער קען ניט האָבען דעם מינדסטען באַגריף וועגען איהר; ווייל ניט קאַנאַלעטי, ניט גוואַרדי (שוין אָפּגערעדט פון די נייע קינסט־לער), זיינען אימשטאַנד איבערצוגעבען אָט די זילבערנע צאַרט־קייט פון דער לופט, אָט די אוועקפליהענדיגע און נאָהענטע ווייט־קייט, אָט דעם וואונדערליכען צוזאַמענקלאַנג פון די שעהנסטע גריניצען און פאַרגעהענדע פאַרבען. אַן אָפּגעלעבטער און צו־בראָכענער פון לעבען האָט ניט נאָך וואָס צו באַזוכען ווענעציע, זי וועט ווירקען אויף איהם שווער, ווי די עראינערונג פון די ניט־פאַרווירקליכטע טרוימען פון זיין ערשטער יוגענד, אָבער זיס וועט זי זיין דעם, אין וועמען עס ברויזען נאָך די כחות, ווער עס פיהלט זיך שטאַרק און גליקליך אין לעבען. זאָל יענער ברייגנען זיין גליק אונטער איהרע פאַר׳כשופ׳טע הימלען, אָט ווי העל, פיעל מיט זונען שטראַהלען עס זאָל ניט זיין זיין גליק, וועט זי דאָס נאָך באַגיסען מיט׳ן צויבער־גאָלד פון אין איהר קיינמאָל ניט וועלקענדער ליכט.

דאָס שיפעל, אין וועלכער עס זיינען געזעסען יעלענא מיט אינסאַראָוו׳ען איז פּאַמעליך פאַרבייגעגאַנגען דעם דאָזשעי פּאַלאַץ, און איז אַריין אין גרויסען קאַנאַל. פון ביידע זייטען האָבען זיך געצויגען מאַרמאָרנע פּאַלאַצען. געדוכט האָט זיך, אַז אָט

די פּאַלאַצען שווימען פאַרביי, קוים געבענדיג דעם אויג אַ געלע־
גענהייט ארומנעהמען און פאַרשטעהן אלע זייערע שעהנקייטען.
יעלענאַ האָט זיך געפיהלט טיעף גליקליך. אין דער בלויקייט פון
איהר הימעל איז געשטאַנען בלויז איין שווארץ וואָלקענדעל —
און דאָס האָט זיך אויך אָפּגערוקט, ווייל אינסאראָוו האָט זיך
געפיהלט פיעל בעסער אין יענעם טאָג. זיי זיינען דערשוואומען
ביז דער פארדרעהטער ריאלטאָ, און האָבען זיך אומגעקערט צו־
ריק. יעלענאַ האָט זיך געשראָקען אַז די קעלט פון די קלויסטערס
זאָל ניט שאַטען אינסאראָוו'ען. זי האָט זיך דערמאָנט וועגען
דער אקאַדעמיע Delle Belle Arti און האָט געהייסן דעם שיפּעל־
טרייבער פאָהרען אהין. זיי זיינען שנעל דורכגעגאַנגען אלע
זאַלען פון אָט דעם קליינעם מוזעאום. ניט זייענדיג קיין באַזונ־
דערע מבינים אויף קונסט, ווי אויך ניט קיין דילעטאַנטען, האָבען
זיי זיך ניט אָפּגעשטעלט פאר יעדען בילד, און האָבען זיך ניט
גענויט דאָס צו טאָן. זיי האָט ארומגענומען עפּעס א מין ליב־
טיגע פרייד. מיט אמאָל האָט יעדע זאך גענומען אויסזעהן אין
זייערע אויגען זעהר שפּאסהאַפט (אָט דער געפיהל איז גוט באַ־
קאַנט צו קינדער). יעלענאַ האָט ביז טרערען געלאַכט איבער
דעם בילד פון הייליגען מארק טינטארעטי, צו דער גרויסער ערגערניש
פון די דריי באַזוכער־ענגלענדער, וואָס האָבען זיך געפונען אין
מוזעאום. דער הייליגער מארק טינטארעטי שפּרינגט ווי א זשאַבע
פון הימעל אין וואסער, אום צו ראטעווען א געפּייניגטען שקלאף;
אינסאראָוו, פון זיין זייט, איז באַגייסטערט געוואָרען פון די
פּלייצעס און פיס פון יענעם מאַן, וואָס פאַרנעהמט דעם אויבען־
אָן אין טאַציאַנאָוו'ס „ערהויבונג" און הויבט אויף די הענט
נאָכפאָלגענדיג דער מאַדאָנע, וואָס איז פאָרגעשטעלט אויפ'ן בילד
אלס אַ שעהנע און שטאַרקע פרוי, וועלכע שטרעבט רוהיג און
פריידיג צו גאָט — דעם פאָטער. די מאַדאָנאַ האָט זיי ביידען
ערשטוינט; עס איז זיי אויך שטאַרק געפעלען געוואָרען דאָס
שטרענגע און הייליגע בילד פון דעם זקן, צימאַ דאקאַנעליאַנאַ.
ארויסגעהענדיג פון דער אקאַדעמיע, האָבען זיי זיך נאָך אַמאָל
אומגעקוקט אויף די ענגלענדער, מיט זייערע לאַנגע האָזען־צייהנער
און אראָפּגעהאנגענע באַקענבאַרדען, וואָס זיינען זיי נאָכגעגאַנ־

גען; זיי האָבען זיי דערזעהן און זיך צולאַכט; זיי האָבען דער־
זעהן זייער שיפּעל־טרייבער אין אַ קורצינקען רעקעל מיט קורצע
הייזלאַך און האָבען זיך ווידער צולאַכט. דערזעהענדיג אַ מאַרק־
אידענע מיט אַ בינטעל גרויע האָר אויפ׳ן שפּיץ קאָפּ, האָבען זיי
זיך נאָך שטאַרקער פאַנאַנדערגעלאַכט. אַם ענדע האָבען זיי
אַריינגעקוקט איינע די אַנדערע אין פּנים אַריין און זיינען זיך ממש
פאַרגאַנגען פון געלעכטער. און ווי זיי האָבען זיך נאָר אַריינ־
געזעצט אין שיפעל אַריין, האָבען זיי שטאַרק־שטאַרק געדריקט די
הענט איינע די אַנדערע. זיי זיינען געקומען אין האָטעל און
זיינען גלייך אַרויף צו זיך אין צימער און געהייסען דערלאַנגען
מיטאָג. זייער פרעהליכע שטימונג האָט אויך אָנגעהאַלטען ביים
טיש. זיי האָבען מכבד געווען איינע די אַנדערע, זיי האָבען גע־
טרונקען פאַר׳ן געזונט פון די מאָסקווער חברים, און אַפּלאָדירט
דעם קאַמעריער פאַר די געשמאַקע פיש, וואָס ער האָט זיי דער־
לאַנגט און געפּאָדערט פון איהם, ער זאָל זיי דערלאַנגען לעבעדיגע
fruti di mare; דער קאַמעריער האָט זיך געדריקט און גענייגט;
אַרויסגעהענדיג פון זיי האָט ער מיט אַ זיפץ אַרויסגעמורמעלט:
povetretti! (אָרימינקע!). נאָך מיטאָג זיינען זיי געגאַנגען
אין טעאַטער.

אין טעאַטער האָט מען געשטעלט ווערדי׳ס אַן אָפּערא, דעם
אמת געזאָגט אַ גאַנץ געוועהנליכע און שאַבלאָנע, דאָך האָט זי
שוין באַוויזען געשפּיעלט צו ווערען אויף אַלע איראָפּעאישע ביה־
נעס. דאָס איז אַן אָפּערא וועלכע איז גוט באַקאַנט צו אונז, רו־
סען, געמליך: „טראַוויאַטאַ". אין ווענעציע איז שוין געווען
נאָכ׳ן סיזאָן און אַלע זינגער זיינען געווען ניט מעהר ווי מיטעל־
מעסיגע טאַלאַנטען; יעדער פון זיי האָט זיך געריסען וויפיעל
די כחות האָבען איהם געטראָגען. די ראָל פון וויאָלאַטא האָט
געשפּיעלט אַן אַקטריסע אָהן אַ נאָמען, און לויט דער קעלט, מיט
וועלכער זי איז אויפגענומען געוואָרען פון פּובליקום, איז זי אויך
געווען זעהר ווייניג באַליעבט. זי האָט אָבער פאַרמאָגט אַן
אמת׳ען טאַלאַנט. דאָס איז געווען אַ ניט זעהר שעהנע מיידעל,
מיט שוואַרצע אויגען און מיט ניט קיין גלאַטער שטים. זי איז
געווען אָנגעטאָן שרעקענד און געשמאַקלאָז, כמעט נאַריש: אויפ׳ן

קאַפּ האָט זי געטראָגען עפּעס אַ רויטע קעפּקע; זי האָט געטראָגען אַ קלייד פון אַפּגעקראַכענעם העל־בלויען אַטלאַס, וואָס האָט געדריקט איהר ברוסט; דיקע הענטשקעס האָבען ארומגענומען די הענט ביז די סאַמע שאַרפע עלענבויגענס. און טאַקע ווי קומט צו איהר, צו אַ טאָכטער פון אַ בערגאַמער פּאַסטוך, צו ווייסען ווי עס טוען זיך אָן פּאַריזער קאמעליעס! זי האָט זיך אויך ניט געקענט האַלטען אויף דער ביהנע. דערפאַר אָבער איז אין איהר שפּיעלען געווען אַ סך אמת און פּשוט'קייט. געזונגען האָט זי מיט יענער באַזונדערער אויסדרוקספולער ליידענשאַפט און ריטם, מיט וועלכער עס צייכענען זיך אויס בלויז די איטאַליענער. יעלענאַ מיט אינסאַראָוו'ען זיינען ביידע געזעסען אין דער טונקעלער לאָזשע דירעקט לעבען דער ביהנע; די גוטע שטימונג, וואָס האָט זיי ארומגענומען אין דער קונסט אקאַדעמיע Delle Belle Arti האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטען.

אַט האָט זיך באַוויזען אויף דער ביהנע דעם אונגליקליכען אינגערמאַנ'ס פאָטער, וואָס איז אריינגעפאַלען אין דער נעץ פון דער פאַרפיהרערין. דער אַלטער האָט געטראָגען אַ געפּינטעלטען פּראַק און אַ צושויבערטען ווייסען פּאַרוק. ער האָט קרום צועפענט דאָס מויל און ווי אַליין פאַראויספיהלענדיג די פאַרלעגענהייט, האָט ער ארויסגעלאָזען אַן אומטעיגען באַס־טרעמאַלאָ. אינסאַראָוו און יעלענאַ האָבען שיער ניט אויסגעשאָסען אַ געלעכטער. אָבער וויאָלעטאַ'ס שפּיעלען האָט געמאַכט אויף זיי אַ שטאַרקען איינדרוק.

— אַט דער אָרימער מיידעל אַפּלאָדירט מען כמעט ניט, — האָט געזאָגט יעלענאַ, — אָבער מיר געפעלט זי טויזענד מאָל מעהר, ווי עפּעס אַן איינגעגלויבטע אין זיך באַריהמטקייט פון צווייטען ראַנג, וועלכע וואָלט זיך געקרימט און געבראָכען און וואָלט אַלץ געזוכט צו מאַכען אַן עפעקט. אָבער זי נעהמט איהר ראָליע ערנסט; זעה נאָר, זי באַמערקט אפילו ניט דאָס פּובליקום. אינסאַראָוו איז צוגעפאַלען צום ברעג לאָזשע און האָט דורכדרינגענד אַ קוק געטאָן אויף וויאָלעטאַ'ן.

— יאָ, — האָט ער ארויסגערעדט, — זי שפּאַסט ניט, עס שמעקט מיט'ן טויט.

יעלענא איז אנשוויגען געוואָרען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען דער דריטער אַקט. דער פאָרהאַנג האָט זיך אויפגעהויבען...

יעלענא האָט אויפגעציטערט, ווען זי האָט דערזעהן אָט דעם נעלענער, די פארהאנגענע גארדינען, די פלעשעלאך מיט די רפואות און דעם פארשטעלטען לאָמפּ... איהר האָט זיך דערמאָנט די נאָהענטע פארגאנגענהייט... „און די צוקונפט? און די גע־גענוואַרט?" איז דורכגעפלויגען ביי איהר אין קאָפּ. און ווי אומיסטען, אלס אן ענטפער אויף דעם געמאכטען הוסט פון דער ארטיסטין, האָט זיך דערהערט דער אמת'ער, ניט געמאכטער הוסט פון אינסאראָוו'ען... יעלענא האָט בגנבה א קוק געטאָן אויף איהם און האָט גלייך צוגעגעבען איהר געזיכט א רוהיגען אויסדרוק; אינ־סאראָוו האָט זי פארשטאַנען און האָט זיך אליין אויך צושמיי־כעלט און האָט אָנגעהויבען שטילערהייד מיטזינגען. אָבער ער איז שנעל אנטשוויגען געוואָרען. וויאָלעטאַ'ס שפּיעלען איז גע־וואָרען אלץ בעסער, אלץ פרייער. זי האָט זיך אליין געפונען, און זי האָט אָפּגעוואָרפען פון זיך דאָס איבעריגע, דאָס ניט־נויטיגע. זי האָט זיך געפונען: דאָס איז דאָס זעלטענע און העכסטע גליק פאר א קינסטלער! זי האָט פּלוצלונג אריבערגעטראָטען יענעם גרעניץ וועלכען עס איז אוממעגליך פעסטצושטעלען, אָבער אונ־טער וועלכען עס וואוינט די שעהנקייט. דאָס פּובליקום האָט אויפגעציטערט, האָט אָנגעשטעלט אויגען און אויערען. דאָס ניט שעהנע מיידעל מיט דער צובראָכענער שטים האָט אָנגעהויבען ארייננעהמען דאָס פּובליקום אין די הענט און עס באהער־שען. אָבער דער זינגערינ'ס שטימע האָט שוין ניט געקלונגען צובראָכען: די שטימע איז געוואָרען ווארימער און שטארקער. ע סאיז געקומען „אלפרעדא", — וויאָלעטאַ'ס פריידיגער אויס־געשריי האָט שיעור ניט אויפגעהויבען יענעם שטורם, וועמעס נאָמען עס איז fanatismo און פאר וועלכען עס דארפען זיך באהאַלטען אלע אונזערע צפונ'דיגע אויסברוכען . . . אן אוינענבליק און — דאָס פּובליקום איז ווידער פארשטאָרבען. עס האָט זיך אָנגעהויבען דער דועט, דער בעסטער טייל פון דער אָפּערא, אין וועלכען דעם קאָמפּאָזיטאָר האָט זיך איינגעגעבען אויסצודריקען דעם גאנצען באדויערען פון דער משונה'דיג זינלאָז

צו'פטר'טער יוגענד, צוזאמען מיט'ן לעצטען קאמף פון דער פאר־צווייפעלטער און מאכטלאָזער ליעבע. באגייסטערט, באפליגעלט פון דעם אלגעמיינעם מיטגעפיהל פון פובליקום, מיט טרעהרען פון קינסטלערישער פרייד אוןווירקליכע ליידען אין די אויגען, איז די זינגערין אוועקגעריסען געוואָרען פון יענער כוואליע, וואָס האָט זי אויפגעהויבען ביז צו די הימלען. איהר געזיכט האָט זיך פארענדערט און פאר'ן שטן פון דעם פלוצלונג נאָהענט צוגעקומע־נעם טויט האָט זיך פון איהר הארצען ארויסגעריסען אזא הימעל שפאלטענרער געבעט: "Tascia mi vivere . . morir si giovane" (לאָז מיך לעבען... שטארבען אזוי יונג), אז דער גאנ־צער טעאטער האָט זיך אָנגעהויבען טרייסלען פון די ווילדע אפ־לאָדיסמענטען און באגייסטערטע אויסגעשרייען.

יעלענא'ן איז שטארק קאלט געוואָרען. זי האָט שטילער־הייט געזוכט מיט איהר האנט אינסאראוו'ס. זי האָט געפונען זיין האנט און האָט זי שטארק געדריקט. ער האָט איהר געענטפערט מיט דעם זעלבען שטומען דרוק פון האנט, אָבער זיי האָבען ביידע אויסגעמידען א קוק צו טאָן איינער אויף'ן צוויי־טען. דאָס איז עפּעס ניט געווען עהנליך צו יענעם האנט־דרוק, מיט וועלכען זיי האָבען זיך באגריסט א פּאָר שטונדען צוריק אין דער גאָנדאָלע.

זיי האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק אין האָטעל דורך דעם „גרויסען קאנאל". עס איז שוין געווען בייננאכט. די זעלבע פּאלאצען האָבען זיך געצויגען זייי אנטקעגען, אָבער אויסגעזעהן האָבען אָט די פּאלאצען שוין גאָר אנדערש. די פון זיי, וועלכע זיי־נען געווען באלויכטען פון דער לבנה, האָבען זיך, ווי געגילטע, געווייסט, און אין אָט דער ווייסקייט זייערער זיינען ווי פאר־שוואונדען געוואָרען אלע דעטאלען פון זייער באפּוצונג צוזאמען מיט די קאָנטורען פון די פענסטער און באלקאָנען; בולטער זיינען דיזע קאָנטורען ארויסגעטראָטען אויף יענע געביידעס, וואָס זיינען געשטאנען אין שאָטען און זיינען געווען איינגעהילט אין א לייכטער פינסטערניש. עס האָט זיך געדוכט, אז די גאָנדאָלעס, מיט זייערע רויטע פייערלאָך, לויפען נאָך שטילער און נאָך שנעלער;

געהיימניספול האבען געבלאנקט די שטאלענע שפיצען פון די גאנדאלעס; סוד׳ענדיג האבען זיך געהויבען און אראפגעלאזען די וועסלעס איבער די זילבערנע פישלאך פון דער ענטריסטעטער כוואליע; דא און דארט האט זיך געלאזט הערען א קורצער און שטילער אויסגעשריי פון דעם אדער יענעם שיפעל־טרייבער (זיי זינגען איצט קיינמאל ניט); קיין אנדערע קלאנגען האט מען כמעט ניט געהערט. דער האטעל, וואו עס האבען געוואוינט אינ־סאראוו מיט יעלענא׳ן, האט זיך געפונען אויף דער Riva dei Schiavoni. ניט דערפאהרענדיג ביז׳ן האטעל, זיינען זיי ארויס פון שיפעל און זיינען זיך דורכגעגאנגען איינינע מאל ארום דעם פלאץ פון דעם „הייליגען מארק״, וואו עס האט זיך ארומגע־דרעהט א גרויסער עולם לעדיג־געהער ארום די קלייניגקע קאווע־פלעצער. אין א פרעמדער שטאדט, צווישען ווילד־פרעמדע מענ־שען, איז באזונדער אנגענעהם ארנמצוגעהן אין צווייען, מיט א געליעבטען אדער געליעבטער. אלץ און אלעס ארום זעהט דאן אויס אזוי באדייטענד און וואונדער שעהן; דו ווינשט דאן אלעמען גוטעס, רוה, און יענעם גליק מיט וועלכען ביזט אליין איבערפילט. אבער יעלענא איז שוין ניט געווען אימשטאנד זיך זארגלאז איבערצוגעבען צו דעם געפיהל פון איהר גליק. טיעף אויפגטרייסעלט פון די לעצטע איינדריקע, האט זיך איהר הארץ ניט געקענט בארוהיגען; אינסאראוו, פארבייגעהענדיג דעם דאזשע פאלאץ (דער פאלאץ פון די עסטרייכישע הערשער), האט שווייגענדיג אנגעוויזען אויף די אפענע מיילער פון די עסטריי־כישע קאנאנען, וואס האבען פון דארטען ארויסגעקוקט, און האט אנגערוקט דעם היטעל אויף די ברעמען. דערצו האט ער זיך גע־פיהלט מיעד, — און וואריפענדיג צום לעצטען מאל א בליק אויפ׳ן קלויסטער פון הייליגען מארק, אויף זיינע שפיצען, וועלכע האבען זיך אנגעצונדען אונטער די שטראהלען פון דער לבנה אויפ׳ן בלויליכען בליי־פלעק פון דעם פאספארישען ליכט, האבען זיי זיך לאנגזאם צוריקגעקעהרט אהיים.

די פענסטער פון זייער צימער זיינען ארויסגעגאנגען אויף א ברייטער לאנקע, וואס פארשפרייט זיך פון Riva dei Schiavoni ביז דזשיאודעקי. כמעט אנטקעגען זייער האטעל איז געשטאנען דער שארף שפיציגער הויכער טורעם פון דעם הייליגען

גריגאָרי; רעכטס, הויך אין דער לופטען האָט געבלאַנקט דער גאָלדענער קוגעל פון׳ם קלויסטער דאָנאַנע — און אויסגעפוצט ווי א כלה איז געשטאַנען דער שעהנסטער פון אלע קלויסטערס רעדאַנטאָרע פלאַדיאַ. לינקס האָבען זיך געשוואַרצט די מאַס־טען, די זעגעל־שטאַנגען פון די שיפען, און די קוימענס פון דאַמף־שיפען; וואו ניט וואו איז ווי א גרויסער פליגעל געהאנגען אן אראבגעלאָזענער זעגעל און די פלאַגען האָבען זיך קוים באַוועגט. אינסאראוו האָט זיך צוגעזעצט ביים פענסטער, אבער יעלענא האָט איהם ניט געלאָזען זיך לאנג צו שפּיגלען אין דער לאַנד־שאַפט: ביי איהם האָט זיך פּלוצלונג באַוויזען היץ; און עס האָט איהם איינגענומען א שרעקליכע שוואַכקייט. יעלענא האָט איהם אריינגעלעגט אין בעט און האָט צוגעוואַרט ביז וואנעט ער איז אנשלאָפען געוואָרען. דאן האָט זי זיך אומ־געקערט צום פענסטער. אָ, ווי שטיל און צאַרט עס איז געווען די נאַכט, ווי ווייך און טויבען־גוט עס האָט געאָטעמט די בלויע לופט; צרות און ליידען האָבען געמוזט אנשווייגען ווערען און איינשלאָפען אונטער אָט דעם קלאָרען הימעל, אונטער אָט די הייליגע אומשולדיגע שטראַהלען. „אָה גאָט, — האָט געטראַכט יעלענא, צו וואָס עקזיסטירען טויט, קראַנקהייטען און טרערען? אָדער צו וואָס עקזיסטירט אָט די שעהנקייט, אָט דער זיסער האָפ־נונגס געפיהל, אָט דער באַרוהיגענדער באַוואוסטזיין פון א באַ־שטענדיגען ווינקעלע, פון אן אימער וואַכענדער באַשיצונג, פון אן אונשטערבליכער גנאָד. וואָס באַדייטען אָט דער הימעל, וואָס שמייכעלט און בענשט, און אָט די גליקליכע ערד וואָס רוהט אזוי געמיטליך? שוין־זשע איז דאָס אלעס בלויז אין אונז און אויסער אונז הערשען נאָר די אייביגע קעלט און טויטע שטילקייט? שוין זשע זיינען מיר אליין... אליין.. און דאָרטען, איבעראַל, אין אָט די אלע אפּגרונטען און טיפע־טיפענישען — איז אונז אלץ פרעמד? צו וואָס־זשע זיינען דאן אָט יענע דורשט און פרייד פון געבעט? Morir si giovane — האָט דורכגעקלונגען ביי איהר אין דער נשמה...) שוין זשע קען מען ניט אויסבעטען, אָדער אָפּראַטעווען... א גאָט? שוין זשע קען מען ניט גלויבען אין קיין נס?" זי האָט אוועקגעלעגט איהר קאָפּ אויף די צוזאַמענגע־לעגטע הענט. „גענוג! — האָט זי ארויסגעמורמעלט — שוין

זשע איז שוין נעגוג? איך בין געווען גליקליך ניט נאָר מינוטען אָדער שטונדען, — אפילו ניט בלויז טעג, ניין ניט קיין טעג, נאָר גאַנצע וואָכען לאַנג. און מיט וואָס פאַר א רעכט?"

עס איז אויף איהר אָנגעפאַלען א פּחד פאַר איהר גליק. „און אויב מען טאָר דאָס ניט? — האָט זי געטראַכט, — אויב דאָס איז ניט אומזיסט? ווירקליך, דאָס איז דאָך געווען דער הימעל... און מיר מענשען, אָרימע זינדיגע מענשען... Morir si giovane אַ פאַרשווינד, ווער אנטרונען, דו שוואַרצער שאָטען, ניט בלויז פאַר מיר אליין איז נויטיג זיין לעבען!"

„אָבער אויב דאָס איז א שטראָף — האָט זי ווידער געטראַכט,— אויב מיר מוזען דאָס איצט באַצאָהלען די פולע פּרייז פאַר אונזער זינד? מיין געוויסען איז געווען רוהיג און האָט געשוויגען, שווייגט איצט אויך, אָבער איז דאָס דען א צייכען פון אומשולד? אַ, גאָט, שוין זשע איז אונזער פאַרברעכען אזוי גרויס! שוין זשע ווערסטו, דער באַשעפער פון אָט דער נאַכט, פון אָט דעם הימעל, ווועלען אונז באַשטראָפען דערפאַר, וואָס מיר האָבען גע־ליעבט? און אויב אזוי, אויב ער איז שולדיג, אויב איך בין שולדיג, — האָט זי צוגעגעבען אין אן אונווילליגער אויפרעגונג, — נו גיב איהם די מעגליכקייט, גיב אונז ביידען די געלעגענהייט צו שטאַרבען מיט א שעהנעם און עהרליכען טויט, — דאָרטען אויף די פעלדער פון זיין פאָטערלאַנד און ניט דאָ אין אָט דעם פאַר־וואָרפענעם פרעמדער צימער."

„און די אנגסט פון דער אָרימער איינזאַמער מוטער?" — האָט זי ביי זיך אליין געפרעגט. אין פאַרלעגענהייט האָט זי ניט געפונען קיין ענטפער אויף איהר פראַגע. יעלענא האָט ניט גע־וואוסט, אז דאָס גליק פון יעדען מענשען איז געבויט אויפ'ן אומגליק פון א צווייטען און אפילו דער וואוילזיין און די באַק־וועמליכקייטען פון איינעם, פאָדערען אונבאַקוועמליכקייטען פאַר א צווייטען, פונקט ווי א סטאַטוע פאָדערט אימער א פעדעסטאַל. איינעמס מזל פאָדערט אימער א צווייטענס שלים־מזל.

„רענדיטש!" האָט פון שלאָף אַרויסגעמורמעלט אינסאַראָוו.

יעלענא איז אויף די שפּיץ פינגער צוגעגאַנגען צו איהם. זי האָט זיך איבערגעבויגען איבער זיין בעט און האָט אָפּגעווישט דעם שווייס פון זיין געזיכט. ער האָט זיך נאָך אביסעל אומ־געדרעהט אויפ'ן קישען און איז שטיל געבליבען.

זי איז ווידער צוגעגאנגען צום פענסטער און האָט זיך ווידער פארטראכט. זי האָט זיך אליין געגומען איינרעדען און פארזיכער־רען, אז עס איז ניטאָ וואָס צו מורא האָבען. זי האָט זיך אפילו פארשעמט פאר איהר שוואכקייט. „איז דען דאָ אַ געפאהר? איז איהם דען ניט בעסער? — האָט זי ארויסגעשעפטשעט, — און וואָלטען מיר ניט געווען היינט אין טעאַטער וואָלטען מיר אָט די אלע געדאנקען אפילו ניט איינגעפאלען.” אין דעם אויגענבליק האָט זי דערזעהען הויך איבער'ן וואסער א ווייסע טשאיקע; ווי עס ווייזט אויס, האָט אַ פישער זי איבערגעשראָקען און זי איז שווייגענדיג געפלויגען אין קרומע קרייזען דורך דער לופטען, פונקט ווי זי וואָלט זוכען א פלאַץ וואו זיך אראפצולאָזען. „אָט אויב זי וועט צופליהען אהער, — האָט א טראכט געטאָן יעלענא וועט דאָס זיין א גוטער צייכען...” די טשאיקע האָט זיך גענומען דרעהען אויף איין פלאַץ, האָט צוזאמענגעלייגט די פליגעלאך און ווי אַן אונטערגעשאָסענע איז זי מיט א לאַכענדיגען געשריי אראפגעפא־לען ערגעץ ווייט הינטער א טונקעלען שיף. יעלענא האָט אויפ־געציטערט, און זי האָט זיך גלייך שטארק פארשעמט פאר אָט דעם געפיהל; זי האָט אין די קליידער זיך צוגעלייגט אויפ'ן געלעגער, ארום אינסאראָווען, וועלכער האָט אָפט און שווער געאָטעמט.

## 34.

אינסאראָוו האָט זיך אויפגעכאפט שפעט מיט א שווערען קאָפ־וועהטאָג און מיט א געפיהל, ווי ער האָט זיך אויסגעדריקט, פון א מנושם'דיגע שוואכקייט אין גאנצען קערפער. פון דעסט־וועגען איז ער אויפגעשטאנען.

— רענדיטש איז ניט געקומען? — דאָס איז געווען זיין ערשטע פראגע.

— נאָך ניט, — האָט געענטפערט יעלענא און האָט איהם דערלאנגט דעם לעצטען Osservatore Triestino אין וועלכען עס איז פיעל גערעדט געוואָרען וועגען דער מלחמה, וועגען דער סלאווישער ערד, און מלוכה'לאך. אינסאראָוו האָט זיך גענומען לעזען און זי האָט גענומען צוגרייטען פאר איהם קאווע...

אימיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

„רענדיטש״ — האָבען ביידע א טראַכט געטאָן.. אָבער דער גאַסט האָט געפרעגט אין רוסיש: „מען קען אריינגעהן ?״ יעלענא מיט אינסאראָוו׳ען האָבען זיך פאַרוואונדערט איבערגעקוקט, און זיך ניט דערוואַרטענדיג אויף זייער ענטפער איז אריינגעקומען אין צימער אַן אויסגעפּוצטער יונגערמאַן, מיט א שאַרפען פּנימ׳ל און לעבעדיגע אויגלאַך. ער האָט אינגאַנצען געשיינט, אַט אַזוי ווי ער וואָלט נאָר וואָס געווינען אונגעהויער גרויסע סומען געלד אָדער זיך דערוואוסט פון דער אנגענעהמסטער נייעס.

אינסאראָוו האָט זיך אויפגעהויבען פון בייִנקעל.

— איהר דערקענט מיך ניט? — האָט אָנגעהויבען דער אונ־באַקאַנטער אַזוי ברייטליך צוגעהענדיג צו איהם, און העפליך זיך פאַרנייגענדיג פאַר יעלענאַ׳ן. לופּאַיאַראָוו, געדענקט איהר, מיר האָבען זיך געטראָפען אין מאָסקווע ביי די ע...סקע.

— יאָ, ביי די ע . . ען, — האָט ארויסגערעדט אינסאראָוו.

— ווי־זשע, ווי־זשע! איך בעט אייך מיך פאָרשטעלען אייער פרוי. גנעדיגע פרוי איך האָב אימער טיעף געאַכטעט דמיטרי וואַסילעוויטש׳ען... (ער האָט זיך פאַרריכט) ניקאַנאָר וואַסיליעוויטש׳ען, און איך שעץ זיך גליקליך, וואָס איך האָב די עהרע צו באַקאַנען זיך מיט אייך. שטעלט זיך פאָר, האָט ער פאָרטגעזעצט זיך ווענדענדיג צו אינסאראָוו׳ען, — אַז איך האָב זיך ערשט נעכטען אין אָוונט דערוואוסט אַז איהר זענט דאָ. איך שטעה אויך אין דעם האָטעל. און וואָס איז דאָס פאַר א שטאָדט אַט די ווענעציע — לויטער פּאָעזיע, אויף טריט און שריט. שרעקליך איז בלויז איין זאַך, אַט די פאַרשאָלטענע אויסטרייכער! יאָ, יאָ אַז עס איז שוין געקומען צום וואָרט, האָט איהר אפשר געהערט, אַז אויפ׳ן דונאי איז פאָרגעקומען א גרויסע שלאַכט: 300 טערקישע אָפיצערען זיינען דער׳הרג׳עט געוואָרען׳ סיליסטריא איז גענומען, סערביא האָט פּראָקלאַמירט איהר אומאָפּהענגיגקייט! פון דעסטוועגען ראַט איך אייך צו זיין פאָרזיכטיג; איך בין זיכער אַז מען גיט אויף אייך אַכטונג. אָבער איהר אלס פּאַטריאָט זענט זיכער באַגייסטערט פון אָט די נייעס. איך אליין פיהל אויך ווי אין מיר זינגט מיין גאַנצע סלאַווישע בלוט. דער שפּיאָנאַזש איז דאָ שרעקליך! נעכטען געהט צו מיר צו א פאַרדעכטיגער

מענש און פרעגט מיך, „צי איך בין א רוס"? איך האָב איהם געזאָגט, אז איך בין א דאניער... אָבער, איהר, זענט, ווי עס זעהט אויס, ניט געזונט, ליבער ניקאָנאר וואסילעוויטש. איהר דאַרפט איהם היילען מאדאם, איהר דאַרפט אויסקורירען אייער מאַן. איך בין נעכטען אומגעלאָפען ווי א משוגע'נער איבער די פּלאַצען און קלויסטערס. — אמת, איהר זענט געווען אין דעם דאזשען פּאַלאַץ? וואָס פאר א רייכטום עס הערשט דאָרטען איבעראל! באַזונדערס דער גרויסער זאַל, און דער מארינא פאליערא פּלאַץ; ער שטעהט אזוי ווי: decapitati pro criminibus, איך בין אויך געווען אין די באריהמטע תפיסות: אַט וואו עס האָט אויפ־געשווידערט מיין נשמה. — איך, איהר, געדענקט פּיליכט, האָט זיך אימער ליעב געהאט באַשעפטיגען מיט סאָציאלע פראגען און איך בין שטענדיג געווען געגען דער אריסטאָקראטיע; — אַט אהער, — אין אַט די תפיסות וואָלט איך געבראכט אלע פאר־טיידיגער פון דער אריסטאָקראטיע; מיט רעכט האָט געזאגט באַיראָן: „I stood in Venice on the bridge of sighs." איבריגענס איז ער אליין אויך געווען אן אריסטאָקראַט. איך בין אימער געווען פאר'ן פּראגרעס. וואָס זאָגט, איהר, עפּעס צו די ענגלענדער און פראנצויזען? מיר וועלען שוין זעהן וויפיעל זיי וועלען דאָס אויפטאָן: דער באוסטראפּא און פּאַלמערסטאָן! אויב איהר ווילט וועל איך אייך געבען Les Chatiments de Victor ugo וואונדערבאר! L'avenir le gendarme de Dieu! אביסעל צו־געוואגט געזאגט — אָבער ס'ארא קראפט, ס'ארא שטארקייט! פירסט וויאזעמסקי האָט אויך גוט געזאגט: יוראָפּא חזר'ט איבער באַש־קאַדעק־לאר און נעהמט קיין אויג ניט אראפּ פון סינאָפּ. איך האָב ליעב פּאָעזיע. פּרודאָנ'ס לעצטען ביכעל האָב איך אויך. איך ווייס ניט, ווי איהר, אָבער איך פרעה זיך מיט דער מלחמה; מען זאָל מיך נאָר ניט פאדערען אהיים; ווייל איך קלייב זיך פון דאַנעט קיין פלאָרענציע און קיין רוים: קיין רוים קען מען ניט — דענק איך גאר זיך אריבערבאַפען קיין שפּאַ־ניען — מען זאָגט אַז די פרויען דאָרטען זיינען וואונדערשעהנע, בלויז ארימקייט און כל המיני פליגען און פלינעלאך פאַרמאָגען זיי אביסעל צו־פיעל. איך וואָלט אויך א פאָהר געטאָן קיין קאַ־ליפאָרניע, אונז רוסען איז קיין זאך ניט צו־שווער. דערצו האָב

איך נאָך געגעבען מיין וואָרט א געוויסען רעדאקטאָר, אז איך וועל אויספירליך ערלערנען די קאָמערץ־פראגע אין מיטעללענדישען ים. איהר וועט אפשר זאָגען, אז דאָס איז ניט קיין אינטערעסאנטער געגענשטאנד, א ספעציעלער, אָבער מיר נויטיגען זיך, מיר דארפען זעהר האָבען פאך מענשען. שוין גענוג האָבען מיר פילאָזאָפירט, איצט דארפען מיר די פראקטיק, די פראקטיק... איהר זענט זעהר ניט געזונט ניקאנאר וואסילעוויטש, און מעגליך אז איך פארמאטער אייך, אָבער אלץ איינס, איך וועל נאָך אביסעל זיצען...

לופאָיאראָוו האָט נאָך גאַנץ לאנג ניט אויפגעהערט צו שיטען מיט קיין רייד, און אוועקגעהענדיג האָט ער פארשפראָכען זיי נאָכאמאָל צו באזוכען.

פארמאטערט פון דעם אומערווארטעטען באזוך האָט אינ־סאראָוו זיך צונעלייגט אויפ׳ן דיוואן.

— אָט דאָס איז אייער יונגער דור! — האָט מיט פארדרוס ארויסגערעדט אינסאראָוו: א קוק טוענדיג אויף יעלענאַ׳ן. — אָן אנדערער האלט זיך גרויס, מאכט פון זיך א צימעס, אָבער אינערליך איז ער פונקט די זעלבע פוסטע כלי ווי אָט דער הער.

יעלענא האָט גארניט געענטפערט איהר מאן: אין דער מינוט האָט זי פיעל מעהר באאונרוהיגט אינסאראָוו׳ס שוואכקייט, ווי דער צושטאנד פון דעם גאנצען רוסישען יונגען דור... זי האָט זיך אוועקגעזעצט לעבען איהם און האָט גענומען אַן ארבייט. ער האָט פארמאכט די אויגען און איז געלעגען באוועגלאָז, אזא אפ־געצערטער און בלאסער. יעלענא האָט א קוק געטאָן אויף זיין שארפען פראָפיל, אויף זיינע אויסגעצויגענע הענט און א פלוצ־ליכער שרעק האָט פארקלעמט איהר הארץ.

— דמיטרי... — האָט זי אָנגעהויבען.

ער האָט אויפגעציטערט.

— וואָס, רענדיטש איז געקומען צופאָהרען?

— נאָך ניט... אָבער ווי דענקסטו, האָסט היץ, ביזט וויר־קליך, ניט אינגאנצען געזונט, אפשר שיקען נאָכ׳ן דאָקטאָר?

— דיך האָט דער פלאפלער אנגעשראָקען.

— מען דארף ניט. איך וועל זיך אביסעל אפרוהען און

אַלעס וועט פאַראיבערגעהן. מיר וועלען נאָך מיטאָג ווידער ערגעץ צופאָהרען...

עס זיינען פאַראיבער א פּאָר שטונדען.... אינסאַראווו איז נאָך אַליץ געלעגען אויפ'ן דיוואַן, איינשלאָפען האָט ער ניט געקענט, כאָטש די אויגען האָט ער ניט געעפענט. יעלענא איז ניט אפּגע־טראָטען פון איהם; זי האָט אראפּגעלאָזען די ארבייט אויף די קני און זיך ניט געריהרט.

— וואָרום שלאָפסטו ניט? — האָט זי איהם אַם ענדע גע־פרעגט.

— אָט וואַרט א ווײַלע. — ער האָט גענומען איהר האַנט און זי אונטערגעלייגט אונטער זיין קאָפּ. — אָט אַזוי איז גוט... וועק מיך אויף, באַלד ווי רענדיטש וועט קומען. אויב ער וועט זאָגען אז די שיף איז גרייט וועלען מיר גלייך פאָהרען... מען דאַרף אַלעס צוזאַמענלייגען, צוגרייטען.

— צוזאַמענלייגען די זאַכען וועט ניט לאַנג נעהמען, — האָט געענטפערט יעלענא.

— וואָס האָט אָט דער מענש געפּלאַפּלט וועגען סערביע, — האָט איין א ווײַלע ארום ארויסגערעדט אינסאַראווו.

— עס ווייזט אויס, אז ער האָט דאָס אַלעס אויסגעטראַכט, אָבער מען דאַרף, מען מוז פאָהרען... מען טאָר ניט פאַרלירען קיין צייט... זיי גרייט...

ער איז איינגעשלאָפען און אין צימער איז געוואָרען שטיל. יעלענא האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט'ן קאָפּ אינ'ם ווענטעל פון פאָטער־שטוהל און האָט לאַנג געקוקט אין פענסטער. דער וועט־טער איז געוואָרען שלעכט; עס האָט זיך אויפגעהויבען א ווינט. גרויסע ווייסע וואָלקענס האָבען זיך האַסטיג געטראָגען איבער'ן הימעל; פון דער ווייטענס האָט זיך געוויגט א דינער זעגעל. יעלענא האָט פאַרמאַכט די אויגען. זי איז ניט גוט געשלאָפען די נאַכט, איז זי פּאַמעליך אליין אויך איינגעשלאָפען.

זי האָט געזעהן א מאָדנעם חלום. איהר האָט זיך געדוכט אז זי שווימט איבער דער צאַריצינער אָזערא מיט אומבאַקאַנטע מענשען. זיי זיצען באַוועגלאָז און שווייגען; קיינער ארבייט ניט מיט די וועסלעס, קיינער טרייבט ניט דאָס שיפעל; דאָס שיפעל באַוועגט זיך אַליין, פון זיך. יעלענא האָט ניט מורא, נאָר עס

איז איהר לאנגווייליג: זי וואָלט וועלען וויסען וואָס זיינען דאָס פּאָר מענשען און נאָך וואָס איז זי מיט זיי? זי קוקט און זעהט ווי די אָזערא ווערט גרעסער, עס פאַרשווינדען זייגע ברעגען, און דאָס איז שוין ניט מעהר קיין אזערא, נאָר אן אומרוהיגער ים; אונגעהויערע שווייגענדיגע בלויע כוואַליעס וויגען אזוי גרויס־אַרטיג דאָס שיפעל: עטוואָס דראָהענדעס, דונערענדעס הויבט זיך אויף פון דנאָ; די אונבאקאנטע מיטרייזער איהרע שפּרינגען פלוצלונג אויף, נעהמען שרייען, מאַכען מיט די הענט... יעלענאַ דערקענט זייערע געזיכטער, צווישען זיי איז אויך איהר פאָטער. אָבער פלוצלונג פאַלט אַן אַ ווייסער שטראָם, פאַלט אויף די כוואַ־ליעס... און אַלעס האָט זיך פאַרדרעהט און צושוואומען... יעלענאַ קוקט זיך אום: ווי פריהער איז אלץ ווייס ארום און ארום; נאָר דאָס איז שניי, שניי, אַן אונענדליכער שניי, און זי איז שוין ניט אין שיפעל; נאָר זי פאָרט אין אַ וועגעלע פון מאָסקווע; זי איז ניט אליין, ארום איהר זיצט אַ קלייניגקער ווזען, וואָס איז פאַר־וויקעלט אין אַן אַלטינקען מאַנטעל. יעלענע קוקט זיך איין: דאָס איז קאַטיאַ, איהר ארימע חבר'טע. יעלענאַ'ן באַפאַלט אַ פּחד, שוין זשע איז זי ניט געשטאָרבען? דענקט זי.

„קאַטיאַ, וואוהין פאָהרען מיר דאָס ביידע?"

קאַטיאַ ענטפערט ניט, זי פאַרוויקעלט זיך אין איהר מאַ.טעל; זי פריהרט. יעלענאַ'ן איז אויך קאַלט; זי קוקט אזוי אַ בער'ן וועג, פון ווייטענס, דורכ'ן שטויב פון שניי, זעהט זיך די שטאָדט. הויכע ווייסע טורעמס מיט זילבערנע שפּיצען... קאַטיאַ, קאַטיאַ דאָס איז מאָסקווא? ניין, טראכט יעלענאַ דאָס איז דער סאלאָ־וועטצקער מאָנאַסטיר. דאָרטען זיינען דאָ זעהר פיעל קלייניגקע ענגע היילען, ווי אין אַ ביהנשטאָק; דאָרטען איז שטיקענדיג און ענג, דאָרטען איז דמיטרי פאַרשפּאַרט. איך דאַרף איהם באַ־פרייען.... און פלוצלונג עפענט זיך פאַר איהר אַ גרויסער טיפער אָפּגרונט. דער וואָגען פאַלט אריין און קאַטיאַ לאַכט. יעלענאַ יעלענאַ! טראָגט זיך אַ שטים פון אַפּגרונט.

„יעלענאַ!" האָט קלאָר דורכגעקלונגען אין איהרע אויערן. זי האָט פלינק אויפגעהויבען דעם קאָפּ, זיך אויסגעדרעהט און גע־בליבען ווי אַ פאַרשטיינערטע. אינסאַראָוו, ווייס ווי דער שניי פון איהר חלום האָט זיך ביז האַלב אויפגעהויבען פון דיוואַן און

האָט געקוקט אויף איהר מיט גרויסע, ליכטיגע און שרעקליכע אויגען; זיינע האָר האָבען זיך צושאָטען איבערן שטערען, די ליפּען האָבען זיך מאָדנע צועפּענט. אויף זיין געזיכט, וואָס האָט זיך אזוי פּלוצלונג פאַרענדערט, האָט אויסגעדריקט טויט־שרעק, צוזאַמען מיט א מין פּיינליכען פריייד־געבעט.

— איך שטאַרב... יעלענא! — האָט ער אַרויסגערעדט.

זי איז מיט א געשריי געפאַלען אויף די קני און האָט זיך צוגעדריקט צו זיין ברוסט.

— עס איז די ענדע, א סוף צו אַלעס, — האָט ווידערהאָלט אינסאַראָוו: — איך שטאַרב... זיי געזונט מיין טייערע! זיי געזונט מיין היים־לאַנד! ...

און ער איז אַנידערגעפאַלען אויפ'ן דיוואַן. יעלענא איז אַרויסגעלאָפען פון צימער און גענומען רופען צו הילף, דער קאַמעריער האָט זיך א וואָרף געטאָן נאָכ'ן דאָקטאָר. יעלענא איז צוגעפאַלען צו אינסאַראָוו'ען.

אין דעם אויגענבליק האָט זיך באַוויזען אויפ'ן שוועל א ברייט־ביייניגער מאַן, פאַרברענט פון דער זון, אין א דיקען פלאַנעל־מאַנטעל און א נידעריגער הוט אויפ'ן קאָפּ.

ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ניט פאַרשטעהעדיג וואָס דאָ קומט פאָר.

— רענדיטש, — האָט אויסגעשריען יעלענא, — דאָס זייט איהר! זעהט נאָר, ווי נאָט איז אייך ליעב, וואָס איז מיט איהם? עס איז איהם שלעכט! א ליעבער גאָט, גאָטעניו! ער איז נאָך נעכטען געפאָהרען פאָר א שפּאַציער, ער האָט נאָר־וואָס גערעדט מיט מיר...

רענדיטש האָט גאָר ניט געזאָגט, ער האָט זיך בלויז אָפּגערוקט. פאַרביי איהם האָט פלינק דורכגעשמונעלט א קליינינק געשטאַלט אין א פּאַרוק און אין ברילען: דאָס איז געווען דער דאָקטאָר, וואָס האָט געוואוינט אין דעם זעלבען האָטעל. ער איז צוגעגאַנגען צו אינסאַראָוו'ען.

— סינאָרא, — האָט ער געזאָגט אין א קורצער ווייל־ע אַרום, — דער הערר אויסלענדער איז געשטאָרבען פון אן אנעור־ריזם, וואָס איז געווען פאַרבונדען מיט א לאַנגער קראַנקהייט.

.35

אויפ'ן צווייטען טאָג איז רענדיטש געשטאַנען ביים פענסטער אין דעם זעלבען צימער. יעלענא איז געזעסען אַנטקעגען איהם, איינגעוויקעלט אין א שאַל. אינסאַראָוו איז געלעגען אין טרונע אין שכנ'ישען צימער. יעלענא'ס געזיכט איז געווען דערשראָקען און טויט; אויף איהר שטערען, צווישען די ברעמען, זיינען גע־וואָרען צוויי טיעפע קנייטשען, וועלכע האָבען צוגעגעבען אַן אַנ־געשטרענגטע אויסדרוק איהרע באַוועגלאָזע אויגען.

אויפ'ן פענסטער איז געלעגען אַן אָפענער בריעף פון אַנא וואַסילעוונא. זי האָט גערופען איהר טאָכטער קיין מאָסקווא, זאָל זיין אפילו אויף איין מאָנאַט. זי האָט זיך באַקלאָגט אויף איהר איינזאַמקייט און אויף ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש'ען, זי האָט גע־לאָזט גריסען אינסאַראָוו'ען, זיך געפרעגט אויף זיין געזונט, און האָט איהם געבעטען, ער זאָל לאָזען יעלענא'ן פאָהרען.

רענדיטש איז געווען א דאַלמאַט, א ים־מענש, מיט וועלכען אינ־סאַראָוו האָט זיך באַקאַנט אין דער צייט פון זיין ערשטער רייזע אַהיים, נאָך בולגאַריע. דאָס איז געווען א שטרענגער געוואַגטער און גראָבער מענש, וועלכער איז מיט לייב און לעבען געווען אי־בערגעגעבען דעם סלאַווישען באַפרייאונגס־אידעאַל. ער האָט פאַר־אַכטעט די טערקען און געהאַסט די עסטרייכער.

— וויפיעל צייט וועט איהר נאָך פאַרבלייבען אין ווענע־ציע? — האָט יעלענא איהם געפרעגט אין איטאַליעניש און איהר שטים איז געווען פונקט אַזוי טויט ווי דאָס געזיכט.

— א טאָג, אום אָנצונעהמען פראַכט און ניט אַרויסרופען קיין פאַרדאַכט; און דאַן גלייך קיין זאַרו. איך וועל ניט דער־פרעהען, נאָר דערצאָרענען מיינע לאַנדסלייט; מען האָט שוין פון לאַנג געוואַרט אויף איהם. מען האָט געהאָפט אויף איהם.

— ווען וועט איהר איהם באַערדיגען? — האָט געפרעגט רענדיטש.

יעלענא האָט ניט גלייך געענטפערט: „מאָרגען".

— מאָרגען? איך וועל בלייבען, איך וויל אַרויפוואַרפען א ביסעל ערד אויף זיין קבר. און דערצו דאַרף מען אייך אויך

העלפען. אָבער בעסער וואָלט איהם געווען צו ליגען אויף דער סלאווישער ערד.

יעלענא האָט אַ קוק געטאָן אויף רענדיטש'ען.

— קאַפּיטאַן, — האָט זי געזאָגט, — נעהמט אונז ביידען און פיהר'ט אונז אריבער אויף יענער זייט ים, איז דאָס מעגליך?

רענדיטש האָט זיך פארטראַכט.

— עס איז מעגליך, אָבער עס איז פארבונדען מיט שוועריגקייטען. מען וועט מוזען האָבען צוטאָן מיט דער היגער פאר־פלוכטער נאַטשאַלסטווע.

אָבער לאָמיר זאָגען, מיר וועלען דאָס בייקומען און מיר וועלען איהם באַגראָבען דאָרטען; ווי אזוי זשע וועל איך אייך ברייננגען צוריק?

— איהר וועט מיך ניט דאַרפען ברייננגען צוריק.

— ווי הייסט? וואו זשע וועט איהר בלייבען?

— איך וועל שוין געפינען פאר זיך אן אָרט; נעהמט אונז בלויז, נעהמט מיך.

רענדיטש האָט זיך געקראַצט אין דער פּאַטילניצע.

— ווי איהר ווילט זיך, אָבער דאָס אַלעס איז פארבונדען מיט גרויס שוועריגקייטען. איך געה, איך וועל זיך פּרואווען: איהר קענט מיך ערוואַרטען דאָ אין אַ פּאָר שטונדען ארום.

ער איז אוועקגעגאַנגען. יעלענא איז אריבערגעגאַנגען אין צווייטען צימער, זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אין וואַנט און איז אזוי לאַנג געשטאַנען ווי אַ פארשיינערטע. דערנאָך האָט זי זיך אראָפּגעלאָזען אויף די קני, אָבער תפלה טאָן האָט זי ניט געקענט. אין איהר נשמה זיינען ניט געווען קיין פאָרווירפע; זי האָט ניט געהאַט די חוצפּה צו פרעגען קשיות ביי גאָט, פאַרוואָס ער האָט זיך ניט מרחם געווען, קיין רחמנות ניט געהאַט און ניט איינגעהיט, פאַרוואָס ער האָט באַשטראָפט גרויזאַמער, שווערער פון דער זינד, אויב עס איז שוין אפילו יאָ געווען אַ זינד? יעדער פון אונז איז זינדיג שוין בלויז דערמיט, וואָס ער לעבט אויף דער וועלט, און עס איז ניטאָ אַזאַ מין גרויסער דענקער, אזוי גרויסער וואָלטעטער פאר דער מענשהייט, וואָס זאָל קענען האָפען, אַז צוליעב די נוצען וואָס ער ברענגט, האָט ער אַ רעכט צו לעבען... אָבער תפלה טאָן האָט זי ניט געקענט! זי איז ווי פארשטיינערט געוואָרען.

אין דער זעלבער נאכט איז פון האָטעל, וואו עס האָבען גע־וואוינט די אינסאראָווס, אָפּגעשוואומען א ברייטע שיפעל. אין שיפעל זיינען געזעסען יעלענא מיט רענדיטש׳ען און עס איז גע־שטאנען א לאנגער קאסטען, פארדעקט מיט א שווארצען טוך. זיי זיינען געשוואומען ביי א שטונדע, ביז וואנען זיי זיינען, אם ענדע, צוגעשוואומען צו א קליינעם צוויי־זעגעל שיף, וועלכער איז געשטאנען אויפ׳ן אנקער ביים סאמע ארויסגאנג פון פּאָרט.

יעלענא מיט רענדיטש׳ען זיינען ארויפגעגאנגען אויפ׳ן שיף, וואוהין די מאטראָזען האָבען ארויפגעטראָגען דעם קאסטען.

פון האלבער נאכט האָט זיך אויפגעהויבען א שטורם, אָבער צו מאָרגענס איז שוין די שיף פארבייגעגאנגען לידא. אין לויף פון טאָג האָט זיך דער שטורם צושפּיעלט מיט א מורא׳דיגער קראפט; ערפאהרענע ים־לייט און „ללאָידס" קאנטאָרען האָבען קיין גוטעס ניט ערווארטעט. דער אדריאטישער ים צווישען ווענעציע, טריסעט און דעם דאלמאטישען ברעג איז זעהר געפעהרליך.

אין א דריי וואָכען ארום נאָכדעם ווי יעלענא איז אָפּגע־פאָהרען פון ווענעציע, האָט אננא וואסיליעווגא ערהאלטען אין מאָסקווע דעם פאָלגענדען בריעף:

„מיינע ליעבע עלטערען! איך זעגען זיך מיט אייך אויף אייביג. איהר וועט מיך שוין מעהר ניט זעהן. נעכטען איז דמיטרי געשטאָרבען. איז שוין במילא אויך פאר מיר אלעס אפּ־געשטאָרבען. היינט פאהר איך אָפּ מיט׳ן טויטען קערפּער נאָך זארו. איך וועל איהם באערדיגען און וואָס וועט זיין מיט מיר וויים איך ניט. אָבער קיין אנדער היים אויסער זיינער האָב איך ניט. דאָרטען גרייט מען זיך צו אן אויפשטאנד, מען קלייבט זיך אריינטרעטען אין דער מלחמה; איך וועל ווערען א בארעמהער־ציגע שוועסטער, און איך וועל ארומגעהן ארום קראנקע און פאר־וואונדעטע. איך וויים ניט וואָס מיט מיר וועט זיין, אָבער איך וועל אפילו נאָך זיין טויט בלייבען טריי דמיטרי׳ען, איך וועל בלייבען טריי זיין לעבענס אידעאל. איך האָב זיך אויסגעלערענט בולגאריש און סערביש. גיכער פון אלעס וועל איך ניט איבער־טראָגען אָט דאָס אלעס — אזוי איז נאָך בעסער. איך בין גע־בראכט געווארען צו א שפּיץ פון אן אָפּגרונט און מוז אריינפּאַ־לען. ניט אומזיסט האָט אונז דער שיקזאל פאראייניגט: ווער

וויסט, אפשר, האָב איך איהם דער׳הרג׳עט; איצט איז געקומען זיין צייט, מיך מיטשלעפּען מיט זיך. איך האָב געזוכט גליק — און וועל, מעגליך, געפינען דעם טויט... עס זעהט אויס, אז אזוי האָט דאָס באדארפט זיין; עס איז, אפשר, געווען א זינד... אָבער דער טויט פארדעקט אלעס און מעקט אויס אלע זינד — ניט אמת, אפשר?

„פארגיט מיר אלע ליידען און צרות וואָס איך האָב אייך פארשאפט: דאָס איז געווען ניט אין מיין ווילען. און זיך אומקעהרען קיין רוסלאנד — נאָך וואָס? וואָס וועל איך טאָן אין רוסלאנד?

„נעהמט צו מיינע לעצטע קושען און ווינשען. פארגיט און באשולדיגט מיך ניט.

„יע..."

* * *

פון יענער צייט זיינען פאריבער פינף יאָהר און פון יעלענא׳ן זיינען ניט געווען קיינע ידיעות. פּרוכטלאָז זיינען געבליבען אלע בריעף און אנפראגען; אומזיסט איז ניקאָלאַי ארטעמאָוויטש אליין געפאָהרען קיין ווענעציע און זארו נאכדעם ווי שלום איז געשלאָסען געוואָרען. אין ווענעציע איז ער געוואהר געוואָרען דאָס וואָס דער לעזער ווייסט שוין, אָבער אין זארו האָט איהם קיינער קיין ממשות׳דיגעס ניט געקענט זאָגען ניט וועגען רענדיטש׳ען, ניט וועגען דער שיף וואָס ער האָט געדונגען. עס האָבען זיך געטראָגען קלאנגען, אז מיט עטליכע יאָהר צוריק האָט דער ים, נאָך א שטארקען שטורם ארויסגעוואָרפען א טרונע, אין וועלכער מען האָט געפונען א טויטען קערפּער פון א מאַן... לויט אנדערע, מעהר זיכערע קוועלע, איז אָט די טרונע שוין גאָר ניט ארויסגעוואָרפען געוואָרען פון ים, נאָר אַן אויסלענדישע דאמע, וואָס איז געקומען פון ווענעציע, האָט אָט די טרונע געבראכט צופיהרען און האָט זי באערדיגט ארום ברעג. אייניגע האָבען צוגעגעבען, אז אָט די דאמע האָט מען דערנאָך געזעהן אין גערצעגאָווינא מיט׳ן חיל, וואָס האָט זיך דאן געקליבען. אָבער ווי עס זאָל דאָרטען ניט געווען זיין, די שפּורען פון יעלענע׳ן זיינען אבסאָלוט און אויף אייביג פארשוואונדען און קיינער ווייסט ניט צי

זי לעבט נאָך, צי זי באַהאַלט זיך ערגעץ וואו, צי עס האָט זיך שוין געענדיגט דער קליינער שפּיעל פון לעבען, צי עס איז גע־וואָרען אַ סוף צו איהר לייכטען פלאַטערן, און עס איז געקומען די ממשלה פון טויט. עס טרעפט אַמאָל אַז אַ מענש כאַפּט זיך פּלוצלונג אויף און גיט זיך אַ פרעג מיט אַ לייכטען שרעק: שוין זשע בין איך שוין אַלט דרייסיג... פערציג... אָדער פופציג יאָהר? ווי זשע איז דאָס אַזוי שנעל פאַריבער דאָס לעבען? ווי האָט דאָס זיך אַזוי גאָהענט צוגערוקט דער טויט? דער טויט איז ווי אַ פישער, וואָס האָט געכאַפּט אַ פיש אין זיין נעץ און לאָזט איהם פאַר אַ ווייל אין וואַסער: דער פיש שווימט נאָך אָבער די נעץ איז אויף איהם און דער פישער וועט דעם פיש ארויס־שלעפּען — ווען ער וועט וועלען.

---

וואָס איז געוואָרען מיט די אַנדערע פערזאָנען פון אונזער ערצעהלונג?

אַנאַ וואַסילעוונאַ לעבט נאָך. זי איז מורא'דיג פאַרעלטערט געוואָרען נאָכ'ן שרעקליכען אומגליק וואָס האָט זי געטראָפען. זי באַקלאָגט זיך וועניגער, נאָר זי ליידט און טרויערט פיל מעהר. ניקאָלאַי אַרטעמעוויטש איז אויך פאַרעלטערט און גרוי געוואָרען, ער האָט זיך צושיידט מיט אַווגוסטינאַ כריסטיאַנאָוונאַ.... ער האַסט און זידעלט אַלעס וואָס איז אויסלענדיש; זיין עקאָנאָמקע איז אַ שעהנע רוסישע פרוי פון אַ יאָהר דרייסיג. זי טראָגט זיידענע קליידער מיט גאָלדענע פינגערלאַך אויף די פינגער און גאָלדענע אויירינגלאַך אין די אויערען. קור־נאַטאָווסקי אַלס ענערגישער ברונעט און אַלס מענש מיט אַ הייסען טעמפּעראַמענט, גלייכט שעהנינקע בלאָנדינקעס. ער האָט חתונה געהאַט מיט זאָיען. ער האַלט זי שטאַרק אין די הענט; אפילו דענקען אין דייטש האָט זי ביי איהם אויפגעהערט.

בערסענעוו געפינט זיך אין היידעלבערג: מען האָט איהם געשיקט קיין אויסלאַנד אויף רעגירונגס־קאָסטען. ער האָט באַזוכט בערלין, פּאַריז און ער האָט ניט פאַרלאָרען קיין צייט אומזיסט; פון איהם וועט אויסוואַקסען אַ גוטער און טיכטיגער פּראָפעסאָר. דאָס געלעהרטע פּובליקום האָט באַמערקט און האָט געשענקט גרויס אויפמערקזאַמקייט צו צוויי פון זיינע אַרטיקלען: „וועגען איי־

ניגע באזונדערהייטען פון אלטען דייטשען רעכט אין דעם ענין פון באשטראפונגען דורכ'ן געריכט" און „וועגען דער באדייטונג פון דעם מוניציפאלען פרינציפ אין דער פראגע וועגען ציוויליזאציע". עס איז בלויז א שאָד, וואָס ביידע ארטיקלען זיינען געשריבען אין אביסעל צו א שווערער שפראך, און זיינען איבערפילט מיט אויסלענדישע ווערטער.

שובין איז אין רוים. ער האָט זיך אינגאנצען אוועקגעגעבען זיין קונסט, און ער איז פאררעכענט פאר איינעם פון די מערקווירדיגסטע און פיעל פארשפרעכענדען יונגען שניצער אָדער סקולפטאָר. שטרענגע פוריסטען געפינען, אז ער האָט ניט גענוג גוט דערלעהרענט די אור-אלטע קונסט; אז ער פארמאָגט ניט קיין „סטיל", און זיי רעכענען איהם צו צו דער פראנצויזישער שולע; ער קריגט א וועלט מיט באשטעלונגען פון ענגלענדער און אמעריקאנער. אין דער לעצטער צייט האָט זיין ווערק „וואסקאנקא" אנגעמאכט א סך טומעל; א באוואוסטער רוסישער גביר, פירסט באבאשקין, האָט זיך געקליבען זי צו קויפען ביי איהם פאר טויזענט סקודים; אָבער ער האָט בעסער באצאָהלט א פראנצויזישען סקולפטאָר, pure sang, דריי טויזענט סקודים פאר א גרופע, וואָס האָט פאָרגעשטעלט א יונגע דאָרפס-מיידעל, וואָס שטאַרבט פון ליבע אויפ'ן ברוסט פון דעם „זשעני פרילינג". שובין שרייבט זיך ווען ניט ווען דורך מיט אואוואר איוואנאָוויטש'ען, וועלכער האָט זיך אויף קיין האָר ניט געענדערט אין קיין זאך. „געדענקט איהר — האָט ער איהם דאָ ניט לאנג געשריבען, — אין יענער נאכט ווען מיר האָבען זיך דערוואוסט וועגען דער אָרימער יעלענא'ס חתונה, ווען איך בין געזעסען אויף אייער בעט און געשמועסט מיט אייך? געדענקט איהר, איך האָב דאן געפרעגט ביי אייך צי עס וועלען אויסוואקסען און זיין ביי אונז מענשען? און איהר האָט מיר געענטפערט: „עס וועלען זיין". אָ, שווארצערדישע קראפט! און אויך איצט, פרעג איך אייך פון דאנען, פון מיין „שעהנער ווייטקייט", איך פרעג נאָך אמאָל: נו, וואָס אואוואר איוואנאָוויטש, וועלען זיי זיין? און אואוואר איוואנאָוויטש האָט זיך א שפיל געטאָן מיט די פינגער און האָט אנגעשטעלט אין דער ווייט זיין רעטזעלהאפטען בליק.